ראָמען ראָלאַן

# קאָלאַ ברעניאָן

איבערזעצט פון פראַנצויזיש יונה שפער

צווייטע אויפלאַגע

ווילנע — 1936

פאַרלאַג „טאָמאָר"

# הקדמה

פאַר די לעזער פונם ראָמאַן „זשאַן קריסטאָף" וועט דאָס בוך אַוודאי זיין אַ חידוש. אָבער קיין מאָל ניט אַזאַ גרויסער חידוש, ווי פאַר מיר אַליין.

לעולם האָב איך געגרייט גאָר אַנדערע ווערק לגמרי — אַ דראַמע מיט אַ ראָמאַן אויף מאָדערנע טעמעס אינם מרה־שחורה־דיקן גייסט פון „זשאַן קריסטאָף". פלוצלונג אָבער האָב איך גע־מוזט אַוועקלייגן אָן אַ זייט אַלע מיינע נאָטיצן און זיך אַ נעם טאָן פאַר דעם פריידיקן ווערק, וואָס מיט אַ טאָג פריער האָב איך אַפילו דערפון ניט בדעה געהאַט צו טראַכטן.

ס'איז געווען עפּעס אַ מין פלוצלונגער שטראָם פון פרייהייט נאָך צען יאָר תפיסה אינם פאַנצער פון זשאַן קריסטאָף, וואָס איז אויף מיר תחילת געווען געפאַסט, נאָר שפּעטער־צו געוואָרן צו שמאָל. איך האָב דערפילט אַן אומבאַצוויגלעכן דראַנג צו פרייער גאַלישער חדווה, אַזש ביז חוצפה פרייער. אַגב, האָט מיין אומקערן זיך אויף די היימישע חורבות, וואו איך בין פון מיינע קינדער־יאָרן אָן ניט געהאַט געווען, מיך אויפּראָסניי דערנענטערט צום ראָ־זיקן קאַנט, צו דער ניווערנעישער בורגונדיע, און אויפגעוועקט אין מיין נשמה דעם גאַנצן עבר, וואָס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז ער איז שוין אַנטשלאָפן געוואָרן אויף אייביק — איך מיין די אַלע גוטע פירות, די קאָליאַ ברעניאָנס, וואָס זיינען אין מיר געווען פאַר־באָרגן. איך האָב געמוזט פאַר זיי אָנהייבן ריידן. די געמיינע פלוי־דערזעק האָבן זיך אין זייער לעבן נאָך אַלץ ניט נעקענט אויס־ריידן! צום גליק האָט זייער אוראייניקל גראָד געקענט די מלאכה פון שרייבן (זיי פלעגן אָפט אַזש חלומען וועגן דעם!), האָט מען

מיך גענומען פאַר זייערס אַ סעקרעטאַר. בחינם האָב איך זיך גע־פרוווט אַרויסדרייען פון עסק:

— איר האָט, זיידעשי, זיך גענוג שוין אָנגערעדט אין אייער לעבן. לאָזט מיך אויך אַ וואָרט אַרויסריידן. איצט בין איך דאָך בר־מצר.

זיי האָבן אָבער נעטענהט:

— דו, שנעק איינער, וועסט נאָך צייט האָבן אַ ביסל שפּע־טער. קודם־כל האָסטו ניט קיין לייטישערע זאַכן פאַר אונז צו דערציילן. זעץ זיך, הער זיך צו און לאָז קיין איין וואָרט ניט דורך... אַנו, אייניקל, טו צוליב אַן אַלטן מאַן; מיט דער צייט וועסטו אַליין אויך פאַרשטיין, ווען עס וועט קומען דיין צייט... דאָס ערגסטע, פאַרשטייסטו מיך, איז אין טויט דאָס שווייגן...

מילא, וואָס זאָל איך טאָן? כ׳האָב געמוזט מסכים זיין און זיך זעצן שרייבן אונטער דיקטאַט. איצט בין איך שוין פון דער אַרבעט פטור, איך בין שוין ווידער אַ פרייער מענטש (אַזוי, לכל־הפחות, דאַכט זיך מיר), כ׳וועל זיך ווידער אַ נעם טאָן פאַרן אי־בערגעריסענעם פאָדעם פון מיינע אייגענע רעיונות, — סיידן עפּעס אַן אַנדערער אַלטער פּלוידערזאַק וועט קומען פון קבר איבערגעבן זיינע זכרונות די קומענדיקע דורות.

איך גלייב עפּעס ניט, אַז די געזעלשאַפט פון מיין קאָליִבל זאָל אַזוי וויילן דעם לעזער, ווי דעם מחבר. דאָך דאַרף מען נע־מען דעם בוך אָן חכמות, אַזוי ווי ער גייט און שטייט. פאַראַן דאָרט שלמות, פשטות, ניטאָ דאָרט קיין כוונות אַנדערש צו מאַכן דעם סדר־עולם אָדער אויסצוטייטשן די וועלט, ניטאָ דאָרט קיין פּאָליטיק, ניט קיין מעטאַפיזיק, — דאָס איז אַן אמת פראַנצויזיש בוך, וואָס לאַכט פון לעבן מחמת ליבע און פילט זיך דערינען— ממש אַ מחיה. מיט איין וואָרט, ווי זאָגט עס זשאַנאַ ד׳אַרק (אָן איר נאָמען קען מען זיך אין אַ גאַלישער מעשה לחלוטין ניט באַגיין): מיינע פריינד — "Prenez en gré„ — נעמט עס אָן פאַר גוט און האָט ניט קיין תרעומות.

ראָמען ראָלאַן

מאַי 1914

# ראָמען ראָלאַן און קאָליאַ ברעניאָן

ס׳איז גענוג צו פאַרזוכן איין שורה, ווי אַ שטרענגעלע שמעקעדיקע מאַלאַגע, כדי צו דערפילן דעם טעם פון „קאָליאַ ברעניאָן״; ס׳איז אָבער ווייניק צו לייענען, ווי אַ געשמאַקן ראָמאַן, דאָס גאַנצע ווערק, כדי צו זעטיקן די הנאה מיטן דערפרישטן און באַגליקטן ראָמאַן ראָלאַן.

ווי פון אַ צייטיקן געל־ברוינעם פערזשעך מיט אַ דין סאַמע־טענער הויט, מוז מען אַרויספרעסן דאָס פלייש און אויסזשלאָקען דעם זאַפט פון „קאָליאַ ברעניאָן״, עס זאָל רינען איבערן מויל, זיך גיסן איבער די הענט, צעגיין אינם בלוט און פאַרכליניען די זעל.

צוואַנציק יאָר איז ראָמען ראָלאַן געווען באַהערשט פון דער מאָנאָמאַניע: מענטש. ער האָט זי, ווי יאָניזירטע שטראָמען פון וואַנזין, דורכגעלאָזן אין דראַמאַטישע און עפּאָפּעיִשע וואַריאַציעס דורך זיין 14טן יולי, דאַנטאָן, די וועלף, זשאַן קריסטאָף.

מיט געצנדינערישן אייפער האָט ער געדינט דער דאָזיקער עבודה־זרה זיינער: מענטש און געלאָזט בלויז טליען אין דער לאַמפּאַדע: קונסט, ווי אַ העלע ליבט־מאַנדל, דאָס פלעמל פון פרייד און גליק, וואָס האָט נישט געקענט סטייען אפילו פאַר זיין אייגענעם געברויך, בפרט נאָך פאַר פרעמדן גענוס.

ראָמען ראָלאַן, וואָס האָט, אָנשטאָט ביאָגראַפיעס פון מיקעל־אַנדזשעלאָ, טאָלסטאָי, בעטהאָווען און גהאַנדי, געשאַפן הערלעכע בילינעס פון הערויִשע מענטשן פון גייסט, האָט נישט געשטרעבט צו זיין קיין ווירטואָז פון קונסט, נאָר געגאַרט צו ווערן קאָמפּאָזיטאָר פון לעבנס.

שוין זיינע דראַמעס זיינען נישט קיין קינעטיש באַוועגנע נאַטיור=מאָרטען, נישט קיין אָפּגעשיילטע פון קאָלקאָמאַניע זשאַנר=בילדער, נישט קיין ראָמאַן אין פינף טיילן מיט אַ פּראָלאָג, וווּ עס איז דאָ מער שלאָפצימער, ווי דראַמע, און מער שלאָפגעטראַנק, ווי קונסט, נאָר לעבעדיקער שטורעמדראַנג פון צייטן און ברויזונג פון מענטשן.

ער האָט דעם עראָס פאַרביטן אויפן העראָס.

דעריבער איז ער אין ערגעץ נישט קיין איבערשאַפער פונם געזעהענעם און געהערטן, נאָר באַשאַפער פונם געוואָגטן און געשטרעבטן.

זיינע פּערסאָנאַזשן זיינען נישט געשניצט און געזעגט לויטן מוסטער פון דער נאַטור, נאָר צונויפגעקנאָטן און צונויפגעגאָסן לויט זיין אייגענעם באַגער און איינזען [1].

נאָך זיינע דראַמעס איז ראָמען ראָלאַן גאַנצע צען יאָר, ווי אַ מאָנאַך אין אַ פינסטערער צעלע, געווען פאַרשפּאַרט אין זיין „זשאַן קריסטאָף". ער האָט אין די צען בענדער, וואָס האָבן אים געדריקט ווי שטייפביינדלעך [2] פון אַ קאָרסעט און פאַרפּרעסט דעם אָטעם ביז שווערע אַסטמע, געפּרוווט אויסגלייכן די שאָלן פון מזל מאזנים, אויף וועלכע עס האָבן מרה=שחורהדיק באַלאַנסירט אַרויף און אַראָפּ: לעבן און מענטש, גערעכטיקייט און אומווער=דיקייט.

דאָס איז שוין נישט געווען בלויז בילינע, נאָר גרויסע מוזיקאַלישע סאַגע פון הערויִשער זוכעניש און ראַנגלעניש, בלאָנ=דזשעניש און וואָגלעניש פונם מענטש זשאַן קריסטאָף און פונם דיכטער ראָמען ראָלאַן... דער קאַמף פון זשאַן קריסטאָף מיטן לעבן איז געווען גערענגל און הערויִזם; זיגפריד און דראַכען.

די רייכקייט פון פּאַסירונגען און געשעענישן איז גיכער פּרעטעקסט פאַר איבערלעבעניש, ווי עפּאָפּעע פון אַ צייט און דער=ציילונג וועגן אַ מענטש. דאָס איז געווען דער פּערזענלעכער

---

1 מיקעל-אַנדזשעלאָס פיגורן און בעטהאָווענס סימפאָניעס.

2 פישביינדלעך.

באגאזש, מיט וועלכן דער שרייבער האָט באַלאָדן זשאַן קריסטאָפֿן, וואָס האָט מיטגעמאַכט מיט ראָמען ראָלאַנען זיין פאַרגעניגן פון אַ זעלבסטפּייניקער צו דערדריקן — קעגן אַלעמענס שפּאָט און האַס — די אומווירדיקייט און אַרויסצוברענגען די גערעכטיקייט.

ראָלאַן איז נאָך דעמאָלט נישט געווען קיין פראַנצויזישער שרייבער, כאָטש ער האָט געשריבן אין דער פראַנצויזישער שפּראַך.

דער דאָזיקער שווייצאַרישער וועלט־פּרוש איז שוין דע־מאָלט — אין אַלע זיינע ווערק פון יענער צייט — געווען שוויי־צאַרישער וועלט־מענטש.

ער האָט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן, ווי אַ לייכטן גומי־מאַנטל, די הויט פון אַ פראַנצויז און אַרויפגעצויגן אַ מאַנטל פון וועלט־בירגערשאַפט און וועלט־מענטשלעכקייט, אימפּרעגנירט, ווי נאָך סובלימאַט, מיט עטיק און מאָראַל.

ער האָט זיינע ווערק, וואָס זיינען אַ ריזיקער מאָנומענט פון פּאַן־הומאַניזם (ווי עראַזמוס פון ראָטערדאַם הערשט איבער ראַבעספּיערן און דאַנטאָנען), געשריבן מיט צען יאָר צו פרי. מיט צען יאָר שפּעטער וואָלטן די ווערק פון זוכן געוואָרן ביי אים ווערק פון געפינען, זיי וואָלטן געווען די גרויסע מוזיקאַלישע סאַגע פון פּאַן־קאָמוניזם (ווי טאָמאַס מאָרוס און קאָמפּאַנעלאַ זיינען איינגע־פאַסט אין אַן איינבונד פונם דיאַלעקטישן און געזעצמעסיקן קאַרל מאַרקס).

ס'איז אים שווער געווען דאָס לעבן פון אַ שרייבער מיט אַ לאַנד, אָבער אָן אַ היים. ס'האָט אים מיד געמאַכט די אומ־דאַנקבאַרע אַרבעט און די פאַרביטערונג קעגן אים, דעם אונטער־צינדער און צעשמעטערער פון אַזוי פיין איינגעבירגערטע און אַזוי גוט אויסגעפּרוּווטע געזעצן און נאָרמען. דער איבערוווקס פון האַרץ ביי אים, ראָמען ראָלאַנען, און זיין גרויסע אַרבעט און שווערער קאַמף צוזאַמען מיטן באַטויבטן און פאַרנעפּלטן פון מוזיק־קלאַנגען זשאַן קריסטאָף, האָבן אַפילו דעם דאָזיקן גייסטיקן גבור דערשלאָגן. די לאַנגע מרה־שחורה פון איינזאַמען שאַפן האָט גע־מוזט אָדער אים איינגאַנצן אָפּטויטן, אָדער אויפוועקן דעם ווילן צו געפינען זיך אין זיך אַליין, דעם פאַרבאָרגענעם קינסטלער און

דיכטער פון רייכקייט און שענקייט, וואָס איז נאָך אַלעמען דאָך פאַראַן אין לעבן און אין דער נאַטור.

ביז עס איז פּלוצלינג געקומען דאָס פּערזענלעכע און שעפּע־רישע גליק: „קאָליאַ ברעניאָן".

עס איז געקומען דאָס ווערק, וואָס איז זוניק געטראַנק פון ליכטיקער פרייד און פון פריידיקער שכרות. עס האָט געשפּרודלט און געפינקלט דערפון גליקלעכע פרייהייט און זינדיקע לעבנסלוסט, לויטערער הומאָר און הייטערע לעסטערונג.

נאָך דעם דראַזיקן ווערק האָט שוין געקענט נאָכקומען די גאַנצע ווייטערדיקע שאַפונג.

עס האָבן שוין געקענט טריפן, ווי לויטערע טראָפּנס, די בלויע טעג פונם פּאַסטאָראַלן־ליד „פּיער און לוציע". ער האָט שוין געקענט קומען צו חלום דער וועלט מיט דער פּאַרכּישופטער נשמה אין דער טראַגישער אידיליע פון „אַנעט און סילוויע" און „זומער". ער האָט שוין געקאָנט אָנשטרענגען אויפדאָסניי די מוסקולן אַרויסצושלעפּן די מטורפע מענטשהייט, ווי אַ פּאַרזונקע־נעם גלאָק, פונם בלוטיקן אָפּגרונט; ער האָט מיט דערפרישטער קראַפט און פאַרשטאַרקטן מוט געקענט זיך אומקערן צוריק צו זיין עבודה זרה: פולקומענער מענטש, ווייל ס'האָט שוין הערלעך געלויכטן זיין פּערזענלעך גליק: צעבליטע קונסט.

אויב ראָמען ראָלאַן איז נישט געוועזן ביז אַהער פראַנצויזיש, איז ער פאַרדאָס געוואָרן מיט איין מאָל גלייך בורגונדיש.

ראָמען ראָלאַן האָט אַליין, ווי אין גאָלדענעם יונגהאַרבסט, אַריינגעכאַפּט אין זיך דעם געמיש פון זון און ווין פון „קאָליאַ ברעניאָן".

דער גרויסער חשק צו געניסן פונם לעבן, די פילאָזאָפיע פון גענוס, מיט וועלכער קאָליאַ קען אָנשטעקן און פאַרטיילן טויזנטער פאַרלאָרענע און דערשלאָגענע, האָט קודם כל זיך אַריינגעגאָסן מיט אַ שטראָם מוט אינם בלוט פונם דיכטער. אָנשטאָט גייסטיקע פילאָזאָפיע פון מאָראַל, איז געקומען פיזיש פאַרגעניגן פון גענוס. ברעניאָן האָט גובר־געווען ראָלאַנען [1]. אָנשטאָט דעם פּעסימיזם

---

1 דאָ האָט דער גולם באַזיגט דעם מהר"ל.

פון אַן איינזאַמען שרייבער, איז געקומען דער אָפּטימיזם פון אַ באַ־שאַפענעם פריינד.

ראָמען ראָלאַן, פאַר וועלכן גאַנץ פראַנקרייך איז געווען אַ צו ענגע היים, האָט אינם ברעקל בורגונדיע געפונען די רחבות־דיקע וועלט.

ער איז אַליין געבליבן ווי פאַרגאַפט און פאַרשעמט פונם שטיפערישן און יוגנטלעכן איינפאַל: „קאָליאַ ברעניאָן". ווי אַ יונגער קינסטלער, וואָס גיט אָן זיין רייף ווערק מיטן נאָמען פון אַן אַלטן מייסטער, פעלשט ראָמען ראָלאַן זיך אַליין און טראָגט אַריבער דעם דיכטערישן פאַל קאָליאַ פונם צוואַנציגסטן אינם זעכצנטן יאָרהונדערט. ער ארכאַיִזירט דאָס ווערק, פאַרגרינט עס מיטן פאַטין און פאַרציט מיט זון־און־שפינוועבס. אָבער פּאָעמע פון גליק בלייבט פאַר אַלע צייטן און דורות פּאָעמע פון גליק: אין לאַנד און אין צייט פון אַנאַקרעאָן, צי האָראַציוּס, פעטראַרקאַ, צי ראָלאַן.

קאָליאַ ברעניאָן איז נישט קיין גאָבעלין, אָדער אַרראַס, געהאָפטן אויפן פאָן פון געשיכטע. דאָס אַלטע קלאַססי פון דער געשיכטע שווימט דאָ אַרויס וֵוי אַן אונטערגעגאַנגענע שיף פון דער זאָרגלאָזער אימפּראָוויזאַציע „קאָליאַ ברעניאָן".

ראָמען ראָלאַן האָט דאָס ערשטע מאָל אפשר גענומען ירושה ביי די דורות געניאַלע פראַנצויזישע שרייבער (ער האָט נישט פאַרשעמט ראַבלען און נישט געלאָזט זיך איבעריאָגן פון בראַנ־טאָמען, נישט גענומען ביי זיי אויף באָרג, נאָר געגעבן אַ רעשט מיט אַ פולקומענער שפּראַך און גאָלדענעם סטיל).

קאָליאַ ברעניאָן דערציילט זיין לעבן מיט אַזאַ הנאה, ווי ער וואָלט צו יעדער צייט עס גרייט געווען איבערצוחזרן אויפראַסניי.

ער האָט נישט געדאַרפט אַריינלייגן אין לעבן קיין זשעני, עס איז געגוג געווען עס אַרויסצוציען פון דער שייד פון דער וועלט, ווי אַרבעס פון דער שויט, ווי די זון ציט אַרויס דעם טאָג פון דער נאַכט, ווי דער שילדקרויט שטעקט אַרויס דעם קאָפּ פונם מושעל־שאַרבן.

אַנשטאָט צו שפּאַצירן אומעטיק איבער די גאַסן פון פּאַריז און לאָנדאָן מיט אַ זון־רויז אין דער האַנט, כּדי צו אימיטירן דעם פּרינץ אָף ליוו פאַר פרעמדע צושויער, קען קאָליאַ ברעניאָן פריילעך אומטראָגן אַ דורכשלאָק אויפן קאָפּ, געפּלאָכטענע קוויליטשן אויף די פּיס און אויף אַ שטעקן איבערן אַקסל אַ זעקל: „גוט־יום־טוב־אינדערוואָכן" איבער קלאַמסי און ברעוו, און זיין דער אמתער קיניג פון גליק פאַר אייגן פאַרגעניגן.

קאָליאַ ברעניאָן לייגט אריין אינם גענוס פונם לעבן בלויז דעם גענוס פונם לעבן. דעם זעלבן גענוס לייגט ער אויך אריין, דער דאָזיקער אומבאַקאַנטער וויט סטוואָש פון ראָלאַנס פּאָעמע, אין פראַכטפולע האָלצשניצערייען און האָלצפאַנטאַזיעס, וואָס זיינען ביי אים פריידיק לעבן, ווי דאָס לעבן אַליין.

ער איז נישט קיין געדונגענער קנעכט פון עולם הבא, נאָר אַ פרייער ציגיינער מיט אַ היים און פליכט אינם עולם הזה.

קאָליאַ וואָלט זיך געבאָדן אין וויין, געפרעגלט אויף דער זון, אויסגעקניפּט אַלע מיידן און געזאָגט וויצן און גראַמען, נישט ווי אַן אָפיציעלער חכמה־זאָגער, נאָר ווי אַ פריוואַטער לץ פון זיין ליבן נאָמען.

זיין הויז איז פאַר אים ווי אַ שאָדעלע פאַר הינער אויף רו; די וועלט — צו אָטעמען אויף דער פריי.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דער ווייַלע: לעבן אין דער קרעטשמע, טאָר מען נישט פאַרפּאַסן, נאָר מ׳מוז פאַרשיכּורן דעם לאַנגווייל: אייביק.

אין שיין פון הערלעכקייט און הייליקער אייביקייט וועט ער שפּאַצירן אויף יענער וועלט; דאָ מוז מען געניסן דעם גאַנצן לויתן, דעם שור־הבר און דעם יין־המשומר און נישט לאָזן קיין עוקץ אויף אַ רפואה, אָדער אויף ירושה.

לויטן וועלפישן הונגער נאָך לעבן, שטיפעריי און שפּילעריי, ווערטלעך און קאַטאָוועס, איז ער נאָענט דעם ביאָלאָגיש געקרייצטן טיפּ: טוביה דער מילכיקער און הערשעלע אָסטראָפּאָליער,—ער איז בלויז פאַרגאָסן מיט בורגונדישער זון און זינגענדיקן ווייַן, איז

געווירצט און געפּעפּערט, מער פאַרליבט אין לעבן און אינם אַפּעטיט צום געניס.

קאַליאַ מוז פון אַלעמען געניסן.

זיין לעבעדיק בלוט קען נישט ווערן געשטעלט אויף זויער-מילך, נאָר עס מוז ווי הייסער פונש אין אים זיך איבערגיסן, ווי אין קרישטאַלענע געפעסן.

און ראָמען ראָלאַן לאָזט קאָליאַ ברעניאָן האָבן פאַרגעניגן פון אַלץ, וואָס זיין האַרץ פאַרגלוסט זיך.

צי ווען קאָליאַ מאַכט אַ רשימה פון זיין פאַרמעגן, צי ווען ער דערציילט זיינע ליבע-פּאַסירונגען און שטיפעררייען פון אַמאָל, צי ווען ער איז באַהערשט פון אויפריכטיקן אומעט ביים שטאַרבן פון דער אַלטער, מיט וועלכער ער האָט דאָך „אויסגעשפּילט פיר בנים מיט אַ טאָכטער אויף נישט-צוגעפּאַסטע אינסטרומענטן", צי ווען דאָס אייניקל איז קראַנק, ווען ער ווילט זיך, ווען ער טרויערט, ווען ער מאַכט חוזק און וויצלט זיך פון און מיטן פראָבסט, ווען ער איז ערנסט אין זיין פאַך און איינזאַם אין זיין קראַנקהייט — איז אַלץ געזאַנג פון לעבן און לעבן פון איין באַגער.

זיין יעדער טאָג איז אַ דאַ קאַפּאָ פון אַן אָראַטאָריע פון לעבן, וועלכער עס שאַדט גאָרנישט צו בלייבן גאָטדינסט צום לעבן און נאַטור — סיי דער פעפערדיקער וויץ, סיי די לעסטערונג, סיי דאָס פייפן אויף דער וועלט, סיי די ווילויונגערישע שטיפעררייען. אַלץ איז מכפּר איין רעפריין:

„ס'רוישט אין קאָפּ ביי מיר מיט האַסט,
ווי אַ שענק — בין איך אַ גאַסט,
פול מיין בויך איז ווי אַ שייער,
כ'ליב אַנעט — מאַרי איז טייער,
פרעסט דער וואָרעם אונז אין גויט —
חי — געלעבט איז ביזן טויט.

י ו נ ה ש פ ע ר.

דעם הייליקן מאַרטין דעם נאַלישן,
דעם אַפּוטרופּס פון קלאַמסי —
געהייליקט.

דער הייליקער מאַרטין איז זאַט און שיכּור.
וואַסער איז אונטער דער מיל נאָר דער עיקר...
(אַ ווערטל פון XVI יאָרהונדערט)

I

# דער לאָרך פון גראָמניץ.

געלויבט זאָל זיין דער הייליקער מארטין! די געשעפטן זיינען טויט! ניטאָ אגב ביי וואָס רוק און לענד צו צעברעכן! גענוג זיך אָנגעארבעט אין לעבן. צייט זיך א ביסל אָפּצורוען. איך זיץ זיך דעריבער רויק ביים טיש... א שאָל ווייַן פון רעכטס, א טינטער פון לינקס, אנטקעגן ווידער, צעשפּרייט די אָרעמס, ווי צום ארומנעמען, א ניי ריין העפטל. פאַר דיין געזונט, זונעלע!... און איצט לאָמיר זיך א ביסל דורכשמועסן. פון אונטן דערגייט עפּעס א גערויש; דאָס מאכט דאָרט מיין אלטע, ווי תמיד, אירע קולות. דער ווינט וויינט הינטער די פענסטער, דער פּאָליטישער האריזאָנט ווערט שוין עפּעס ווידער פארכמארעט... נאָר מיין דאגה! אָ, ס'אַר א פרייד, ס'אַר א אמתע שמחה ס'איז צו זיין אזוי אויג אויף אויג מיט זיך אליין. צו דיר וועגד איך זיך עס, הערסט, דו שכורע צורה מיט דעם שיינעם פורפור, דו צעשמייכלטע צורה טייערע, מיט דער נאָז ווי א טרומייט, וואָס איז אין יעדן פיצל בורגונדיש און האלט זיך צווישן די אויגן אזוי וואוילויונגעריש, ווי א הוט, וואָס איז אראָפּגערוקט אזש אויפן אויער.

כ'ווייס אליין ניט, צו אלדע רוחות, וואָס איך צאצקע זיך עס אזוי מיט דיר, וואָס עס ציט מיך אזוי זיך כסדר אליין אריינצוקוקן אין פּרצוף, וואָס איך פיר אזא חשבון מיט יעדן שמייכעלע פון מיינע רונצלען, וואָס איך גריבל זיך אזוי אין די טיפענישן פון האַרץ, ווי אין א קעלער הינטער א בוטל אלטע, שטארקע איינגעשטאנענע זכרונות.

אָט טרוימט מען. אָבער באשרייבן די טרוימען? איבעריקנס, וואָס רייד איך? איז עס דען א טרוים? די ברייט געעפנטע אויגן

זעען קלאָר: אויף די שלייפן וועבט זיך שוין טאַקע אַ נעץ מיט רונצלען, דער בליק איז אָבער אַ רויקער און טראַציקער. מענטשן זאָגן, אַז איך האָב איינגעפאַלענע אויגן, אָבער וואָס גייען מיך אָן מענטשן? ניט איך טרוים, ניט איך פאַרשרייב די טרוימען. איך דערצייל בלויז, וואָס כ'האָב געזען, געהערט, געטאָן. אפשר איז עס אַ שטות? וואָרעם פאַר וועמען, צו אַלדע רוחות, שרייב איך עס?

צוליב רום... אָ-אָ-אָ... ניין! אַזאַ טיפּש בין איך נאָך ניט, איך מאַך ברוך-השם פון זיך ניט אַזאַ וועזן! פאַר די אייניקלעך? פוי! וואָס-זשע וועט פון מיינע שמות ווערן אין אַ יאָר צען אַרום? מיין אַלטע איז אייפערזיכטיק, ווי דער שטן-המשחית און פאַלט אַמאָל אַריין אַ שטיק פאַרשריבן פּאַפּיר אין אירע נעגל, איז היידאַ גלייך אין אויוון אַריין. פאַר וועמעס-זשע וועגן שרייב איך?

פאַר זיך!... פאַר אייגענער הנאה וועגן, שרייב איך... מחמת כ'זאָל נישט שרייבן... וואָלט מיך פשוט די ניכפּה כאַפּן! האָ! האָ! איר מוזט וויסן, אַז דער חשק צו שרייבן קומט צו מיר בירושה. דער זיידע מיינער, עליו-השלום, פלעגט בשום אופן ניט קענען אַנטשלאָפן ווערן אין בעט, כל-זמן ער האָט שוין ניט געהאַט פאַרצייכנט, וויפיל וויין ער האָט פאַר דעם טאָג אַריינגעגאָסן און... צוריקגעגעבן. ער האָט אַלץ כסדר געמוזט פאַרצייכענען און פּטור.

די מעשה איז אַזוי. איך מוז זיך אויסטענהן. און גיי, אדרבא, צי אָן דאָ אין מיין קלאַמסי עמעצן אויף לשון, אַז כ'בין איינער אַליין. איך מוז פון זיך אַרויסציען דעם שפּונט, זיסט טויג עס אויף אַלדע קלאָגן. דערצו האָב איך נאָך אַ ביסל אַ צו לאַנגע צונג אויך...

ווען עס זאָל אַזוי עמעץ צופעליק מיך הערן... וואָלט איך אוודאי געכאַפּט איבערן מוח! פאַרפאַלן איך בין שוין אַזאַ! איבע-ריקנס, ווען אַ מענטש זאָל אין לעבן ניט איינשטעלן זיך כאָטש אין איין זאַך, וואָלט ער געפּגרט פון לאַנגווייל. כ'האָב ליב, ווי אונ-זערע גרויסע קאַשטאַנענע אָקסן, איבערצוקייען אינאַוונט, וואָס כ'האָב געגעסן אינדערפרי. ס'איז אַ תענוג דאָס איז צו באַקוקן, דרייען, נישטערן אַלץ, וואָס מען האָט געטראַכט, געזען, צונויפגעזאַמלט, ס'איז אַ היות דאָס איז צו געבן דאָ אַ שנאַפּ, דאָ אַ לעק, דאָ אַ שמעק—

און לאָזן עס פּאַמעלעך צעגיין אויף דער צונג... פּאַמעלעך אַראָפּ־שלינגען. אַזאַ מין תענוג האָט אַ מענטש, ווען ער דערציילט זיך פון אָנהייב אָן אַלץ, וואָס ער האָט בחפזון אויפגעכאַפּט, בעת ער האָט קיין צייט ניט געהאַט רויק און מיט קאָפּ עס צו באַטראַכטן

ס'איז אַ מחיה צו שפּאַצירן איבער דער אייגענער אַלוועלט און חזרן הונדערט מאָל דאָס אייגענע: דאָס איז מיין, דאָס אַלץ איז מיין, איך בין דאָ דער האַר און דער מושל! ניט קיין האָגל און ניט קיין פראָסט, ניט קיין טריקעניש האָבן דערויף קיין שליטה ניט. און ניט דער פויפּסט און ניט דער קיניג... און אפילו מיין אַלטע קליפּה... וועט זיך דערמיט אויך קיין עצה ניט געבן!

איך מוז אייך, מיינע ליבע, וויזן מיין אוצר!

*

*

קודם־כל דערלאַנגט נאָר אַ בליק אויף דעם טייערן אבן־טוב, איך מיין טאַקע זיך אַליין — קאָליאַ ברעניאָן! אַ יונג — כאָטש צו אַ מכה צוצולייגן, אַן אמתער בורגונדער, אַ ביסל אַ רונדלעכער, אָבער די אויגן פלאַם־פייער, שוין אפילו ניט קיין נעכטיקער און די ביינער זיינען שוין אין איין קופּע צונויפגעדריקט, אָבער ער האָט נאָך געזונטע ציין, אַ לעבעדיק פּנים; אַלאָ, די טשופּרינע איז שוין אַ ביסל ווייסלעך... — מילא, פאַרפאַלן... — ער האַלט דאָך שוין ביי פופציק מיט אַ שמיץ אַריבער!

איך וועל אָסור ניט לייקענען, אַז כ'וואָלט ליבערשט וועלן, דער אבן־טוב זאָל זיין... אַ בלאָנדין. כ'וואָלט מסכים געווען אַראָפּ־צוּוואַרפן פון די אַקסלען אַ יאָר צוואַנציק־דרייסיק. אַזאַ געשעפט בין איך צו יעדער צייט מוכן ומזומן צו מאַכן. פאַרגעסט ניט, מיינע ליבע, אַז פופציק יאָר איז אַ גאַנץ פיינע עלטער. איר לאַכט, יונגעלייטלעך? האַ? איר מיינט מסתמא, אַז אומשלעפּן זיך איבער דער וועלט, אָדער אַפילו איבער פראַנקרייך פון איין עק ביזן אַנדערן,

איז אַ שפּילעכל... און נאָך דערצו אין אַזעלכע צייטן, ווי אונזערע אין משך פון פופציק יאָר? גאָט מיינער! וויפל רעגן פאַלט עס אַראָפּ אויף אַ מענטשן, וויפל ווערט מען עס פון דער זון געפּרעגלט? מען קען זאָגן, אַז דער מענטש איז אין משך פון דער צייט געוואָרן געקאָכט, ווי פלייש, צוגעוואַרעמט, צוגעפּרעגלט און דערנאָך, לשם שינוי, געווייקט אין וואַסער. איך בין גענוג האַרט, אַז איך בין ביז היינט ניט צעקראָכן געוואָרן... וואָס? איך בין ווי אַ זאַך, וואָס איז פון אויבן אָפּגעקראָכן, אָבער וויפל צרות, דאגות, תענוגים, ממזר-שטיק, דערפאַרונג, משוגעתן, וויפל שטרוי און היי, וויפל פייגן און ווייִנטרויבן, נאָך גרינע און זיסע פּירות, וויפל דערנער און רויזן, וויפל געזעענע, אויסגעלייענטע, אויסגעלערנטע, פאַרמאָגטע און איבערגעלעבטע זאַכן! דאָס אַלץ איז אויסגעמישט אין מוח אין איין קאַשע. ס'איז אַ פאַרגעניגן ס'איז צוצוכאַפּן זיך צום אייגענעם מיסט-קאַסטן און דאָרט זיך צו גריבלען... גריבלען.

נו, געגוג, מיין קאַלעכל! מאָרגן וועלן מיר זיך אָנהייבן גריבלען. ווען כ'זאָל זיך היינט נעמען דערצו... וואָלט איך ניט באַוויזן אפילו צו מאכן קיין אויבנאויפיקע רשימה פון די סחורות, וואָס איך פאַרמאָג אויף מיין לאַגער.

ובכן: איך האָב אַ הויז, אַ ווייב, פיר זין, אַן אויסגעגעבענע טאָכטער (געלויבט זיין ליבער נאָמען!) אַן איידעם (האַ... מילאָ, אָן דעם גייט עס ניט!) אַכצן אייניקלעך, אַ גרוי אייזל, אַ הונט, זעקס הינער און אַ חזירל. ס'איז אַ עושר איך בין!

איך פאַרריכט מיר די ברילן און טרעט צו צו אַ גענויעם אַנאַליז פון מיינע אוצרות.

ווען די לעצטע, דעם אמת גערעדט, דערמאָן איך בלויז... לשם דערמאָנען. אָט איז איבער אייך אַלע פאַרביי די מלחמה... זעלנער, שונאים און פריינד... פאַרשטייט זיך, אַז דאָס חזירל איז איינגעזאַלצענערהייט פאַרצוקט געוואָרן, ס'אייזל פּאַרטיק געמאַכט, דאָס קעלערל אויסגעטריקנט ביזן דעק, און די הענער — שוין לאַנג אַרומגעצופּט...

וואָס שייך דעם ווייב... נו... האָב איך זי נאָך צו אַלדע שוואַרצע רוחות... עד-היום... אָ-אָ, איר הערט, ווי זי מאַכט קולות?

ס'איז ממש אוממעגלעך צו פאַרגעסן אָן דעם גליק... אַ וואויל פּיי־געלע... איך פאַרמאָג, פאַרמאָג זי, איך בין איר זיכערער באַלע־באָס! האַ, ברעניאָן, דו ביסט גאָרניט פון די קליינע לייט... אַלע זיינען דיר מקנא! מיינע הערן... ביטע זייער... איך בין בטבע ניט קיין עגאָיסט — מיר וועלן דורכקומען. ווער האָט חשק צו נע־מען מיין טורקלטויב? זי האָט אַ שלל מיט מעלות, זי איז שפּאָר־זאַם, אַרבעטזאַם, ניכטער ביז משוגעת, ערלעך ביז גאָר... און אַז. וו. און אַז. וו... וואָס אמת, זי איז פון די אַלע גוטע מידות גאָר ניט דיק געוואָרן. אַלס אַלטער בעל־עבירהניק בין איך זיך מודה, אַז ס'איז מיר ליבער איין פּעט עבירהלע, ווי זיבן דאַרע מצוות... (געננג אָבער, מען דאַרף שעצן גוטע מידות אויך, קוים איז עס אַזוי באַ־שערט... און ס'קען שוין אַנדערש ניט זיין!)

האַ, האַ, ווי די מכשפה רודערט עס אַרום איבערן גאַנצן הויז. אומעטום איז זי פול, כאָטש אַליין איז זי דאַר, ווי אַ שפּאָן, זי קערט איבער די חפצים מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף, וואָרטשעט, זידלט, שילט, קריכט כסדר פון בוידעם אין קעלער אַריין און פון קעלער אויפן בוידעם, און רוימט אויס דעם שטויב צוזאַמען מיט דער שטילקייט מיט אַזאַ עקשנות, וואָס איז גאָרניט משיג צו זיין.

שוין דרייסיק יאָר, אַז מיר האָבן חתונה געהאַט. דער רוח און זיין ליבער נאָמען ווייסן, צו וואָס איך האָב זי גענומען? איך האָב זיך געליבט אין אַ צווייטער, יענע אָבער האָט פון מיר גע־מאַכט חוכא וטלולא, זי ווידער האָט זיך איינגעעקשנט, אַז זי וויל דווקא מיט מיר חתונה האָבן, הגם איך האָב גאָר קיין חשק ניט געהאַט. זי איז געווען דעמאָלט אַ בלאַסע ברונעטין און האָט מיך דורכגעדרונגען מיט אירע פינקלדיקע אויגאַנעם. זי איז גרייט גע־ווען מיך דורכצוביסן, דורכצופרעסן, ווי וואַסער פרעסט דורך שטאָל. זי האָט מיך ליב געהאַט ביז שיגעון... ביז אויף טויט! זי האָט מיך פאַרפאָלגט, געיאָגט, געפּלאָגט (אָ, ס'אַר אַ שוטים די מאַנס־לייט זיינען!) ביז איך בין, אַ ביסל אויס רחמנות, אַ ביסל צוליב דעם, וואָס זי האָט געלאָקט מיין גאווה, לסוף אויס מידקייט (אַ פיין מיטל זיך אָפּצוורוען!) ועל־כולם — אויס השק פטור צו ווערן

פון דעם שלאַק (זשאַן דע וורי טוקט זיך אונטער אין וואַסער, כדי ניט צו ווערן אויסגעווייקט פון רעגן), סוף־כל־סוף געוואָרן איר מאַן! פון דער צייט אָן האָב איך פאַרמאָגט אַן אוצר פון לעבעדי־קער צניעות, און זי, דאָס וואוילע טייבעלע... איז זיך נוקם... איז זיך נוקם אָן מיר שוין גאַנצע דרייסיק יאָר וואָס איז די סיבה פון דער נקמה? זי איז זיך נוקם דערפאַר, וואָס זי האָט מיך ליב געהאַט. זי טרייבט מיך אַריין אין באָסט, ריכטיקער געזאָגט, זי וויל עס טאָן, אָבער... ניט דערלעבן וועט זי עס! האָ, האָ, איך האָב צו שטאַרק ליב רו און כ׳בין גאָרניט קיין טיפּש, כ׳זאָל אַריינ־פאַלן אין מרה־שחורה צוליב עפּעס דאָרט נאַרישע עטלעכע ווער־טער. דער רעגן פּויקט אין די שויבן? זאָל ער זיך גיין געזונטער־הייט... בעת זי דונערט... חלומט זיך מיר אפילו ניט... בעת זי בייזערט זיך... נעמט מיך אָן אַ חשק צו זינגען! און פאַרוואָס, צו אַלדע גוטע יאָר, זאָל איך איר פאַרווערן צו מאַכן קולות... מיט וואָסער רעכט? עס מוז דאָך פאָרט אַזוי זיין... איך ווינטש דאָך איר ניט זי זאָל אייננעמען אַ מיתה־משונה! אַ ווייב קומט אַריין... גייט די שטילקייט אַרוים! אָן אַלטער כלל! יעדער איינער זינגט זיך זיין ניגונדל: זאָל זי גאָר ניט וואַגן מיר דאָס מויל צו פאַר־מאַכן (אַ... זי וויסט גוט, ווי טייער זי וואָלט דערפאַר באַצאָלט) כ׳בין שוין ליבערשט מסכים, זי זאָל איר מיילעכל צעשפּרייטן פון איין אויער ביזן אַנדערן... יעדער האָן האָט זיך זיין טאָן!

איבעריקנס, הגם אונזערע כלי־זמר זיינען ניט איינגאַנצן צוגע־פּאַסט איינס צום אַנדערן, האָבן מיר פונדעסטוועגן גאַנץ פיינע שטיקלעך אויסגעשפּילט: אַ טאָכטער מיט פיר בנים. יעדער שטיק איז געמאַכט ווי אויף אַ באַשטעלונג, פאַרענדיקט, ווי עס געהער צו זיין. כ׳האָב ניט געשפּאָרט ניט קיין שטאָף, ניט קיין מי. צומ־בעסטן איז ביי מיר אַרויסגעקומען דאָס מיידל, אין דער פּרי געפין איך טאַקע מיין אייגענע זריעה... אַ סחורה די מאַרטע, אַ נוס אַ האַרטע! כ׳האָב געהאַט חיבוט־הקבר, איידער כ׳בין מיט איר צו־געשוואומען צום חתונה־ברעג. נו! ענדלעך שטייט זי אויפן אַנ־קער אומבאַשעדיקט! האַ... ס׳איז דאָך אַזוי אויך שווער צו האָבן צוטרוי צו אַ פרוי... אָבער דאָס איז שוין ניט מיין עסק! גענוג גע־

שטאַנען אויף דער וואַך, געגוג נאָכגעקראָכן, איצט קומט די ריי אויפן טייערן איידימל מיינעם... פלאַרימאַנד... ער האָט געקראָגן אַ טייג אַ נחת... זאָל ער נאָר זען, ס'זאָל אים אין אויווען ניט צו־געברענט ווערן.

בּיי יעדער מאָל, וואָס איך זע זיך מיט מאַרטינעטן, האָב איך מיט איר וויכוחים און מיר פאַרשטייען זיך איינס דאָס אַנדערע זייער גוט. אַ מזיק אַ מויד, זי ווייסט וואָס זי טוט, אפילו בּעת זי טוט אָפּ אַ שטות און איז דערצו זייער ערלעך... בּתנאי, אַז אַלץ זאָל געטאָן ווערן מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן. דאָס גרעסטע אומ־גליק איז פאַר איר לאַנגווייל. זי האָט ניט קיין מורא פאַר דאגות. דאגות דאָס איז קאַמף, און קאַמף איז פאַרגעניגן! זי האָט ליב דאָס לעבּן און ווייסט, וואָס גוט איז, פּונקט ווי איך. דאָס איז מיין בּלוט! נאָר... בּשעת כ'האָב אויף איר געאַרבּעט... בּין איך משמעות געווען צופיל גרויסמוטיק... עפּעס אַזוי דאַכט זיך מיר.

ערגער זענען אַרויסגעקומען בּיי מיר די בּחורים. די מוטער האָט זיך אַריינגעמישט און דאָס געבּעקס איז אַרוים אַ בּיסל רוי. צוויי פון זיי זענען פאַרפאַלענע פרומאַקעס. אַגב זיצט יעדער פון זיי אין אַן אַנדער זומפּל. איינער קריכט ניט אַרוים פון די גלחישע בּגדים און דרייט זיך אום צווישן נשים צדקניות און אַנדערע מינים צבועקעס, דער צווייטער איז אַ סאָלדאַט, האַלט מלחמה, שלעפּט זיך אום און כ'ווייס אַליין ניט, וואו ער שפּאַרט ערגעץ אָן. דער דריטער איז אַ הוגענאָט. כ'בּין אויסגעזעסן קוקו־אייער. לסוף, דער פערטער איז סתם אַ גאָרניט... עפּעס אַ נישטיק הענדלערל, אַ שטילס, אַ צעקראָכנס. וויפיל מאָל איך דערמאָן זיך אָן אים, כאַפּט מיר אָן געגעצן! די ראַסע אַנטפּלעקט זיך ערשט בּיי אַלע, בּעת מיר זיצן צוזאַמען בּיים טיש בּיי אַ פולער שיסל. קיינס פון אַלע זעקס שלאָפט ניט דעמאָלט און אַלע האַלטן זיך בּיי איין־און־דיזעלבּע איבּערצייגונגען. אַ נחת, ס'איז אַ בּילד דאָס איז. זעקס פּאָר בּאַקן אַרבּעטן ווי עס געהער צו זיין. די מיילער שלינגען שטיקער בּרויט, און יעדער איינער לאָזט אַראָפּ דעם ווייַן אין דעם קעלער פון זיין בּויך אָן אַ בּלאָק אָדער אַ שטריק.

די מטלטלים זיינען אָפּגעשריבּן, איצט גייט דאָס הויז. עס

איז ענלעך אויף מיין טאָכטער. כ'האָב עס געבויט פּאַמעלעך, מיט קאָפּ, גרינטלעך, באַנוצט זיך מיט שכל, מיטן חומר, און דערצו גע־בויט עס ניט איינמאָל, נאָר עטלעכע מאָל. עס שטייט אויפן ברעג ביווראָן אָן אומגעלומפּערטס, צונויפגעדריקטס און טוקט זיך אין גרינס, אַרומגערינגלט מיט אַלע מיסט-פעלדער ביים פאָרשטאָט, אין דער צווייטער זייט פון אַ נידעריקער האַלב-איינגעפאַלענער בריק, וואָס שטעקט מיט די פיס אין וואַסער.

קעגנאיבער דעם הויז שטייט דער שטאָלצער, שפּיציקער טו־רעם פון הייליקן מאַרטין, מיט אַ געשניצטן, ווי אַ האַפּט, פיעדע־סטאַל און געבלימטן פּאָרטאַל, אין וועלכן עס פירן, ווי אין גן-עדן אַריין, שוואַרצע, אַלט-רוימישע, שטייליקע טרעפּ. מיין הויז און וועלדער געפינען זיך שוין אויסער די מויערן פון שטאָט. אַזוי, אַז בעת מען דערהערט אויפן טורעם דעם שונאס קול, פאַרשליסט מען תיכף די טויערן, און דער שונא גייט זיך גלייך צו מיר אַריין צו גאַסט. כ'האָב בטבע אפילו ליב צו כאַפּן אַ שמועס, דאָך וואָלט איך זיך לגמרי באַגאַנגען אָן אַזעלכע וויזיטן. געוויינלעך, אַז איך גיי אַוועק, לאָז איך שטעקן דעם שליסל אין דער טיר. איך קום צוריק, טרעף איך שוין ניט קיין שליסל, ניט קיין טיר, בלויז די הוילע ווענט און אַ שטיקל דאַך. איך הייב דעמאָלט אָן צו בויען אויפ־דאַסניי. לייט טענהן צו מיר:

— שוטה, דו אַרבעטסט דאָך פאַרן שונא! וואַרף אַוועק דיין מילדוואָרעם-הייל און כאַפּ זיך אַריבער אין שטאָט אַריין, וועסטו זיין באַוואָרנט.

איך ענטפער:

— מיין טייערע לאַנדראַרי! אין דער מילדוואָרעם-הייל איז מיר זייער גוט. איך פאַרשטיי, אַז אַ מויער איז זיך אַ מויער. וואָס וועל איך אָבער זען, ווען כ'וועל זיין פאַרבאָרגן הינטער דער הוי־כער מויער? בלויז די מויער. די ניכפּה וואָלט מיך כאַפּן פון לאַנג־ווייל. בשעת אויפן ברעג ביווראָן זע איך אַ סך זאַכן און כ'האָב זיך פריי, וואו צוצולייגן. אין פרייע מינוטן כאַפּ איך גלייך פונם גערטל אַרויס איינדרוקן פון טייך, וואָס פליסט פּאַמעלעך, איך קוק אויף די קרייזן, וואָס מאַכן זיך ביי יעדער פליסק פון אַ פיש, —

אפילו די האָריקע געוויקסן אויפן דנאָ. איך קען דאָרט פאַרלאָזן אַ וועגטקע, וויקן די פיס, אַרויסגיסן אַ נאַכט־טאָפּ... מיט איין וואָרט — טאָן, וואָס מיין האַרץ געלוסט. איבעריקנס, זעסטו, ברו־דערקע, איך זיץ שוין דאָרט פון כמה יאָרן, שוין ניט כדאי זיך אי־בערצוטראָגן אויף אַן אַנדער אָרט. סיידן ס'וועט מיך ניט טרעפן עפּעס ערגערס ווי בּיז היינט. דו זאָגסט, אַז דאָס הויז וועט נאָכאַמאָל חרוב ווערן? קען זיין... איך האָבּ דאָך ניט קיין טענות, עס זאָל אייבּיק עקסיסטירן. ס'וועט אָבּער ניט לייכט זיין מיך אַרויסצו־רייסן פון דעם אָרט, וואו כ'בּין שוין איינגעוואָרצלט... ניט לייכט, זאָג איך, צו אַלרע רוחות! כ'האָבּ שוין צוויי, צי דריי מאָל עס אי־בּערגעבּויט, כ'וועל עס נאָך אַמאָל צען איבּערבּויען! וואָס דער אמת איז, האַלט איך דאָס ניט פאַר אַזאַ גרויס פאַרגעניגן, דאָס אי־בּערציען זיך אָבּער וואָלט מיר פאַרשאַפן גאָר גרויס עגמת נפש. איך וואָלט זיך געפילט, ווי מען וואָלט פון מיר די הויט אַראָפּגע־ריסן. דו לייגסט מיר פאָר אַן אַנדערס, נייערס, שענערס? ניין... ניין, דער דאָך וואָלט מיר איבּערן קאָפּ קאַליע געוואָרן, וואָלט איך מוזן אַנטלויפן... ניין, ניין... איך וויל ליבּערשט מיין הייזל!

הקצור, כ'האָבּ בּאַשריבּן מיין ווייבּ, די קינדער, דאָס הויז... איז עס שוין אַלץ, וואָס איך פאַרמאָג?

— ניין, איצט ערשט קומט דאָס בּעסטע: מיין פאַך. איך בּין אַ מיטגליד פון דעם סטאָלער־צעך אויפן נאָמען פון דער הייליקער אַננאַ. בּעת פּראָצעסיעס און צוגן טראָג איך פאָראויס אונזער עמ־בּלעמע, וואָס בּאַשטייט פון אַ לירע מיט אַ צירקל פון אויבּן. אויף דער לירע לערנט גאָט דער פאָטער שפּילן זיין קליינע טאָכטער, די הייליקע יונגפרוי מאַריע, וואָס איז ניט גרעסער פון אַ לעטשעלע. בּאַוואָפנט מיט אַ היבּל, גליטער און זעג, קיניג איך אין וואַרשטאַט, און געוועלטיק איבּער דעם שטייפן דאָמבּ, אָדער גלאַנציקן נוסנ־האַרץ. עס ווענדט זיך אָן מיין פאַנטאַזיע און אָן דעם קונהס מזו־מנים, וואָס איך וועל פון זיי מאַכן. וויפיל וואונדערלעכע פאָרמען זיינען עס פאַרבּאָרגן אין יעדן איינעם פון די ראָזיקע קלעצער. מען דאַרף בּלויז אַריינגיין אין דעם פאַרכישופטן שלאָס און אויפוועקן די שלאָפנדיקע בּת־מלכה. די שיינע דאַמע אָבּער, וואָס איך וועל

אויפוועקן צום לעבן, איז ניט סתם עפּעס אַ צעקראָכן ים־קעצל. כ'האָב אויך ניט ליב די דאַרע דאַמע אָן בריסטן און אָן אַ... זאָ־דיק. מיר געפעלן, בעסער ווי איטאַליענישע, די בורגונדישע פּאָרמען, וואָס גלאַנצן מיט אַ בראָנזענעם פּאַטינענעם גלאַנץ, זיינען פול מיט קראַפט, פיין, באַהאַנגען מיט פּרות, ווי אַ וויינגאָרטן... איך פריי זיך, בשעת איך מאַך אַ בייכיקן בופעט, אָדער אַ סופיט, צו אַ גע־שניצטע שראַנק, לויט די געזונטע, שטאַרקע מוסטערן פון אַזאַ מייַ־סטער למשל, ווי אונזער היק סאַמבען. איך באַציר ווענט פון הייזער מיט שניצערייען, איך לייג אויס געדרייטע אָנלענס פון טרעפּ. אונ־טער מיין כישוף־באַרירונג פינקלט אַרויס, אַזוי ווי עפּל צווישן אַ ריי עפּלבוימער, ברייט מעבל פון די מויערן, באַקוועמס, שטאַרקס און צוגעפּאַסט צום אָרט און באַנוצן זיך.

דעם גרעסטן נחת־רוח האָב איך אָבער, בעת איך קען פאַרציי־כענען אויפן פּאַפּיר, וואָס עס וועבט זיך אין מיין דמיון... באַווע־גונג, זשעסט... עפּעס אַן איינגעבויגענעם רוקן, אַ צעבלאָזענעם האַלז, אַ צעבלומט שלעקל, אַ גירלאַנדע, אַ קרומע בריאה און לסוף די צורה פון עפּעס אַ צופעליק באַמערקטן פאַרבייגייער. דאָס אַלץ קלאַפּ איך שפּעטער צו צום ברעט און בין גליקלעך. כ'האָב דאָך דאָס אַלץ אַליין געשניצט (פאַרשטייט זיך, אַלץ מייסטערווערק) צוליב איי־גענע הנאָה און פאַרן נחת־רוח פונם פּראָבסט. אין די שטאַלן פון קלויסטער אין מאָנטרעאַל קען מען זען מיינע זאַכן. דאָרט זיי־נען פאַראַן חברה־לייט, וואָס דערציילן זיך איינס דאָס אַנדערע ממזר־שטיק און זופן ווי עס געהער צו זיין פון אַ ריזיקן קרוג און צוויי לייבן, וואָס דורסן זיך איבער אַ ביין.

* *

נעמען אַ ביסל בראָנפן פאַר דער אַרבעט, נעמען אַ קאַפּ בראָנפן נאָך דער אַרבעט... דאָס איז גאָרניט קיין קליינער תענוג! כדאי צו לעבן. איך זע אַרום זיך בייזע לייט און הער פּאָרוואורפן. מען מאַכט מיך אויפמערקזאַם, אַז ס'איז ניט קיין שעת הכושר צו זינגען אין אַזאַ טרויעריקער צייט... ניט אמת! ניטאָ קיין טרויעריקע צייטן,

ס'זיינען פאַראַן בלויז טרויעריקע מענטשן. איך געהער ניט צו דער חברה... געלויבט זיין ליבער נאָמען!

זיי רייסן זיך איינס דאָס אַנדערע די קעפּ אָפּ... זיי קיילן זיך? פאַרשטייט זיך, ס'איז תמיד געווען אַזוי — און אַזוי וועט תמיד זיין! איך לאָז זיך די האַנט אָפּהאַקן, אויב כ'האָב אַ טעות, איך האַלט אָבער, אַז אין פיר הונדערט יאָר אַרום וועלן אונזערע אייניקלעך און אור-אייניקלעך מיט דעמזעלבן פאַרגעניגן זיך איינס דאָס אַנדערע די הויט פון רוקן אָפּשינדן, די האָר אויסרייסן, די אויגן אויסשטעכן און די נעז אָפּשניידן, פונקט ווי היינט. איך מיין אַפילו, אַז זיי וועלן נאָך דערגיין צו מער שלמות און וועלן לכל הפּחות אַ פּערציק נייע, ממש געניאַלע אופנים, אויסטראַכטן, ווי אַזוי איבערצוטראָגן איינס דאָס אַנדערע אויף יענער וועלט

איך וייס אָבער און האַלט פעסט, אַז קיינער וועט ניט דער־גיין קיין איין בעסערן אופן פון טרינקען און איך גלויב ניט, אַז אונזערע נאָכפאָלגער זאָלן עס קענען בעסער מאַכן פאַר מיר.

דער רוח ווייסט, צו וואָס די אידיאָטען וועלן דערפירן אין פיר הונדערט יאָר אַרום! אפשר וועט מען אַדאַנק דעם וואונדערלעכן גראָז פון מידאָנער פּראָבסט, וואָס הייסט פאַנטאַגריליאָן, קענען מאַכן אַ נסיעה אויף דער לבנה, אפשר וועט מען נאָך וויטער גיין, אַזש צו יענער פאַבריק, פון וואַנען עס פליען דונערן און רעגן, אפשר וועלן זיי זיך באַזעצן אין הימל און אָנקניפּן האַנדלס־באַציונגען מיט די געטער...

מיין דאגה! אָבער דאָ וואו איך זיץ, איז אַ סך זיכערער. אַחוצדעם, ווער וועט עס מיר ערוב זיין, אַז אין פיר הונדערט יאָר אַרום וועט דער וויין נאָך זיין אַזוי גוט, ווי היינט?

* *

*

מיין אַלטע קליפּה וואַרפט מיר פאָר, אַז כ'האָב צו פיל ליב אַ לעב צו טאָן. איך זאָג זיך פון קין זאַך ניט אָפּ. כ'האָב ליב אַלץ, וואָס עס איז גוט, ובכן גוט פלייש, וויין, אַ פול גופל און אַ ווייך הייטל, אַ פּוכיקס, וועגן וועלכן עס טרוימט זיך אַזוי גוט, ווײ־

טער דאָס געטלעכע ליידיק-גיין, ווען מען טוט אַזוי פיל כל-המינים זאַכן אויף! (לינגדיק אויפן בויך, כידוע, איז מען דער האַר פון דער וועלט), מען איז יונג, שיין, זיגרייך, מען קערט איבער די וועלט מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף, מען הערט ווי גראָז וואַקסן, מען רעדט מיט בוימער, מיט חיות און מיט געטער).

און דיך, אַלטער, געטרייער, זיכערער חבר, דו אוצר, אַרבעט מיינע, האָב איך אויך ליב! ס'איז אַ תענוג דאָס איז צו נעמען אין דער האַנט אַריין די מכשירים און זיך שטעלן ביים וואַרשטאַט. דו טוסט, וואָס דיר געפעלט, מיט דעם ווידערשפּעניקן שטאָף, וואָס גיט זיך סוף-כל-סוף אונטער, ציטערט אונטער דער האַנט און ווי דורך כישוף פינקלען אַרויס וואונדערלעכע וויזיעס פון פאַרמען! ס'איז אַ שמחה, ווען פון די מגושמדיקע פינגער גייען אַרויס אַזעלכע מייסטערהאַפטע ווערק. איך פיל זיך ווי אַ מלך אין קיניגרייך פון אילוזיע. מיין פעלד גיט מיר זיין לייב, מיין וויינגאָרטן זיין בלוט. מיינע הענט זענען געהאָרכזאַמע אַרבעטער, מיט וועלכע עס רעגירט מיין מוח. מיט דעם מוח ווידער רעגיר איך אַליין אַזוי, אַז ער מוז אויספירן יעדן טרוים מיינעם און יעדן קאַפּריז. איז דען עמעץ גע-ווען ווען עס איז בעסער באַדינט? בין איך דען ניט קיין גרויסער מאַן? ווער וועט עס מיר פאַרווערן אויסצוטרינקן פאַר מיין אייגן געזונט און — מען טאָר ניט זיין אומדאַנקבאַר — פאַרן געזונט פון מיינע אונטערטעניקע?

געבענטשט זאָל זיין דער טאָג, וואָס איך בין אין אים גע-קומען אויף דער וועלט! רבונו של עולם! סאַר אַ גוטע זאַך דאָס איז לעבן! איך זאָל זיך ווער ווייסט ווי ניט אָנפרעסן, בין איך אַלע-מאָל הונגעריק, עס רינט מיר אַלעמאָל דאָס שפּייעכץ פון מויל; עס מוז אוודאי זיין אַזאַ מין מחלה, וואָרעם ס'איז ניטאָ קיין איין רגע אין טאָג, איך זאָל ניט האָבן קיין חשק צו זעצן זיך צום טיש, וואָס זאָל זיין געגרייט מיט די געשאַנקען פון דער ערד און זון...

* *

*

דאַכט זיך מיר, שכן, אַז כ'האָב אַ ביסל איבערגעכאַפּט די מאָס מיט דער זון, זי וואַרעמט ניט זייער שטאַרק, און אין מיין אַלוועלט הערשט אַ פראָסט. דער ממזר-יונג — דער פראָסט האָט זיך אַריינ־געכאַפּט אין מיין צימער. די פעדער וואַקלט זיך אין די פאַר־שטאַרטע פינגער.

רבונו של עולם — אייז-קריסטאַלן און אַ גלאָז ווייַן! און די נאָז איז מיר בלאָס געוואָרן, דער העסלעכער קאַליר דערמאָנט די צווינטער ליווריען. כ'האָב פיינט בלאַסקייט תכלית שנאה.

העי... מען דאַרף קומען צו זיך! די גלעקער פון הייליקן מאַר־טען קלינגען און זינגען. היינט איז פונקט גראָמניץ. ה י י נ ט ווערט דער ווינטער גרויס, אָדער אינגאַנצן אויס...

זאָל דער רוח כאַפּן דעם פראָסט, ער נעמט וואָס אַמאָל מער צרות אָנטאָן! פאַרפאַלן, מען מוז אַרויסגיין זיך שטעלן פּנים אל פּנים מיטן שונא. אפשר וועל איך זיך מיט אים אַן עצה געבן!

אַ שאַרף פרעסטל. טויזנטער נאָדלען שטעכן מיר אין די באַקן. פון ראָג גאַס כאַפּט זיך אַרויס אַ ווינט און רייסט מיך ביי דער באָרד או-או-או אָבער געלויבט איז גאָט, וואָס די קניפּן באַ־ווייזען זיך מיר צוריק אויף די באַקן איך האָב זער ליב דאָס סקריפּען פון דעם שניי אונטער די פיס און דאָס פּולסירן פון דער פאַרפראָ־רענער ערד. איך פיל זיך יונג... האַ... סאַר אַ זויערע און עקלהאַפטע פּנימער עס האָבן די אַלע מענטשן.

— נו, וואָס איז אייך, שכנטע; וואָס גייט איר עפּעס אַראָפּ־געלאָזט די נאָז? אהאַ! דער ווינט הייבט אייך אויף דאָס קליידל... אָ, ווי הויך? ער איז נערעכט, ער איז יונג... אַ שאָד, וואָס איך בין ניט אַזאַ... ער ווייסט שוין יאָ, דער ממזר-יונג, וואו ס'איז אַ גוט ערטל... שוין איינמאָל אַ פיינשמעקער... ער ווייס, וואָס ער האָט צו טאָן! עס מאַכט ניט אויס, שכנטע... עס מאַכט ניט אויס, דער ווינט דאַרף אויך האָבן זיינע תענוגים... און וואוהין איילט איר

זיך עס אזוי, מומינקע? דער רוח קוקט אייך פון הינטערן קאלנער אפער... צו דער תפילה? געלויבט זיין ליבער נאמען! ער איז אלע מאל גובר דאס שלעכטע. עס וועט לאכן דער, וואס ווײנט, און זיך פרעגלען דער, וואס קומט אפ אויף דער וועלט! איר לאכט, נו, דאס איז גוט! אזוי... איך אייל זיך אויך... איך אייל זיך אויך, ווי איר אויף דער תפילה, אבער ניט אויף דער, וואס דער פראבסט ריכט אפ אין קלויסטער. איך גיי אין פעלד... דארט ריכט דער רבונו של עולם אליין אפ די תפילה...

איך כאפ זיך קודם-כל ארײַן צו מיין טאכטער, כדי מיטצו־נעמען מיין קליין קלאטעלע. מיר שפאצירן זיך יעדן טאג צוזא־מען א ביסל איבער. דאס איז דאך מיין בעסטע חברטע, דאס פרע־שעלע, דאס קליינע זשאבעלע. זי איז בסך-הכל ערשט פינף יאר אלט געווארן. שכל אבער האט עס... הא, הא! זי איז פלינק ווי א קליין מייזעלע, און הארב ווי מושטארדע אויף דער צונג. דערזעט זי מיך — איז תיכף געלאפן. זי ווייסט, אז איך האב אלעמאל פולע פעק מעשיות, וואס זי האט ליב, פונקט ווי איך. איך נעם זי פארן הענטל.

— קום, קינדערלע, מיר וועלן גיין אנטקעגן דעם לארך, אפשר איז ער שוין אנגעקומען?

— דעם לארך?

— יא... היינט איז גראמניץ. ווייסטו דען ניט, אז היינט טאקע קומט ער פון הימל?

— און וואס האט ער דארט געטאן?

— געפלויגן נאך פייער.

—פייער?

— יא, נאך פייער, וואס מאכט, אז די זון זאל ווארעמען און אפקאכן עסנווארג אויף דער ערד.

— איז ער ניט געווען?

— אודאי ניין! ער איז נאך אוועקגעפלויגן אויפן יום-טוב פון אלע הייליקע. יאר-יערלעך פליט ער הארבסט-צייט אוועק אין הימל ארײַן, כדי צו דערווארעמען די שטערן.

— צו וואס-זשע קערט ער זיך אום?

דריי פּייגעלעך זיינען אַוועקגעפלויגען אים אַנטקעגן, אַז ס'איז שוין צייט...

— דערציייל מיר...

זי גייט זיך אויפן וועג. האָט ניט מורא פאַר קעלט. אַגב איז זי וואַרעם אָנגעטאָן אין אַ ווייס טריקאָטל און אַ בלאָ קאַפּטורל. זי זעט אויס, ווי אַ פלעק־פייגעלע. אירע דיקע בעקלעך זיינען רויט, פון דעם קליינעם, פאַררייסענעם נעזל טריפט כסדר.

— גו... איינס... צוויי::: שנייץ! שטאַרק!

— שוין גוט... מיר גייען.

— דערציייל... דערציייל, זיידעשי... דריי פייגעלעך...

— איך האָב ליב מען זאָל מיך בעטן.

דריי פייגעלעך האָבן זיך געקליבן אין וועג אַריין, דריי דרייסטע חברה־לייט, ווי עס געהער צו זיין! אַ מייז־קיניגל, אַ גימפּעלע און דער לאָרך. דאָס מייז־קיניגל, וואָס איז פלינק און באַוועגלעך, ווי אַ דריידל, און שטאָלץ ווי ווייס איך וואָס, האָט דאָס ערשטע באַמערקט אין דער לופטן אַ פייער, וואָס איז ענלעך געווען צו אַ לייכטנדיק קערנדל ווייץ. עס וואַרפט זיך דערמאָלט אויף דעם קערנדל און שרייט:

— איך האָב!... כ'האָב געכאַפּט דאָס פייער... איך דער ערשטער.

—איך אויך... איך אויך... — שרייען די אַנדערע, דאָס מייז־קיניגל אָבער האָט שוין געכאַפּט דאָס פייער־קערנדל און פליט אַראָפּ אונטן צו דער ערד צו.

— ראַטעוועט... ראַטעוועט! עס ברענט מיך! — שרייט עס נעבעך און רוקט איבער דאָס פיער פון איין זייט שנעבעלע אין דער צווייטער. עס קאָן אָבער ניט אויסהאַלטן, ווייל עס ברענט די צונג אָפּ, שפּייט ער דערמאָלט אויס דאָס קערנדל און באַהאַלט עס אונטערן פליגעלע.

— גוואַלד! ראַטעוועט! דער פליגעל ברענט! שרייט עס (האָסט דאָך געזען די ברי־פלעקן אונטער דעם מייז־קיניגלס פליגלען און די איינגעדרייטע פון היץ פעדערלעך).

דאָס גימפּעלע איילט זיך אים צו הילף. ער כאַפּט דאָס

קערנדל און ליגט עס הינטערן גומען, אין דעם פוך-זעקעלע.

פּלוצלונג הייבט דאָס שיינע זעקעלע אָן רויט צו ווערן... וואָס אמאָל רויטער צו ווערן:

— שוין גענוג זיך געשפּילט! — שרייט דאָס גימפּעלע אויס. ס'זענען מיר פאַרבּרענט געוואָרן די מלבּושים... וואָס וועל איך איצט טאָן?

בּינו לבינו איז אָנגעקומען צופעליק דער וואוילער לאַרך און אַ כאַפּ געטאָן שנעל דאָס פייער-קערנדל אין שנעבּעלע, וואָס האָט, אָן אָפּגעלאָזטס פון גימפּעלע, זיך אומגעקערט אין הימל אריין. דערנאָך, אָן לאַנגע שהיות — פייל פון בויגן צוריק אַ פלי געטאָן אויף דער ערד און באַגראָבּן דאָס קערנדל אין דעם פאַרפאַרעגעם פעלד — וואָס ווערט פון דער היץ צעוואַרעמט... ווייך..

איך האָב געענדיקט מיין מעשהלע. איצט הייבּט אָן קלאַטעלע צו טשוויטשערן, ווי אַ סאַראָקעלע. הינטערן שטאָט האָב איך, וועלענדיק זיך אַרויפכאַפּן אויפן בּערגל, זי גענומען אויפן אַקסל. דער הימל איז גרוי, דער שניי סקריפּעט אונטער די פיס, די קוסטן און די דאַרע, עפּעס סקעלעטענע ביימער, זיינען אַרומגערינגלט מיט ווייסע צודעקן. דער רויך הויבּט זיך אויף פון די קוימענס גלייך אינדערהייך און האָט אַ סאַפּירענעם קאָליר. מען הערט קיין זאַך ניט, אַ חוץ דעם קוואַקען פון מיין קליין פרעשל. מיר זיינען אויף דעם סאַמע שפּיץ.

צופוסנס האָבּען מיר די שטאָט, וואָס איז אַרומגעגאַרטלט, ווי מיט צוויי סטענגעס, מיט דעם פולן שטראָם פון דער יאָנע און דעם געדרייטן ביווראָן. אַלץ טראָגט היטלען פון שניי. הגם די שטאָט איז דורכגעפרוירן בּיזן מאַרך פון די בּיינער, צונויפגעדריקט און ציטערט, — צעוואַרעמט זי מיר דאָך אַלעמאָל, ווען איך גיב נאָר אויף איר אַ קוק, דאָס האַרץ.

די שטאָט רינגלען אַרום הערלעכע בּערג, וועלכע זעען אויס, ווי אַ בּרעג פון אַ שטרויענער נעסט, וואָס עס געפינען זיך אין איר מענטשלעכע עופעלעך. הינטער די בּערגלעך הויקערן זיך בּערג אין פּילפּאַכע רייען, כוואַליען אַרום, דורכגעבּלויטע פון דעם רחבות,

סטיכיע, וואָס האָט בּאַדראָט אולוסן און זיינע שיפן. עס זיינען ניטאָ קיין שטורעמס, ניטאָ קיין אָפּגרונט. אַלץ איז פול מיט שלווה. קוים, קוים עס שפּאַרט עפּעס אַ אינערלעכע קראַפט אויף דאָ און דאָרט די שוים פון בּערגל, וועלכע וויל אַרויס. די וועגן שפּרייטן זיך אויס גלייך פון איין כוואַליע-הויקער אויף דער צווייטער, שווי-מען פּאַמעלעך, ניט געאייקט, און לאָזן איבּער אַ ווייסן פּאַס, ווי אַ שפּור פון אַ שיפל אויפן ים.

פון דערווייטנס הערשט איבּער דער לופטיקייט, ווי אַ מאַסט פון אַ שיף, די קאַטעדרע פון דער הייליקער מאַגדאַלענע אין ווע-זעליי, וואו דער הייליקער בּערנאַרד האָט אין 1147 יאָר געפּריידיקט דעם צווייטן קרייץ-צוג.

און נענטער אויפן אויסבּויג פון דעם זשאָן שאַרפן זייערע ציין אויס די פעלזיקע שפּיצן פון בּאַזוויל.

אינמיטן פון די בּערג-פליינען ליגט די שטאָט, נאַכלעסיק, אַראָפּגעבּויגן איבּערן וואַסער, בּאַצירט מיט אינזלען פון גערטנער, מיט בּלערליי צאַצקעס און שמאַטעס, אַ בּאַקרוינטע מיט אַ וואָג-דערלעך-געקרייזלטן טורעם.

איך קען זיך ניט אָפּחידושן פון דער שנעקיקער שאָל, אין וועלכער איך געפין זיך. די גלעקער קלינגען פייערלעך. דער קריש-טאַלענער קלונג פילט אָן דעם גאַנצן טאָל, צעגיסט זיך ווי אַ כוואַליע, וואָס ווערט קיינמאָל ניט פאַרגליווערט. איך הער זיך איין אין דער מוזיק, פלוצלונג גיט זיך אַ ריס דורך אַ זון-שטראַל דורך די וואָלקנס, צשטראַלט זיך אויף דער ערד און פאַרגיסט אונז מיט שיין.

מיין קליין קלאָטעלע הייבּט אָן פּאַטשן אין די הענטעלעך און שרייט:

— זיידעשע... זיידעשע!... איך הער איך הער.,, דאָס איז דער לאַרך!

איך האָבּ זיך פריילעך צעלאַכט, איך נעם אַראָפּ מיין טייער פרעשל פון די אַקסל, קוש עס האַרציק און פאַרזיכער:

— איך הער אים אויך, איך אויך... דאָס איז דער לאַרך, וואָס זאָגט אָן די בּשורה פון פרילינג...

11

# די באַלאַגערונג

## אָדער דער פּאַסטאָך, דער וואָלף און דאָס שעפּעלע.

„ס'איז געגנוג אונזערע פּסלעכע שאָף,
דער וואָלף זאָל האָבן אַ שוואַרצן סוף".

ס'איז טרויעריק! מיין קעלערל וועט איינגיכן גאָר שוין אָנט-פּלעקן זיין דנאָ. די וואוילע זעלנערלעך, וואָס זיין ליכטיקייט דער פירשט דע נעוועט האָט אונז געשיקט צו באַשיצן, האָבן פון דעם לעצטן פּעסל דעם שפּונט אַרויסגעקלאַפּט. היידאַ... טרינקען מיט זיי צוזאַמען. יעדע מינוט איז אַ שאָד! געמאַכט אַ תל? מילא פאַר-פאַלן! זאָל עס כאָטש זיין מיטן קנאַק: איבעריקנס, ס'איז מיר ברוך השם ניט דאָס ערשטע... ניט דאָס לעצטע מאָל!

וואוילע בחורים! זיי האָבן געהאַט גרעסערע עגמת-נפש פון מיר אַליין, ווען זיי האָבן דערהערט, אַז די משקה גייט אויס. דאָס האָבן מיר דערציילט די שכנים, וואָס נעמען אַגב יעדע זאַך זייער טראַגיש. איך קען דאָס ניט, מיר איז אין דעם פּרט שוין אַלץ איינס. איך בין צו אָפט געווען אין טעאַטער, איך זאָל אַ ליאַדע שטות נעמען ערנסט.

וויפיל... מאַסקעס האָבן זיך עס דורכגערוקט אין לעבן פאַר מיינע אויגן! עס זענען געווען שווייצער, דייטשן, גאַסקאָנער, לאָ-טאַרינגער — אַ גאַנצער מיליטערישער זאָאָלאָגישער גאָרטן מיט רוקזעק אויף די פּלייצעס, מיט כלי-זיין אין די הענט. איך קאָן זיי, די חברה-לייט, מיט די בייכער אָן אַ דנאָ, וואָס זיינען אַלעמאָל מוכן-ומזומן איינצושלינגען יעדן פּשוטן בשר-ודם — מיט די שטיוול

צוזאַמען. ווער קען עס זיין אַ חכם און טרעפן, פאַרוואָס און וועגן וואָס מען שלאָגט זיך? נעכטן פאַרן קיניג, היינט פאַר דער ליגע. אַמאָל איז מען פּאַפּיסטן, אַמאָל הוגענאָטן. אַלע פּאַרטייען טויגן אויף אַלדע קלאָגן. ס׳איז אַ שאָד אפילו אַ לייטישן שטריק די הענט-שלעגערס איינס נאָך דאָס אַנדערע אויפצוהענגען. זיינען ווערט דעם טויט — הינטער איין פּלויט!

און זיי מישן נאָך אריין אין די נאַרישע ענינים זייערע דעם רבונו של עולם! איי, אייך אַבציק שוואַרצע יאָר! לאָזט כאָטש דעם בורא עולם צורו, ראָצערס! ער איז דאָך אַ מענטש שוין אין די יאָרן! אויב עס בייסט אייך די הויט, רייבּט זיך איינס דאָס אַנדערע גע-זונטערהייט... דער רבונו של עולם וועט זיך שוין אַליין רייבּן, אויב עס וועט אים גלוסטן... אַ בּראַנד אין אייערע געדערים!

די גרעסטע צרה איז אָבּער, וואָס מיך וויל מען אויך צווינגען צו דעם מיאוסן עסק. רבונו של עולם! איך האַלט זיך ביי דער מדרגה און מיין, אָן שום באַרימערייען, אַז מיר וועלן זיך ניט איינמאָל נאָך טרעפן אפילו צו עטלעכע מאָל אַ טאָג, אויב ס׳איז נאָר אמת דאָס גאַלישע ווערטל: „ווער עס טרינקט גוטן ווײַן, איז אַ גוט ברו-דער מיט גאָט אַליין!“. עס וועט דאָך מיר אָבּער, צו אַלדע רוחות, גאָר קיינמאָל ניט אײַנפאַלן ווי די אַלע גאָרנישטן, אַז איך קען דיך אויסגעבּונדן, אַז דו בּיסט מיינס אַ קרוב, אַז האָסט מיר אָנגע-טרויט דיין גאַנצע קראַפט׳ און דיינע זיקס און דרייסיק מעשים טובים... דו מוזט מודה זיין, רבונו של עולם, אַז די רו שטער איך דיר פונדעסטוועגן ניט און איך בּעט דיך בּלויז, אַז דו זאָלסט מיר צאָלן מדה כנגד מדה׳ מיר האָבּן ביידע אַרבּעט ביז איבער די אויערן מיט דעם האַלטן אין די צוואַנגען די הייזער אונזערע: דו ראַנגלסט זיך מיט דיין אַלוועלט, איך ווידער מיט מיין קליין וועלטל.

*

*

און די גאָרנישטן פון דעם מיליטערישן זאָאָלאָגישן גאָרטן הייסן מיר זיך מישן אין דיינע עסקים... נעכטיקע טעג! זיי ווילן איך זאָל ריידן אין דיין נאָמען און באַשליסן, וועלכע פּאַרטיי עס

טעג אויפפרעסן און אויסזופן דיינע קעלערס. נעכטיקע טעג!... איך בין מכריז ומודיע: דיינע שונאים זיינען מיינע שונאים!

כ'האָב אפילו אַ ביסל מגזם געווען, מחמת איך האָב לחלוטין ניט קיין שונאים. אַלע מענטשן זיינען מיינע גוטע פריינד. זיי שלאָגן זיך... סתם אַזוי... לשם פאַרווײַלונג... היות איך נעם אין דעם שפּילן קיין אנטייל ניט, בלייבט דער קרן ביי מיר אין קע-שענע. איך הויב זיך אויף פון טיש. המ... מען לאָזט מיך נישט אַוועקגיין. זיי זאָגן: דו ווילסט ניט זיין זיינס קיין שונא, זיינען מיר ביידע קענן דיר! אַזוי? מוז איך אַלזאָ אָפּרייסן דעם אָדער יע-נעם דעם קאָפּ? וואָס? מילא, גוט, וועל איך אויך לייגן קלאַפּטער... מהיכא תיתי! איך זאָל זיין בלויז די קאָוואַדלע? ניט דערלעבן וועט עס אייער לייב און לעבן!... איך וועל זיין דער האמער און איר די קאָוואַדלע!

אָבער ווער וועט עס מיר, צו אַלדע רוחות, זאָגן, צו וואָס האָט עס די וועלט אַרויסגעגעבן די אַלע שוטים, די אַלע דזשענטל-אוים-וואורפן, די פּאָליטיקער, די אַלע פּריצים, וואָס זיינען די האַרן פון פראַנקרייך? זיי באַזינגען כסדר זיין רום, ליידיקן אוים זיין קעשענע, זיי פאַרשלינגען אונזערע אייגענע דינרס, און זאָגן, אַז זיי מאַכן אַ תל פון די פיינטלעכע מלוכות. זיי פאַלן אָן אויף דייטשלאַנד, רוקן זיך אַריין אין איטאַליע, שטופּן אַריין די נאָז אין טערקיי, זיי וואָלטן וועלן אַ האַלבע וועלט איינעמען און וואָלטן אפילו ניט מסוגל געווען זי מיט קרויט צו פאַרזייען!

גענוג, מיין טייערער פריינד... צאָל דעם השבון און מאַרש אהיים! אַלץ איז אויסגעצייכנט, און ס'וועט קומען אַ צייט, ווען דאָס אַלץ וועט זיך נאָך מער פאַרבעסערן (מיר וועלן זיך נעמען מאַכן צו לייט די וועלט ביי דער ערשטער געלעגנהייט). ס'איז ניטאָ אַזאַ נאַריש אייזל, וואָס זאָל ניט שלעפּן קיין זעק אין מויל אַריין.

כ'האָב איינמאָל געהערט, אַז אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט דער אויבערשטער (אָ... רבונו של עולם, איך רייד היינט כסדר וועגן דיר...) שפּאַצירט מיטן הייליקן פּעטער אין בית-לחם (דאָס איז די פאָרשטאָט פון קלאַמסי), פּלוצלונג האָט ער דערזען אַ פרוי זיצן

אויף דער שוועל פון איר הויז, זייער אַ טרויעריקע און אומעטיקע. זיין ליבּער נאָמען האָט, אַ געריירטער, זיך געכאַפּט צו דער קעשענע, אַרויסגענומען אַ פולע גאָרשטש (אַן ערך הונדערט) לייז, גע־וואָרפן איר פאַר די קני און אַ זאָג געטאָן: „אָט האָסטו זיך מיט וואָס צו שפּילן, טייערע טאָכטער מיינע!“ די פרוי האָט זיך אַ כאַפּ אויף געטאָן פון איר גליווערן מצב און אָנגעפאַנגען אַ געיעג. ביי יעדער מאָל כאַפּן און דערהרגענען אַ חיהלע, פלעגט זי אויסשיסן מיט אַ פריילעך געלעכטער.

משמעות, אַז מלחמה איז אויך אַזאַ מין סימן פון גאָטס מיט־געפיל. אַז דער אויבּערשטער וויל אונז באַשענקען מיט אַ פאַרוויי־לונג, שיקט ער אונז אויפן נאַקן אַראָפּ צווייפיסיקע לייז, כדי מיר זאָלן קענען זיך קעמען און אָפּיאָגן פון זיי, לאָמיר־זשע פריילעך זיין (ווערים, זאָגט מען, זיינען אַ סימן פון קדושה. ווערים זיינען דאָך אונזערע לעצטע מושלים). לאָמיר זיך־זשע באמת פרייען, בּרו־דער מיינער, מחמת קיינעם איז אין דעם פּרט ניט בּעסער פאַר אונז.

און איצט וועל איך אייך זאָגן (אויפן אויער): געדולד! מיר זיינען אויף אַ דרך. פרעסט, שנייען, מיליטערישע און הויפישע אויס־וואורפן האַלטן זיך ניט לאַנג... זיי וועלן זיך גיין! עס וועט בּלייבּן בּלויז די וואוילע ערד און מיר... און דאָס איז דער עיקר... זי וועט ווייטער , לויט איר אַלטן שטייגער, אַרויסהייבּן, דערווייל לאָמיר טרינקען, טרינקען, כל־זמן דאָס לעצטע פעסל קלעקט אונז. מען דאַרף דאָך לאָזן אָרט פאַר דעם קומענדיקן טרויבּנקלייב.

מיין טאָכטער מאַרטינעטע האָט מיר איינמאָל אַ זאָג געטאָן:

— בּיסט אַ בּלאָפער, טייערער טאַטע! בּשעת מען הערט זיך צו ווי דו רעדסט, קען מען מיינען, אַז דו טוסט קיין זאַך ניט, נאָר ליגסט כסדר אונטערן פעסל. דו האַלטסט אין איין ריידן דער־פון, קלינגסט אין אַלע זייטן, פונקט ווי די שיכרות און צולעבּן וואָלטן געווען פאַר דיר אַלץ, ווי דו וואָלסט וועלן דאָס לעצטע העמד פאַר־טרינקען. דו קענסט אָבּער קיין איין טאָג אַפילו אָן אַרבּעט ניט אויסהאַלטן. דו מאַכסט זיך פאַר אַ שפרינגער, אַ פלאַטערל אַ וותרן, וועלכער ווייסט ניט, וואָס עס פאַלט אים אַריין אין טאַש און וואָס

עס אַנטלויפט פון דאַרט. דו וואָלסט קראַנק געוואָרן, ווען זאָלסט אַ גאַנצע טאָג, אַ שעה נאָך אַ שעה, ניט געווען צומפּינקטלעכסטן אָנגעשטעלט און ס'זאָל ניט גיין ביי דיר אַלץ, ווי אַ זייגערל. דו האָסט יעדע פּרוטה פאַרשריבן פון פאַראיאָרן אָסטערן אָן ביזן היינטיקן טאָג און עס וואָלט זיך קיין איין קינסטלער אין דער וועלט ניט געפונען, וואָס זאָל דיך קענען אריינאַרן אין זאַק אריין. דו ביסט אַן אמתע סחורה, אַ שעפעלע אין אַ וועלפישער פעל. זייער גערעכט איז דאָס ווערטל אונזערס: „ס'איז געגנוג אונזערע עטלעכע שאָף, דער וואָלף זאָל האָבן אַ שוואַרצן סוף".

איך האָב זיך האַרציק צעלאַכט און כ'האָב דער וואָרזאָגערין ניט געענטפערט. זי איז גערעכט, דאָס קינד, לחלוטין גערעכט.. זי דאַרף בלויז ניט ריידן הויך אַזעלכע זאַכן. ס'איז אָבער אמת, אַז אַ פרוי און אַ סאַראָקע באַהאַלטן בלויז דאָס, וואָס זיי קענען ניט אַרויסשרייען. זי קען מיך... אוי, קען זי מיך! וואָס איז דער חדוש, ס'איז דאָך מיין פרי! זיי זיך דעריבער מודה, קאָלעכל, דו מעגסט טאָן וויפיל נאָר דו ווילסט שטותים, קיין שוטה וועסטו שוין ניט זיין. די משוגעתן האַלטסטו אין אַרבעל און ווייזט זיי אַרויס, ווען עס גלוסט זיך דיר. דו באַהאַלטסט זיי אָבער, ווען מען דאַרף האָבן ביידע הענט און אַ ניכטערן קאָפּ צו דער אַרבעט. ווי אַלע פראַנצויזן, האָסטו אין בוזעם באַהאַלטן אַ זיכערן אינסטינקט פאַר סדר, און — שטייסט אַזוי גוט אויפן אַנקער פון סדר, אַז דו קענסט זיך פאַרגינען מאַכן דעם אָנשטעל פון אַ משוגענעם. ס'איז ניט קיין אומגליק, סיידן פאַר שוטים, וואָס קוקן אויף דיר מיט אַן אָפן מויל און פּרובירן דיר נאָכצוטאָן.

פאַטעטישע דרשות, גראַמען אויפן אָרט, אויסטערלישע המצאות, — אָט-וואָס עס שמעקט דיר! דאָס צעפלאַקערט לייטן און זיי ברענען פון ביידע עקן, אָבער מיר... מיר... לייגן אויפן שייטער בלויז טרוקענע צווייגן, דאָס דיקע גוטע האָלץ האָבן מיר אָן אַ סדר צונויפגעלייגט אונטערן דאָך אויף ווינטער... אַזוי .. אַזוי! דער דמיון גיט אַ וואַיל שפּיל דעם שכל, וואָס זיצט זיך אין אַ באַקוועמער פאָטערשטול און שאָקלט ליבנסווירדיק מיטן קאָפּ. אַלץ ווילט מיך. מיין טעאַטער איז די גאַנצע וועלט. פון דעם פאַ-

טערשטול קוק איך נאָך די קאָמעדיע, אפּלאָדיר לייטן און שריי ביס די אַלע, וואָס ברעכן רוק און לענד אויף דער בּינע טיילמאָל, ליתר הנאָה, מאַך איך דעם אָנשטעל, אז איך נעם דאָס אַלץ ערנסט און איך ווער אויף אַ רגע אַן אַקטיאָר. איך פאַרליר אָבער קיינמאָל ניט דעם בּאַוואוסטזיין, אַז דאָס אַלץ איז בּלויז אַ פּאַרס... אין אַזא שטימונג הער איך זיך צו צו די מעשׂיות וועגן מאָנאַרכינס... און ניט בּלויז וועגן מאָנאַרכינס. דאָס זעלבּע אויך וועגן דעם גרויסן האַר, וואָס געפינט זיך אין הימל — בּשעת מיר קוקן זיך צו, ווי ער שפּאַנט אין אַ פּראָצעסיע, צווישן דעם געבּרום פון די אָרעמוס־לייט, בּאַצירן מיר אין ווייסן די אַלטאַרן און בּאַשיינען די מויערן און די הייזער, דעם אמת געדעדט... שווייג אָבּער, דו פּלאַפּלער... דאָס שמעקט שוין מיט קאָנפיסקאַציע!... מיין הער, כ'האָבּ קיין שום שלעכטס ניט געזאָגט... איך נעם אַראָפּ דעם הוט... שטיל, שאַ!

* *

*

דאָס אייזל האָט אַרומגעצופּט דאָס גאַנצע גראָז אויף דער לאָנקע און ערקלערט, אַז עס האָט דאָ ניט וואָס צו טאָן מער און איז אַוועק אויפן שכנס לאָנקע: דעם פירשט דע נעוועדס גאַר־ניזאָן איז היינט אינדערפרי אַוועק. אַ מחיה געווען צו קוקן אויף די חברה־לייט: אַלע גוט דערנערט, שווער, דיק און רויט. איך בּין געווען שטאָלץ פון מיין קיך. מיר האָבּן זיך בּיים גע־זעגענען צעקושט אין די בּאַקן. זיי האָבּן פון גאַנצן האַרץ אונז געוואונטשן, די תּבואה זאָל אונז געראָטן און די וויינגערטנער זאָל נישט שאַדן דער פראָסט.

— נעמט זיך גוט צו דער אַרבּעט, פּעטער! — האָט מיר געראַטן בּאַזונדערס מיין אורח דער סערזשאַנט, וואָס איז צומ־לענגסטן דאָ געשטאַנען. (איך האָבּ בּאַקומען דעם בּכבודיקן טיטל, הגם איך בּין זיך ניט מודה אין קיין שום קרובהשאַפט מיט

דעם אויסוואורף). — נעמט זיך צו דער אַרבעט און שפּאָרט ניט קיין מי, דער עיקר ביים וויינגאָרטן. אויפן הייליקן מאַרטין, וועלן מיר זיך אומקערן און וועלן פריילעך נעמען צו ביסע-לעך!

וואוילע מענטשן, זיי זיינען תמיד גרייט צו קומען צו הילף אַ מענטשן, וואָס פירט אַ פאַרביסענעם קאַמף מיטן קרוג.

ס'איז מיר עפּעס לייכטער געוואָרן, ווען זיי זיינען אַוועק. די שכנים עפענען פּאַמעלעך זייערע באַהעלטענישן. די, וואָס האָבן ערשט נעכטען אויסגעזען, ווי נאָך גרוים-פּאָסט, געקרעכצט פון הונגער, באַקלאָגט זיך אויף דער נוים, געפינען היינט צוריק אָפּ דאָ און דאָרט, אונטערן שטרוי אין שפּייכלער אָדער אין דער ערד, אין קעלער, ולסוף אונטער אַ שיכט ציגל אין דער וואַנט, — כלערליי זאַכן, וואָס זיינען מחיה דעם גוף און די נשמה יעדן האָט זיך עפּעס איינגעגעבן, דורך אַ גלענצנד אויס-געלערנטן אופן פון באַקלאָגן זיך אויף הונגער און דורשט, אָפּצו-היטן גאַנץ די בעסטע פעסלעך ווייַן.

איך אליין (כ'ווייס אליין ניט, ווי דאָס האָט געקענט גע-שען), תיכף ווי כ'האָב זיך צעשיידט מיט מיין סערזשאַנט (איך האָב אים באַגלייט אַזש הינטער דער שטאָט) האָב פלוצלונג זיך אַ קלאַפּ געטאָן מיטן פויסט אין שטערן און זיך דערמאָנט, אַז אין דער שטאַל איז פאַרבליבן, בכיוון געלאָזט אין דער וואָרעם, אַ גאַנץ גרוים פעסל גלענצנדן, אַלטן שאַבלי. ווי יעדער איינער קאָן זיך מאָלן, בין איך בשעת מעשה געוואָרן שטאַרק טרויעריק. קוים אָבער איז דאָס בייז שוין געשען, מילא, האָט מען געמוזט דערמיט שלום מאַכן און מודה זיין אַז סוף כל סוף איז עס גאָר צום גוטן. איך האָב ליב שלום. סערזשאַנט, שוועסטערן-זינדל טייערס אַך... דו ווייסט גאָרניט, וואָס דו האָסט פאַרלאָרן פאַר אַ נעקטאָר... ווי דאָס שמעקט! וועסט אָבער, זונעלע, קיין היזק ניט האָבן... איך גיב דיר מיין וואָרט, מחמת דאָס פעסעלע וועל איך אויסטרינקען אויסשליסליך פאַר דיין געזונט!...

די שכנים גייען איינער צום אַנדערן צו געסט. איינער ווייזט דעם אַנדערן, וואָס ער האָט געפונען אין קעלער, אַלע

ווינקען מיט די אויגן, ווי די אמאָליקע אַווגורן, און ווינטשן זיך איינס דאָס אַנדערע מזל-טוב. פאַרשטייט זיך, אַז יעדער איינער דערציילט דעם אַנדערן, וואָסערע הזיקות ער האָט אַלץ געהאַט, וואָסערע גוואַלד-מעשים ער האָט איבערגעלעבט (אין דעם פּרט פּירט מען די שמועסן אויפן אויער) אַלע פרעגן זיך אָפּט מיט מיטלייד אויף דעם געזונט-צושטאַנד פון ווינסענט פּליוויאָווס פרוי. דאָס איז אַ טיכטיקע פרוי, וואָס פאַרמאָגט די אייגנשאַפט, אַז נאָך יעדער מאָל אָפּזיין פון מיליטער, מוז זי לענגער מאַכן דעם פּאַס, מחמת ער ווערט עפּעס מאָדנע קורץ.

מיר גיבן אָפּ מזל-טוב דעם גליקלעכן מאַן און פּאָטער, מיר באַוואונדערן זיין גרייטקייט צו דינען דעם פאָטערלאַנד און איך קלאַפּ אים, אָן שום בייזער כוונה בדרך-הלצה אין בויך, וועל-כער איז פול, פּונקט ווי דעם חברה-מאַנס ווירטשאַפט, וואָס האָט אין דער צייט פון דער אַלגעמיינער צרה עפּעס לגמרי ניט געליטן.

אַלע לאַכן פריילעך און דיסקרעט, ניט מאַכנדיק קיין שום רמזים, פּליוויאָ אָבער פילט זיך באַליידיקט פון מיין הלצהלע און ראָט מיר, איך זאָל ליבערשט היטן מיין אייגן ווייב. איך ענט-פער, אַז דער גליקלעכער באַזיצער פון דעם אוצר מעג רויק כראָפּען אַ גאַנצע נאַכט און ניט מורא האָבן פאַר קיין גנב. פאַר-שטייט זיך, אַז אַלע גיבן מיר גערעכט.

*    *

*

עס קומען אָבער אָן די זאַטע טעג. הגם איצט איז ניט זייער קיין גרויסע שפע, — אַ קניפּ אין דער באַק — און די פאַרב זאָל שטיין! עס גייט אין דעם נאָמען פון די בירגערס און אין דער גאַנצער שטאָט! וואָס וואָלט מען געזאָגט וועגן קלאַמסי, וואָס שמט ווי-ווייט מיט פיינשמעקעריי, ווען דער קאַרנאַוואַל זאָל אָנקומען און ס'זאָלען קיין גוטע זאַכן ניט זיין. אין יעדן הויז קנאַקן

די פאטעלניעס און דער וואונדערלעכער ריח פון צוגעבראטענעם שמאלץ פילט זיך אין אלע גאסן.

און מיין קלאטעלע... מיין קליינע, מוז אויך האבן אירע באליבטע קיכעלעך.

פלוצלונג... רא-טא-טא.. רא-טא-טא! עס לאזן זיך הערן פויקן, טרומייטערס, געלעכטערס, אויסגעשרייען. דאס קומען די געסט פון יהודה קיין רוים. (יהודה רופן מיר אן די פארשטאט פון קלאמסי — בית-לחם, די שטאט ווידער — רוים, צוליב די אלט-רוימישע טרעפ פון טורעם פונם הייליקן מארטין).

בראש פון דעם צוג שפאנט די מוזיק, און הינטער איר די האלאבארד-לייט, וואס צעטרייבן דעם עולם מיט די נעז. כ'האב שוין געזאגט, וואסערע נעז מיר, בורגונדער, פארמאגן. דא זיינען פאראן כלערליי פארמען, דהיינו: א חוטם פון א העלפאנט, עפעס א מין לאנס *) דערנאך ווידער א נאז — א יעגער-האָרן, א בלאז-נאז, א נאז, וואס איז אנגעשפיצט מיט דערנער, א נאז, וואס איז באצירט מיט קאשטאנעס, מיט עפעס קליינע פייגעלעך אויפן שפיץ.

די נעז-לייט צעטרייבן דעם עולם-גולם, שטופן די הענט, וואו מען דרף ניט, און קלאפן די ווייבער איבער די הינטער-חלקס, אז יענע הייבן אזש אן צו קוויטשן. אלץ אבער מאכט פליטה פאר דעם מלך פון די נעז, וואס קייקלט זיך ווי א שטורם-באק, ווי א רעדער-הארמאט אויף א הויכן לאפעט מיט אימפעט אויף רוק און... נאז צו צעברעכן.

אינמיטן דעם המון, אויף א הויכן וואגן זעט זיך דער גרויסער פאסט, דער קיניג פון די פישפרעסער. עס רינגלען אים ארום בלאסע, גרינע, אויסגעדארטע, אויסגעמאגערטע, אפגעקרא-בענע, ציטערנדיקע, איינגעהילטע אין פעלערינעס פיגורן. אויף די היט און היטלען—צייכנס אין דער פארם פון פיש און וויפיל פיש טוט זיך עס ארום, דא האלטן עטלעכע פארשוין א הערינג פארן עק, דארט שאקלט עפעס א קריע-בליעניק מיט א קאפ פון א

*) 8 כארצייטיקע פיקע מיט א פענדל פון אויבן.

העכט, — מיט איין וואָרט אַ אויסשטעלונג פון דער גאַנצער וואסער־פאַונע. פארשטייט זיך, אז דעם צוג רינגלט ארום א גאַנצער המון לאַבוזעס, אין איין עק טאַנצט דער טייוול אין א פארטעך פון א קוכער מיט א פאַטעלניע אין איין האַנט און א קאַכלעפל אין דער צווייטער האַנט.

און אַט באַווייזן זיך די העלדן פון טאָג. עס קומט אָן די מלכה־וואורשט, וואָס זיצט אויף אַ הויכן טראָן פון שינקע, ארומגערינגלט מיט טורעמס צונגען. אויפן קאָפּ האַלט זי א ווארשט, אויפן האַלז אַ לאַנגן קראַנץ וואורשטלעך, מיט וועלכע זי שפּילט זיך גראַציעז. רעכטס און לינקס פון דער מלכה שפּאַנען בלוטיקע און פּאַשטעטיקע קישקעס, די ספּעציאַליטעט פון קלאַמסי, און עס פירט זיי אַלע אויפן פעלד פון רום דער פאַלקאָוניק פּיינשמעקער. באַצירט מיט גוטע זאַכן פון טייג און קונציקע אויסאַרבייטונגען פון חזיר־שמאַלץ, זעען זיי אויס פּרעכ־טיק, ריזיק, גלאַנצנדיק און הערלעך.

אונטער די קלאַנגען פון פענדלעך, צימבלען, זיפּן, פּאַ־טעלניעס און אוממענטשלעכע קולות קומט אָן צו רייטן אויף אַן אייזל דער קיניג פון די האָרנטרעגערס ווינסענט פּליוויאַ בכבודו ובעצמו. ער איז איינשטימיק געוואָרן אויסגעקליבן און האָט דעם מאַנדאַט אָנגענומען מיטן גאַנצן ערנסט. ער זיצט אויף זיין חמור מיטן פּנים צום עק און אַ הויכן טורבאַן אויפן קאָפּ, און אין דער האַנט האַלט ער אַ שאָל און הערט זיך צו צו דער רווישיקער אָוואַציע פון זיין סוויטע, וואָס דערציילט אין פּראָזע, ליד און געזאַנג זיין געשיכטע און רימט אים מיט שיינע רייד. אלס א דורכגעטריבענער חכם, ווייזט ער ניט ארויס קיין גאווה. ער האַלט זיך ביי דער מדרגה און נעמט אַלעמאָל אַ קאָפּ, בלויז, ווען דער צוג גייט פאַרביי עפּעס א הויז, וואָס איז אויך באַרימט מיט דער־זעלבער פאַסירונג, הייבט ער אויף דעם בעכער און שרייט אויס: הע, הע... חברל, פאַר דיין געזונט!

דעם צוג שליסט אָפּ: דער פרילינג. דאָס איז אַ שיין, פריש מיידל, אַ ראָזע און לאַכנדיקע׳ די בלאָנדע האָר, וואָס זיינען צו־געקאַמט אויף גלאַט, באַשיינען בוקעטן געלע שליסל־בלימלעך.

פונקט אַזאַ קרענצעלע לאָזט זיך אַראָפּ פון האַלז צום גרינעם בלוזקעלע, אין וועלכן עס זיינען באַהאַלטן, ווי אייער אין אַ נעסט, צוויי קיילעכדיגע בריסטלעך. אין דער האַנט האַלט זי אַ פול קיישל בלומען. זי זינגט, אויפהויבנדיק אינדערהויך די ברעמען, אויסגלאָצנדיק אירע בלויע, גרויסע אויגן און מאַכנדיק אַן O פון די ליפּעלעך. מיט אַ ביסל אַ קוויטשעדיק קעלעכל זאָגט זי אַלע־מען אָן די בשורה, אַז די שוואַלבן קומען אינגיכן אָן. הינטער איר גייט אַ גרויסער וואָגן, איינגעשפּאַנט אין פיר ווייסע אָקסן, וואָס איז פול מיט יונגע, שטאָלצע, פריילעכע, שוין אפילו צו פריי־לעכע מיידלעך. עס זענען דאָרט פאַראַן אַ צוועלף יונגע באַק־פישלעך אין איבערגאַנגס־עלטער, וואָס שטעקן אין די ווינקלען אינגאַנצן פאַרטונקלט, ווי יונגע, דאַרע ביימלעך, וואָס זיינען איינ־געשפּאַרט צווישן אַרויסגעוואַקסענע שוועסטער. דער און יענער פעלט עפּעס צו, עס טרעפט זיך אַ מאַסקע, — אַלץ איז אָבער יונג און פול מיט חשק, און דער וואָלף וועט ניט האָבן וואָס צו ריידן אויף די שעפעלעך. זיי האַלטן שטייגן מיט וואַנדערפייגל, און אַריינשטעקנדיק אַלעמאָל די האַנט אין קיישל פון דער מלכה־פריילינג, וואַרפן זיי, די ייִנגלעך, וואָס שטופּן זיך אַרום דעם וואָגן, קיכלעך, פּעקעלעך און שקאַרמיצלעך, אין וועלכע די בר־מזלס גע־פינען שלאָף־מיצלעך, זאָקן, שאָקאָלאַד, גורל־צעטלען, ליבע־לידער, און צייטנווייז... הערנער.

דער וואָגן איז אָנגעקומען ביז אונטער דעם טורעם און זיך פאַרהאַלטן לעבן די טרעפּ. די מיידלעך שפּרינגען אַראָפּ און הייבן אָן אויפן קאַטעדראַלן פּלאַץ צו טאַנצן מיט די בחורים.

די מלכה־וואַרשט אָבער, דער גרויסער פּאָסט און דער קיניג פון די הערנער־טרעגער גייען ווייטער זייער טריומפאַלן מאַרש. זיי פאַרהאַלטן זיך יעדע רגע, כדי צו אַנטפּלעקן פאַרן המון עפּעס אַ היפּכן אמת, אים אַ זוך צו טאָן אויפן דעק פון גלאָז.

לאָמיר טרינקען ווײַן! לאָמיר טרינקען ווײַן!
מיר זאָלן אַלע פריילעך זיין...
קיין בורגונדער וועט זיך ניט באַפלעקן,
ער זאָל די הענט נאָך ווײַן ניט שטרעקן.

* *

*

אַז מען טרינקט צו פיל, ווערט די צונג ווי אַ שטיק האָלץ, און די האָפערדיקייט ווערט אינגאַנצן צעגאַנגען. איך לאָז דעריבער איבער דעם וואַוילן ווינסענט צוזאַמען מיט זיין שמירה אויף דער גאָענטסטער שיכרות־סטאַנציע אין שאָטן פון פעסל און טראָג זיך אָפּ. דער טאָג איז אַ צו שיינער, איך זאָל אים פאַרברענגען אין געדראַנג. מען דאַרף כאַפּן דעם אָטעם מיט דער פרישער לופט פון די פעלדער.

מיין אַמאָליקער פריינד, דער פראָבסט שאַמאַי, איז געקומען פון זיין דערפל אויף אַן אויפנאַם צום קאַנאָניקער פון קאַטעדרע פון הייליקן מאַרטין און פאַרבעט מיך, איך זאָל אים באַגלייטן אַ שטיקל וועג. איך נעם מיין קלאָטעלע און מיר זעצן זיך אַריין אין אַ קליין טרייסלענדיק וועגעלע, וואָס עס שלעפּט אַן אייזל. דאָס אייזעלע איז אַזאַ קליינס, אַז מען וואָלט עס געקענט איינאָרדענען אין וועגעלע צווישן מיר און קלאָטעלען. פאַר אונז שפּרייט זיך אויס אַ ווייסער גלייכער וועג.

די זון דרעמלט. זי וואַרעמט זיך אַליין ביים אייגענעם קווי־מענדל, פאַר אונז בלייבט שוין גאָר קנאַפּ וואַרעמקייט דאָס איי־זעלע פאַלט אויך נאָך יעדן טריט אַריין אין אַ דרעמל אָדער אין מחשבות, דער פראָבסט רופט עס צו דער אָרדענונג מיט אַ בייזער שטים, וואָס איז ענלעך צום זשומען פון אַ גרויס גיזל.

— מאַרלאָן! וואָס איז דאָס?

דאָס אייזל טוט אַ ציטער, עס שפּיצט אָן די אויערן אַלס תשובה, דערנאָך שלעפּט עס זיך זיגזאַגמעסיק פון איין ריוו צום אַנדערן. אין אַ רגע אַרום אָבער בלייבט עס שטיין און טראַכט, ניט האָרכנדיק דאָס זידלען.

— עס זאָל דיך! — שרייט דער פראָבסט, דערלאַנגענדיק איר אין הינטן מיטן שטעקן. זאָלסט ניט האָבן קיין צלם אויפן רוקן, וואָלט איך דיר, אויף מיין נאמנות, די ביינער צעבראָכן.

מיר פאַרהאַלטן זיך אָפּצורוען אין דער ערשטער קרעטשמע, אויף דעם אויסבויג פון וועג. וועלכער לאָזט זיך פון דאַנען אַראָפּ צום דערפל אַרם, וואָס ווייזט זיך פון ווייטן און שפיגלט זיך אין די קרישטאָלענע כוואַליעס פונם טייך. אינמיטן דעם שכנותדיקן פעלד שטייט אַ גרויסער נוסנבוים און שפרייט אויס צום הימל זיינע נאַקעטע, סוקיקע, שוואַרצע אָרעמס. ער איז נאָך אינגאַנצן מיט אַ פליך. אַרום דעם בוים טאַנצן מיידלעך. לאָמיר צוגיין צו זיי. היינט טאַקע האָבן זיי געבראַכט צוטראָגן, לויטן מנהג, דער מומעשי סאָראָקעלע אַ געהייליקט קיבעלע:

— קלאָטעלע... זע נאָר! דאָרט אויפן בוים זיצט אַ סאָראָקעלע, אַ סאָראָקעלע, אַ רכילותניצע, אַ סאָראָקעלע אַ גנבטע... זעסט? עס האָט אַ ווייס וועסטעלע און בויגט זיך אויס אונז צו זען. אַ שרעקלעך נייגעריקס דאָס איז. אַלץ מוז עס וויסן. זיין נעסטעלע האָט ניט—ניט קיין טירן, ניט קיין פענסטער, האַלט זיך קוים אויף אַ צווייג און דער ווינט הוליעט דאָרט וויפיל עס גלוסט זיך אים נאָר. דאָס איז בכיוון, מחמת עס האָט מורא, אַז עס וועט עפּעס פאַרלוירן גיין פון זיינע קיילעכדיקע, נייגעריקע אויגן און עס וועט ניט קענען עס אויספּלאַפּלען. זייער אָפט ווערט עס דורכגעפרוירן ביז די ביינער, אָדער דורכגעווייקט ביזן לעצטן פאָדים... עס מאַכט זיך אָבער זייער קנאַפּ דערפון. דער עיקר איז, צו שטילן דעם נייגיר. עס איז שרעקלעך שלעכט: עס מאַכט דעם איינדרוק, ווי עס וואָלט זאָגן: „וואָס גייען מיך דאָרט אָן זייערע מתנות? נעמט אייך זיי צוריק. איר מיינט, אַז ווען איך זאָל האָבן חשק צו אייערע נאַרישע קיבעלעך, וואָלט איך זיך ניט געקענט קיין עצה געבן? האָ... האָ. . איך וואָלט זיי צוגעגנבעט און פּטור! איך האָב ניט קיין הנאָה צו עסן אַ זאַך, וואָס עמעץ רוקט מיר אונטער דער נאָז אַרונטער: מיר שמעקט גאָר געגנבעטס!

— צו וואָס-זשע, זיידעשע, געבן דער נאַרישער גנבטע אַ קיבעלע, וואָס איר באַצירט מיט אַזעלכע שיינע בינדער... צו וואָס איר ווינטשן אַלדאָס גוטס?

— ווייל, מיין קינד, ס'איז בעסער און קליגער צו לעבן מיט שלעכטע גוט, איידער שלעכט.

— דו לערנסט זי גוטע זאַכן אויס! — איז אין כעס געוואָרן דער פּראָבסט.

— איך זאָג ניט, אַז דאָס איז גוט, איך זאָג בלויז, אַז אַזוי טוט יעדער איינער, און דו אַלין דער ערשטער, ליבער פּראָבסט, דריי ניט מיט די אויגן. זאָג, וואָלסט ניט פאַרשטאָפּט מיט פאַר־געניגן דאָס מויל מיט אַ קיכעלע עפּעס אַן אשה צנועה, וואָס קומט דיך פּייניקן, דרייען אַ מוח, וואָס ווייסט אַלץ, הערט אַלץ, שטופּט אומעטום אַריין איר נאָז?

— גאָט מיינער, הלוואי וואָלט זי זיך באַנוגנט בלויז מיט אַ קיכל — האָט אויסגעשריען דער פּראָבסט.

— אַ סאָראָקע איז אָבער אַזוי אויך מער ווערט, ווי אַ פרוי.

— איר צונג קומט לכל הפּחות אַמאָל צו ניץ אויף עפּעס!

— צו וואָס, זיידעשע! — האָט אַ פרעג געטאָן קלאָטעלע.

— ווען עס באַווייזט זיך אַ וואָלף, שרייט דאָס סאָראָקעלע אויפן גאַנצן קול.

תיכּף ווי די ווערטער זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרן, האָט דער פויגל אויפגעהויבן אַ שרעקלעכע יעלה. ער האָט געפּאָכעט מיט די פליגל, געקוויטשעט, געשאָלטן מיט טויטע קללות, צוגע־פלויגן און ס'איז קלאָר געווען, אַז עס פאַרדריסט זי עמעצנס זיין אין דעם טאָל פון דערפל אַרם' דער סאָראָקעס חברים, וואָס האָבן עק וואלד זיך געדרייט, דער דוילפויגל (זשאַקל) און די קראָ (קאָ־לעכל) האָבן אָפּגעענטפערט מיט דעמזעלבן אויפגערעגטן און אומ־געדולדיקן געשריי. און לייטן האָבן געלאַכט און געשריען:

— אַ וואָלף... אַ וואָלף? האָ... האָ... האָ, אַ טעות, מען זעט אין ערגעץ קיין וואָלף ניט!

מען האָט קיין זאַך ניט געזען. עס האָט זיך אָבער אַרויסגע־וויזן, אַז די סאָראָקע האָט יאָ געזען... מחמת פלוצלונג... צו אַלדע שוואַרצע רוחות...

אַ חברה באַוואָפנטע מענטשן האָט זיך באַוויזן אויף דעם בערגל. זיי לויפן שנעל פאַראויס. מיר דערקענען זיי. דאָס זיינען די אויסוואורפן, די זעלנער פון ווערזליי. ווייסנדיק, אַז די שטאָט אונזערע האָט ניט קיין גאַרניזאָן, האָבן זיי משמעות באַשלאָסן אָנ־

צונעמען ביי אונז שפּייז. איך קען אייך ערוב זיין, אַז מיר האָבן קיין סך צייט זיי צו באַוואונדערן ניט פאַרלוירן. עס האָט זיך דערהערט אַ געשריי:

— פּ ל י ט ה! פּ ל י ט ה!

עס איז געוואָרן אַ מהומה, מענטשן האָבן אָנגעהויבן זיך שטופּן, שטויסן, אַלע האָבן גענומען לויפן מיט אַלע כוחות, אין-מיטן וועג, קווער די פעלדער, אַ טייל — אָנרירנדיק מיט דעם בויך די ערד, אַנדערע ווידער — מיט דער צווייטער זייט קערפּער.

מיר שפּרינגען אַריין אין וועגעלע. ווי מאַדלאָן וואָלט פאַר-שטיין אין וואָס עס גייט, גיט זי זיך אַ לאָז גאַלאָפּ און פליט פייל פון בויגן, און דער וואוילער פּראָבסט דערלאַנגט איר אין די זייטן מיט דעם שטעקן, פאַרגעסנדיק אינגאַנצן אָן דעם רעספּעקט פאַרן באַשעפעניש, וואָס האָט אַ צלם אויפן רוקן.

מיר פאָרן אַרומגערינגלט מיט אַ המון, וואָס מאַכט פּליטה און יאָמערלעכע קולות. מיר קומען צו ביז קלאַמסי, באַדעקטע מיט שטויב און שטרוי, די ערשטע. הינטער אונז שפּאַרן זיך ערשט די פאַרשפּעטיקטע. מיטן גאַנצן גאַלאָפּ קומען מיר אָנצו-לויפן אין דעם וועגעלע, וואָס שפּרינגט יעדע ווילע אונטער, ביז צו דער פּאָרשטאָט. מאַדלאָן, שוועבט אין דער לופטן, דער פּראָבסט הערט ניט אויף צו דערלאַנגען און אַלע שרייען מיט איין קול:

— דער שונא גייט!

לייטן האָבן תחילת געלאַכט פון אונז, זיי האָבן תיכף אָבער זיך משער געווען אין וואָס עס גייט. ס'האָט אָנגעהויבן שוויב-לען און גריבלען, ווי אַ מילבן-בערגל, ווען מען שטעקט דערינען אַריין אַ שטעקן. ס'איז געוואָרן אַ בהלה, יעדער איינער האָט זיך דאָ באַוויזן, דאָ נעלם געוואָרן, זיך אומגעקערט, ווידער אַרויסגע-גאַנגען. די מאַנסלייט האָבן זיך באַוואָפנט, די פרויען האָבן גע-פּאַקט, צונויפגעלייגט, צוזאַמענגעבונדן די זאַכן און די גאַנצע באַ-פעלקערונג פון פאָרשטאָט האָט, פאַרלאָזנדיק די הייזער, זיך גע-לאָזט אין דער שטאָט אַריין, גאַרנדיק ווי צומגיכסטן צוצוקומען הינטער די מויערן. זיי זענען אַנטלאָפן ווי מען גייט און שטייט,

אין די קאָסטיומען און מאַסקעס, אין אויסטערלישע היטלען, דער מלאך-חבלה גאַרגאַנטוא, — אַלע זענען געלאָפן צו די באַסטיאָנען, באַוואָפנט מיט פּיילנבויגנס און האַרפּונען.

בשעת דער אַוואַנגאַרד זעלנער פון ווזעליי האָט זיך געפונען הינטער די מויערן, זיינען די הענגל-בריקן שוין געווען אויפגעהויבן, און אין דער צווייטער זייט ריוו האָבן זיך געפונען בלויז עטלעכע אביונים, וועלכע האָבן ניט געהאַט וואָס צו פאַרלירן און זיך ניט געאיילט צו באַהאַלטן צוזאַמען מיט אונזער ליבן קיניג פון די הערנער-טרעגער פּליוויאָ, וואָס האָט, אַ פאַרלאָזענער פון דער וואַך, פול מיט ווייַן אַזש ביז איבער די נאָזלעכער און אַן אָנגעבלאָזענער, ווי אַ פאַס, געכראָפּעט אויף זיין אייזל, צודריקנדיק מיט ביידע הענט דעם עק.

און אָט האָט זיך תיכף אַרויסגעוויזן, ווי גוט ס'איז צו האָבן פאַר שונאים אייגענע לאַנדסלייט—פראַנצויזן. אַלע אַנדערע זיינען בונטע אָקסן, אַ דייטש, אַ שווייצער, אַן ענגלענדער איז ערשט תופס ערב-ווייַנאַכט. וואָס ער הערט אין יום-טוב פון אַלע הייליקע, און וואָלט פאַרשטייט זיך געהאַלטן פאַר אַ חוזק די מעשה מיט דעם ליבן פּליוויאָ. פראַנצויזן פאַרשטייען זיך אָבער אויפן וואונק: מיר מעגען זיך צווישן זיך שלאָגן, גנבענען, רויבן, דאָס איז אַן אַנדער מעשה, מאַכט זיך אָבער אַ גוטער שפּאַס, זיינען אַלע תיכף אים תופס.

דערזעענדיק אונזער סילענען, האָט די גאַנצע פיינטליכע אַרמיי אַ שאָס אויס געטאָן מיט אַ האַרציק, הויך, פריילעך געלעכטער. זיי האָבן געלאַכט אמת פראַנצויזיש, דאָס הייסט מיט די אויגן, ליפּן, נאָז, האַלז, האַרץ, בויך, אפילו מיט די פיס, וואָס האָבן געציטערט צום טאַקט פון געלעכטער.

הייליקער ריגאָבערט! זעענדיק ווי זיי לאַכן, האָבן מיר אַזאַ רעווע געטאָן אַלס ענטפער, אַז דאָס געלעכטער האָט אַזש אָפּגעהילכט לענגאויס די גאַנצע מויערן.

דערנאָך האָבן מיר זיך אויסגעטוישט מיט זידל-ווערטער אין אַ שפּאַסיקן טאָן, לויטן מוסטער פון די קלאַסישע אויסדרוקן פון איאַקס און העקטאָר. אונזערע זיינען בלויז געווען אַ ביסל פּוכלער און... פעטער. איך וואָלט גערן זיי פאַרצייכנט איך האָב אָבער קיין

צייט ניט. אַלנפאַלס וועל איך ניט פאַרגעסן זיי מצרף צו זיין צו דער זאַמלונג פון די בעסטע ממזר-שטיק, ווערטלעך, וויצן און בורגונדישע חכמות, וואָס איך האָב זיך אָנגעהערט, זינט איך דריי זיך אום אין דעם עמק הבכא, אין וואָס איך זאַמל זיי שוין אַן ערך צוועלף יאָר. ביים בלויזן דערמאָנען זיך אָן זיי שאָקלט זיך דער בויך פון געלעכטער און עס מאַכן זיך קלעקן אויף דעם כתב-יד.

*

* *

נאָכדעם, ווי מען האָט געענדיקט דעם אויסטויש פון זידלערייען האָט מען זיך באַדאַרפט נעמען פאַר דער אַרבעט. (אַ גוטע זאַך, זיך אויסצוטענהן פאַר דער אַרבעט), אָבער ניט מיר, ניט זיי האָבן ניט געהאַט קיין חשק זיך לאָזן אין צו ווייטע דרכים. זיי.. האָבן געפילט, אַז דאָס עסק האָט זיך ניט איינגעגעבן, מחמת מיר האָבן באַצייטנס פאַרמאַכט די טויערן און קריכן אויף די מויערן האָט קיינער קיין חשק ניט געהאַט מען קען אַריינפאַלן און רוק און לענד צעבּרעכן, זיי האָבן דאָך אָבער עפּעס געמוזט טאָן... ווי גייט מען עס אַוועק אָן אַ רעזולטאַט דאָס פּאַסט דאָך ניט האָט מען אָנגעהויבן אויסצובּרענגען בחינם פּולווער, וואַרפן פּעטאַרדעס... עס האָבן אָבער אודאי פון דעם קנאַלן בלויז די שפּערלען געליטן. זיצנדיק אָנגעשפּאַרט אָן די אָנלענען פון די מויערן, האָבן מיר רויק געוואַרט ביז די פייגעלעך וועלן פאַרביי-פליען און דעמאָלט האָבן מיר זיי געשיקט אַ גאָרשטש ניסלעך, ניט האָבנדיק אָבער קיין גרויס צוטרוי (מען דאַרף זיך ניט צופיל פאַר-שטעלן) האָט דער אָדער יענער ערשט אַרויסגעקוקט דעמאָלט (מחמת נייגעדיקייט), ווען ס'האָבן דערגרייכט צו אונז די קללות פון אונזערע לייט, וואָס זיינען גענומען געוואָרן אין געפענגעניש. דאָרט איז גע-ווען אַן ערך אַ טוץ מאַנסלייט און פרויען, וואָס זיינען געשטאַנען הינטערן מויער אויסגעשטעלט אין אַ שורה, אויסגעדרייט צו אים מיט די פּנימער, די... הינטנס ווידער האָבן די זעלנער באַלייגט מיט שטעקנס. זיי האָבן זיך געריסן אויפן גאַנצן קול, הגם די יסורים

זייערע זיינען גאָר ניט געווען אזוי גרויס. כדי זיך נוקם צו זיין, האָבן מיר אויף די לאנגן ארויפגעהאקט שינקעס, וואורשטן און סאַלצע-סאָנען, און אויפהויבנדיק זיי אינדערהויך האָבן מיר מארשירט לענג-אויס די מויערן. די שונאים האָבן באמערקט די אלע געשמאקע זאכן, האָבן זיי ארויסגעלאָזט א געשריי פון בּאָסט און בּאַגער.

מיר האָבן באשלאָסן דעם ערשטן טאָג פון באלאגערונג זיך לאָזן וואולגיין (אַ טייער שפּיל, דאָס געבראָטנס מוז זיין מיט סאָס) און אויסגעשטעלט אונטער די מויערן תיכף צו פארנאכט צו גרויסע טישן. און אויף זיי האָבן זיך באַוויזן בּערג עסנווארג און באַטאַרייעס פלאשן. מיר האָבן געפּראוועט די סעודה מיט א ליארם, האַלטנדיק טאָסטן לכבוד דעם פרילינג: די באַלאַגרנדיקע האָט שיר די ניכפּה ניט געכאפּט פון כעס. אזוי איז אוועק דער ערשטער טאָג אָן גרויסע היזקות. אמת, איינער איז פון אונז אומגעקומען, דער דיקער גינא. ער האָט זיך איינגעשפּארט, אז ער וויל שפּאצירן אויפן מויער מיט א גלאָז אין דער האנט, כדי אריינצוטרייבן דעם שונא אין נאָך מער בּאָסט, ער איז געווען אַ ביסל בגילופין און תיכף, ווי ער האָט זיך נאָר באוויזן, האָט זיך דערהערט אַ שאָס און דאָס גלאָז, צוזאַמען מיט זיינע געהירן זיינען אויף פּיץ-פּיצלעך צעשמעטערט געוואָרן. פון אונזער זייט ווידער, האָבן מיר אויך גלייך געלייגט איינעם אָרער צוויי. דאָס האָט אונז אָבער די שטימונג ניט געפּטרט, מחמת כידוע: ביי יעדער שמחה מוז עפּעס צעבראָכן ווערן... און אַז מען האקט האָלץ, פליען שפּענער.

דער פּראָבסט שמאי האָט איבערגעווארט די נאכט, כדי ארויס-צופּאָרן פון שטאָט און אומצוקערן זיך אַהיים. בחינם זיינען געווען די טענות, אומזיסט האָב איך אים געראטן:

— מיין פריינד, דו שטעלסט איין דאָס לעבן. ווארט בעסער ביז די מעשה וועט זיך ענדיקן. דער אויבערשטער וועט שוין השגחה האָבן איבער דיינע געמיינדע-לייט.

ער האָט געענטפערט:

— איך קען ניט פארלאָזן מיינע שעפּעלעך. איך בין גאָנס רעכטע האנט, און אז איך וועל חלילה אויספעלן, וועט דער אויבער-

שטער נאָך בלייבן א געלינקסטער. איך מוז פאָרן. איך וועל זיך שוין ווי עס איז אן עצה געבן.

— איך ווייס, איך ווייס, דו האָסט געוויזן וואָס דו קענסט, בשעת די הונגעראָטן האָבן באלאגערט דיין קלויסטער. דערמאָלט האָסטו אייגנהענטיק גלייך געלייגט מיט א שטיין זייער אָנפירער דעם פויפסטנפרעסער.

— ער האָט זיך אומגעהייער פארחידושט! — האָט געענט־פערט דער פראָבסט. — ער האָט, דער הונטשלענער, ניט געקענט תחילת תופס זיין, וואָס עס איז געשען. איך אליין האָב זיך אויך ניט געגלייבט. איך בין בטבע א רויקער מענטש און בין ניט דור־שטיק נאָך בלוט. דאָס איז א שוידערלעכע זאך. ווען א מענטש פאלט אריין צווישן א חברה משוגעים, ווערט ער אליין אויך מטורף. און א וועלפישער הייל ווערט יעדער איינער אליין אויך א וואָלף.

איך ענטפער:

— גערעכט. ס'איז גענוג צו זיין אין המון, כדי צו פארלירן דעם שכל. הונדערט חכמים צוזאַמען זיינען א ביל פון איין טיפש, עטלע־כע שעפסן גיבן איין וואָלף. זאָג מיר אָבער, מיין טייערער, ווי טוסטו זיך אן עצה מיט די צוויי מינים עטישע פרינציפן, דהיינו מיט דער עטיק פון א יחיד, וואָס לעבט זיך אויג אויף אויג מיט זיין געוויסן און איז א רודף־שלום פאר זיך און פאר זיינע נאָענטע... און פון דער צווייטער זייט, מיט דער עטיק פון דער מענטשלעכער טשערע־דע, דער מלוכה, וואָס מאכט פון מלחמה און פארברכן א גוטע מידה. וואָסער מאָראַל שטאַמט־זשע אזוי אַרום פון גאָט?

— א שיינע שאלה? פאַרשטייט זיך, אז סיי די ערשטע סיי די צווייטע! אַלץ שטאַמט דאָך פון גאָט!

— אויב אַזוי, ווייס גאָט אליין ניט וואָס ער וויל. הגם מיר דאכט זיך, אז ער ווייס יאָ, נאָר ער קען זיך פשוט קיין עצה ניט געבן. ס'איז נאָך א האַלבע צרה, ווען ער האָט צו טאָן מיט א יחיד. ס'איז ניט שווער אַזאַ איינעם נעבעך צו צווינגען זיין געהאָרכ־זאַם, זאָלן זיך אָבער מענטשן צונויפנעמען אין איין כנופיה... האָ... האָ... ס'איז שוין גאָרניט קיין לייכטער ענין מיט דער חברה:

האַלטנדיק זיך אָן דער כנופיה. Nec Hercules contra plures (*
הערט דער מענטש זיך צו גיכער צום מורמל פון דער מוטער-ערד, וואָס רעדט צו אים וועגן מאָגן און רוקט אים אונטער פליישגיריקע אינסטינקטן.

דו קענסט דאָך אונזערע פאָלקס-מעשיות, אין וועלכע עס רעדט זיך וועגן דעם, אַז אין געוויסע תקופות ווערן מענטשן וועלף, און דערנאָך קריכן זיי אריין אין דער אייגענער הויט. די דאָזיקע לעגענדעס זיינען אַ ביסל רעאַלער, אַ ביסל צוגעבּונדענער צום לעבּן, ווי דיין בּרעוויער, ליבּער פריינד! אין אַ מלוכה בּאַקומט יעדער מענטש די אייגנשאַפטן פון אַ וואָלף. זאָלן זיך דאָרט די מלוכות, קיסרים און זייערע מיניסטאָרן אָנטאָן מלבושים פון אַ פּאַסטוך, זאָלן זיי זיך ריידן, אַז זיי זיינען דעם גרויסן גוטן פּאַסטוכס קרובים, צי מחותנים, — דאָס זיינען אָבּער אַלץ בּלוטדורשטיקע וועלף, אָקסן, ניט געזעטיקטע העלזער און בּייכער אָן אַ דנאָ. און זיי טוען דאָס מיט חשבּון, כדי ס'זאָל זיך ניט ענדיקן דער גרוי-סער הונגער פון דער וועלט.

— דו פלוידערסט, מיין טייערער, — האָט אַ געשריי געטאָן שאַמאַי, — דער רבּונו של עולם האָט בּאַשאַפן דעם וואָלף, ווי אַלע אַנדערע בּאַשעפענישן. און געטאָן האָט ער עס פאַר אונזער טובה וועגן. ווייסטו דען ניט, אַז יעזוס קריסטוס אַליין האָט בּאַ-שאַפן דעם וואָלף — אַזוי דערציילט די לעגענדע — כדי ער זאָל בּאַשיצן פון ציגן און שאָף דאָס קרויט, וואָס וואַקסט אין גערטל פון דער יונגער פרוי, דער מוטער זיינער? און ער האָט גוט געטאָן. לאָמיר אים אָפּגעבּן כבוד דערפאַר. מיר האָבּן כסדר תרעומות אויף די שטאַרקע. שטעל זיך אָבּער נאָר פאָר, מיין טייערער, ווען די אַזוי גערופענע שוואַכע זאָלן ווערן די מושלים איבּער דער וועלט... וואָלט געווען אַ סך ערגער! פון דאַנען קען מען דרינגען: אַלץ איז נייטיק, אַזוי דער וואָלף, פּונקט ווי דאָס שעפעלע. די שעפּע-לעך דאַרפן האָבּן אַ וואָלף, ער זאָל זיי היטן און לערנען פאָר-זיכטיקייט, דער וואָלף ווידער דאַרף האָבּן די שאָף, מחמת ער מוז

*) ניטאָ קיין גבּור קעגן אַ רבּים.

דאָך לעבן... איך האָב געענדיקט, ליבער קאָלעבל, און איצט גיי איך היטן מיין קרויט.

ער האָט אויפגעהויבן זיין גלחישן ראָק, צונויפגעדריקט אין דער האַנט דעם שטעקן און איז אַוועק אינמיטן דער שטאָק-פינס-טערער, אָנשטערנדיקער נאַכט און איבערגעלאָזט אַ גערירטער אונ-טער מיין השגחה דאָס אייזעלע מאַדלאָן.

דער צווייטער טאָג איז געווען אַ ווייניקער פרייליכער. דעם ערשטן אָוונט איז אַוועק אַ סך מאכלים. מיר האָבן געפּראַוועט די סעודה, ניט רעכענענדיק זיך מיט דעם עתיד אויס לייכטזין, גאווה און לסוף אויס טיפּשות. די רעזערוון אונזערע זיינען אָבער גע-ווען מער ווי באַשיידענע. מען האָט געמוזט איינציען דעם בויך מיטן פּאַס און אַזוי איז עס טאַקע אויך געשען. מיר האָבן ווייטער געפירט אונזער שפּיל. עס האָט זיך שוין אָבער ניט איינגעגעבן. ווען ס'האָט אויסגעפעלט וואורשט, האָבן מיר אָנגעהויבן פאַבריצירן סוראָגאַטן. מען האָט אָנגעפילט די קישקעס מיט כל המינים מיסט און אַראָפּגעלאָזט אויף האַרפונען דעם שונא אונטער דער נאָז. די אויסוואורפן זיינען אָבער געפאַלן אויף אַ שפּיצל. איין קויל האָט געטראָפן אין אַ וואורשט און ער איז אַראָפּגעפאַלן צווישן דעם באַלאַגערנדיקן חייל. מען קען זיך פאָרשטעלן, ווער עס האָט דער-מאָלט געלאַכט. עס איז צעזייט געוואָרן די אילוזיע פון אונזער האָב און גוטס.

נאָך אַלץ ווייניק; די אָנפאַלער האָבן געזען, אַז מיר כאַפּן פיש אין טייך, אַראָפּלאָזנדיק פון די מויערן ווענטקעס גלייך אין טייך אריין, האָבן זיי פאַרלאָזט אין די אַלע ערטער נעצן מיט קליינע אייגעלעך, און דער גאַנצער פאַנג איז פון איצט אָן אַריינ-געפאַלן צו זיי אין די הענט. בחינם האָט דער קאַנאָניקער באַ-שוואוירן די היידן-חברה, זיי זאָלן אונז ניט שטערן צו האַלטן פאָסט. מיר זיינען צוליב מאַנגל אין פיש געווען געצוואונגען זיך אָנצופילן מיט חזיר-שמאַלץ.

מיר האָבן, פאַרשטייט זיך, געקענט בעטן הילף ביים פּירשט דע נעווער; דעם אמת גערעט אָבער, האָט אונז ניט געשמעקט... זיינע חיילות זאָלן קומען צו אונז צו גאַסט. ס'האָט דער שונא אונ-

טער די מויערן געקאָסט וויניקער, איידער דער פריינד אין שטאָט. מיר זיינען זיך דעריבּער בּאַגאַנגען אָן פאַרטיידיקער ווי לאַנג עס האָט זיך נאָר געלאָזט. דער שונא איז אַגב אַריינגעגאַנגען אין אונזער לאַגע און האָט זיך אַזוי דיסקרעט געהאַלטן, אַז מיר זיינען ניט געווען געצוואונגען מיט דעם מיטעל זיך צו בּאַנוצן. בּיידע צדדים האָבּן ליבּערשט געוואָלט דורכקומען אָן פאַרמיטלונג; מען האָט פּאַמעלעך, ניט געאײלט, אָנגעהויבּן פירן אונטערהאַנדלונגען.

אין בּיידע לאַגערן איז דאָס לעבּן געפלאָסן רויק און איז געווען גענוי רעגולירט. מען האָט זיך געלייגט פרי שלאָפן, מען האָט זיך שפּעט אויפגעהויבּן און דעם רעשט טאָג האָט מען געשפּילט אין בּיינער, אין קאָרקעס און מען האָט געגענעצט גיכער פון לאַנגווייל, ווי פון הונגער. איבּריקנס, אינמיטן טאָג האָט מען אויך געכאַפּט אַ דרעמל, אַזוי, אַז סוף-כל-סוף זיינען מיר אַלע, ניט קוקנדיק אויפן פאָסט, געוואַקסן אין דער בּרייט.

מיר האָבּן זיך בּאַמיט צו פאַרהאַלטן ווי צומרויקסטן, ס'איז אָבּער שווער געווען זיך אַן עצה צו געבּן מיט די קינדער און געווען זיינען זיי אַ היפּש בּיסל, די חברה, וואָס איז כסדר אומגעלאָפן, געמאַכט קולות, געלאַכט, האָט אונז זייער אָפט דערפירט בּיז יאוש. די קינדער פלעגן אַרויסקריכן אויסער די מויערן, שטעלנדיק זיך אונטער דער סכנה פון קוילן, פלעגן אַרויסשטעקן די בּאַלאַגערנדיקע די צונגען, בּאָמבּאַרדירן זיי מיט שטיינער. די יינגלעך האָבּן געהאַט אַ גאַנצע ארטילעריע פיילנבויגנס, קוילנווארפערס, געשפּאָלטענע העלצלעך און אַנדערע שטיינערוואַרפערס, מיר האָבּן בּיי זיי צוגענומען די כלי-זיין, וואו עס האָט זיך נאָר געלאָזט, האָט עס דען געהאָלפן? אַלע רגע האָט מען אויסגעשאָסן מיט אַ ווילד געלעכטער, ווען אַ שטיין פלעגט טרעפן. די ראָצערס האָבּן געזעווט פון שמחה, די בּאַלאַגערנדיקע האָבּן געשוואוירן, אַז זיי וועלן זיי שלאָגן מכות-רצח און יעדעס יינגל, וואָס וועט אַרויסשטעקן די נאָז, וועט ווערן דערשאָסן.

מיר האָבּן צוגעזאָגט אַכטונג צו געבּן אויף דער חברה; בּחינם אָבּער האָט מען זיי אָנגעדרייט די אויערן און אָנגעקלאַפּט די הינ-

טער־חלקים. זיי פלעגן נעלם ווערן, ווי די רוחות און זיך ווייזן דאָרט, וואו מען דאַרף נים. ווי ווייט עס איז דערגאַנגען, באַקלערט זיך נאָר, קען מען זען דערפון, וואָס איינמאָל האָט דאָס מלאָכל, דאָס נעבעכל (איך ציטער נאָך איצט), מיין קלאָטעלע, זיך ארויס־געכאַפּט צוזאַמען מיט די יינגלעך אויף די מויערן, און ווי אַ זאַק אַריינגעפאַלן גלייך אין דעם פעסטונגס־ריוו אַריין. איך וואָלט זי דעמאָלט געוועזן גוט אָנגעשמיסן. פאַרשטייט זיך, אַז איך בין אַן לאַנגע שהיות אַראָפּ נאָך איר און דער גאַנצער גאַרניזאָן האָט זיך אויסגעבויגן קוקן, וואָס איז געשען. ווען דער שונא זאָל געוועזן אויסנוצן די געלעגנהייט, וואָלטן מיר קיין לעבעדיקע ניט געוועזן אַרויס. די באַלאַנגערנדיקע האָבן אָבער אויך געקוקט אינם ריוו, וואו ס'איז זיך רויק געזעסן אַ קינד. זי איז ווי אַ קעצל אַראָפּגע־פאַלן אין גראָז אַריין און האָט זיך אפילו ניט דערשראָקן. זי איז געזעסן און, אויפהויבנדיק דעם קאָפּ, געשמייכלט צו ביידע רייען פנימער, וואָס האָבן אויף איר געקוקט. און דערנאָך אָנגעהויבן רייסן בלימלעך.

אַלע האָבן געלאַכט פון דעם פאַל, און דער וואָוילער הויפּט־מאַן פון די אָנפאַלער, דע ראַגי, האָט איר אפילו געגעבן אַ פודעלע מיט מיאַטענע צוקערלעך, וואָס ער האָט ביי זיך געהאַט און אָנ־געזאָגט הזהר והזהר, קיינער זאָל זי ניט וואַגן אפילו אָנצורירן.

קען זיך עמעץ אָבער אַן עצה געבן מיט ווייבער? בשעת מיר זיינען געוועזן פאַרנומען מיט קלאָטעלען, האָט מאַרטינעטע, וועלנ־דיק קומען אונז צו הילף, זיך אויך אַראָפּגעגליטשט פון די מויערן און איז אַזוי אַראָפּגעפאַלן, אַז איר אויפגעהויבן ביזן האַלז קליידל האָט אַנטבלויזט פאַר די באַלאַנגערנדיקע אַלע עולם־הזהדיקע אוצרות פון איר לייב, פון מזרח אָן ביז מערב און בכלל פון אַלע זייטן וועלט, צוזאַמען מיט די שטערן און שטערנגרופּן און זייער גאַנצן גלאַנץ. זי האָט געמאַכט אַן אומגעהייערן רושם, אָבער זי איז לחלוטין ניט נתפעל געוואָרן און איז צוגעגאַנגען צום קינד, עס אַ קוש געטאָן און דערנאָך גוט עס אָנגעשמיסן.

איין זעלנער האָט, אַ צערייצטער פון דעם, וואָס ער האָט גע־זען, זיך געלאָזט לויפן און אַ שפּרונג געטאָן אינם ריוו אַריין. ניט

לייגנדיק קיין אכט אויפן קאַפּיטאַנס געשרייען. זי האָט אומדער־שראָקן אויף אים געוואַרט. מיר האָבן איר אַראָפּגעוואָרפן פון אויבן אַ בעזים, זי האָט אים געכאַפּט און געוואָרפן זיך מוטיק אויפן שונא. זי איז געגאַנגען שאַרף צו דער אַטאַקע, פּאַכענדיק מיטן בלי־זיין און דערלאַנגענדיק קלעפּ, אַז דער בעלן אויף די געשמאַקע זאַכן איז כסדר אָפּגעטראָטן, ביז ער האָט לסוף, אַ מיאוס צעקלאַפּ־טער, פּאַרלאָזט דאָס שלאַכטפעלד.

מיר האָבן די טריאומפאַטאָרין צוזאַמען מיטן קינד אַרויפ־געצויגן אויף אַ שטריק, אונטער אַ געלעכטער פון ביידע זייטן. איך האָב אליין געצויגן, אַ שטאָלצער, ווי אַ פּאַווע, דעם שטריק, אויף וועלכן מאַרטינעטעלע איז געהאָנגען און געוויזן דעם שונא די פולע לבנה.

אַ גאַנצן טאָג האָבן געדויערט די באַראַטונגען, דערנאָך אָבער איז, צוליב די טויבע ידיעות וועגן דעם אָנקום פון פירשט דע נעווער, געקומען צווישן אונז צו אַן אויסגלייך און דערצו אויף זייערע גינסטיקע תנאים. מיר האָבן צוגעזאָגט די קעגנער מעשר פון דעם קומנדיקן טרויבנקלייב. ס'איז ניט זייער קיין שווערע זאַך צוצוזאָגן דאָס, וואָס מען האָט ניט, בפרט נאָך, וואָס מען דאַרף ערשט אין דער צוקונפט באַקומען. עס קען אַמאָל גאָרניט קומען דערצו, אַז מען זאָל מוזן האַלטן דעם אָפּמאַך, דערווייל אָבער וועט אַסך וואַסער אָפּפליסן אין טייך און נאָכמער ווייַן זיך אַריינגיסן אין די מאָגנס.

ביידע צדדים זיינען געווען איינער פון אַנדערן צופרידן און מיר נאָך באַזונדער פון זיך גופא. ליידער אָבער זיינען מיר אַרונטער אונטער דער רינע, נאָך איידער מיר האָבן זיך באַוויזן אויסצו־טריקענען פון רעגן. אין דער נאַכט נאָכן שלום־אָפּמאַך, האָט זיך אויפן הימל באַוויזן אַ צייכן.

אַרום צען אַ זייגער האָט זיך די קאָמעטע אויפגעהויבן פון דער זייט סאַמבער און רוקנדיג זיך צווישן די שטערן צו סט. פּיער־די־מאַן צו, זיך אויסגעצויגן אין דער פאָרם פון אַ ריזיקן שלאַנג. זי איז ענלעך געווען צו אַ שווערד מיט אַ קלינגל, וואָס דערמאָנט אָן אַ ברענענדיקן פּאַקל. נאָכן פלאַם האָט זיך געצויגן

א לאַנגע סטענגע רויך. דאָס הענטל פון דער שווערד האָט גע-האלטן אַ ריזיקע האַנט מיט פינגער, וואָס זיינען געווען פאַר-ענדיקט מיט עפּעס מענטשלעכע קעפּ. די קאָמעטע איז גע-ווען בלוט-פּיאָלעט און ביים עק געלבלעך, ווי אַ יאַטערדיקע וואונד.

אַלעמענס אויגן זיינען געוואָרן געווענדט צום הימל, אַלע מיילער האָבן זיך צעעפנט פון איין אויער ביזן אַנדערן, עס האָט זיך געהערט, ווי ציין קנאַקן. ביידע צדדים האָבן זיך איצט גע-שפּאַרט איבער דער נביאות, וואָס דער צייכן באַטייט און צו ווע-מען ער געהערט זיך אָן. מיר זיינען געווען זיכער, אַז דאָס איז אַ סימן פון די קעגנערס מפּלה, דאָך האָט אויך אונז געציטערט די הויט. דאָס הייסט געציטערט האָבן אַלע, אַחוץ מיר. איך האָב לגמרי קיין מורא ניט געהאַט, מחמת איך בין געשלאָפן און גע-שלאָפן בין איך דערפאַר, ווייל די צייט איז אין מיין אַלמאַנאַך גע-ווען באַצייכנט אַלס צייט פון נעמען רפואות און שלאָפן. איך וואָלט קיינמאָל ניט וואַגן זיך אַקעגנשטעלן דעם, וואָס עס איז אָנגעוויזן אין מיין אַלמאַנאַך און איך פיר הייליק אוים אַלע זיינע פאַראָרדענונגען, ווי עפּעס אַ עוואַנגעליום. מען האָט מיר אָבער אַלץ געגוי דערציילט פאַרשרייב איך לשם פּינקטלעכקייט די אַלע פאַקטן.

* *

*

נאָך דעם אונטערשרייבן דעם שלום-אָפּמאַך האָט מען גע-מאַכט אַ בשותפותע סעודה, און היות עס איז געווען גראָד קאַר-נאַוואַל, האָט מען געקענט גוט אָפּעסן. פון די שכנותדיקע דערפער האָט מען אונז אָנגעבראַכט עסנוואַרג, כדי צו מאַכן גרעסער די שמחה צוליב דעם באַפרייען די שטאָט, עס זיינען אויך אָנגעקומען אַ סך זולל-וסובאניקעס. דאָס איז געווען אַ הערלעכער טאָג אין פולן זין פון וואָרט! לענגאוים די מויערן האָט מען אויסגעשטעלט טישן. מען האָט דערלאַנגט דריי יונגע ווילדע חזירים, וואָס זיינען

געוואָרן גאַנצערהייט אָפּגעבראָטן און אָנגעפּילט מיט מאָלונג, פּאַ־שטעטן פון ריינער לעבער, ווייסע שמעקעדיקער שינקע, געראָיכער־טע אין יאָלרויך, פּאַשטעטן פון ווילדשוויין און גלאַט חזיר, וואָס שמעקן מיט קנאָבל און לאָרבער־בלעטער, דערנאָך העכט, שנעקעס אין די שאָלן, וואורשטן, געראָיכערטע פליישן, געדעמפּונג פון האָזן, שאָפּנקעפּלעך, וואָס צעגייען אין מויל, גאַנצע בערג פּורפּור־רויטע, געפעפערטע ראַקעס און צו דעם אַלעם קנאָבל־סאַלאַט מיט עסיק. פארשטייט זיך, אַז די מאכלים האָט מען ווי עס געהער צו זיין פאַרגאָסן מיט ווײַן: שאַפּאַט מאָדר און וואופּילו—ווי באַוואוסט, זיינען דאָס גרויסאַרטיקע אָרטיקע מארקעס. דער דעסערט איז באַ־שטאַנען פון וואונדערלעכע, פעטע, קריסטאַל־ריינע קילנדיקע זויערמילך מיט כוכאַרעס, וואָס האָבן אין ווײַן, ווי אַ שוואָם, אריינ־געזאַפּט אין זיך ביזן דעק דאָס גאַנצע גלאָז.

קיינער האָט זיך פון אָרט ניט גערירט, כל־זמן עס איז גע־ווען וואָס צו עסן. געלויבט זיין ליבער נאָמען, וואָס האָט אין אַזאַ קליינעם שטח פון בויך פאַרבאָרגן אַזאַ גרויסע פעיקייט אריינצו־נעמען עסנווארג און משקאות. מער פון אַלץ איז געווען אַמיזאַנט דער דועל צווישן דעם פרוש, וואָס מען האָט גערופן איירעלע פון סט. מאַרטין דע וועזעליי, וועלכער איז געקומען צוזאַמען מיט די וועזעליאַנער (דער גרויסער מאַן האָט דער ערשטער באַמערקט, אַז אַן אייזל קען ניט מאַכן קיין קולות, כל־זמן עס הייבט ניט אויף אינדערהויך דעם עק) מיט אונזער חשובן דאָן הענעגן, וואָס האָט געהאַלטן, אַז ער האָט אין זיינע פריערדיקע גלגולים געמוזט זיין אַ העכט, אָדער אַ קאַרפּ, וואָרעם ער האָט זיך אַזוי שוין אָנ־געטרונקען מיט וואַסער, אַז איצט קען ער שוין ניט טרינקען נאָר ווײַן.

דער קצה איז געווען, אַז בשעת מיר האָבן זיך אויפגעהויבן פון עסן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז מיר האָבן די וועזעליאַנער אַ סך מער ליב און שעצן זיי אַ סך מער, ווי דאָס האָט זיך געדאַכט ביי דער יויך. עסנדיק אויף אַזאַ אופן, דערוויסט זיך דער מענטש וועגן צוויטנס ווערט. ווער עס האָט ליב דאָס, וואָס עס איז גוט, דעם האָב איך ליב, מחמת ער איז אַ גוטער בורגונדער.

מיר האָבן בשלום ושלוה געהאַט פאַרלענדט די געשאַנקען פון הימל, בשעת עס איז אָנגעקומען די גאולה אין דער פאָרם פון פירשט דע נעווערס אָפּטיילונג.

ס'איז אַ שטות דאָס איז זיך צו שלאָגן צווישן זיך, ווען דאָס גייט אויס לטובת אונזערע פאַרטיידיקער. באמת טאַקע, ווען מיר זאָלן ניט האָבן קיין שונאים, וואָלט מען זיי אָן שום ספק באַשאַפן, כדי אונז צו קענען נעמען אין שוץ. אַ שיינעם דאַנק! רבונו של עולם! היט אונז פון אונזערע גוטע פריינד, פון אונזערע שונאים וועלן מיר זיך אַליין אויסהיטן! אָרימע שעפּעלעך! ווען זיי וואָלטן זיך דאַרפן בלויז היטן פאַר דעם וואָלף... מילא, וואָלט מען זיך שוין אַן עצה געגעבן. צום באַדויערן, איז די צרה נאָך גרעסער, ווען מען מוז זיך נאָך היטן פאַר דעם אייגענעם פאַסטוך אויך!

III

# דער פֿראָבֿסט פֿון ברעוו

תיכף נאָכדעם, ווי די וועגן זיינען אָפּגערוימט געוואָרן פֿון
די אומגעבעטענע געסט, האָבֿ איך באַשלאָסן ניט אָפּצולייגן אין
דער לאַנגער באַנק אַריין און זיך אָוועקצולאָזן צו מיין טייערן
פֿראָבֿסט שאַמאַי: זייער אומרויק וועגן אים בין איך ניט געווען.
איך האָבֿ געוואוסט, אַז דער וואוילער מענטש וועט זיך אַן עצה
געבֿן און זיין שטעטל באַשטיין. אַ מענטש פֿילט זיך אָבֿער אַלע-
מאָל זיכערער, ווען ער זעט מיט זיינע אייגענע אויגן זיין גוטן
פֿריינד. איבעריקנס, האָבֿ איך זיך געוואָלט אַ ביסל די פֿיס אויס-
גלייכן.

איך האָבֿ זיך געלאָזט אין וועג אַריין, ניט זאָגנדיק קיינעם
אַ וואָרט און צופֿייפֿנדיק, געוואַנדערט, לענגאויס דעם ברעג טייך,
וואָס האָט זיך געדרייט צופֿוסנס פֿון אַ וואַלדיקן בערגל. אויף די
יונגע בלאַסינקע בלעטלעך האָבֿן געפֿינקלט קליינע טראָפּנס רעגן
פֿון דעם געבענטשטן פֿרילינגס-טוי, וואָס פֿאַלט אַראָפּ פֿון הימל,
פֿאַרהאַלט זיך אַ רגע און הייבט ווידער אָן צו טריפֿן. אַ פֿאַרליבט
וועווריקל האָט געשריען אין געדיכטעניש, איבער די לאָנקעס האָבֿן
זיך געוויזן אומגעלומפּערטע גענז. ציגן האָבֿן געמאַכט שרעקלע-
כע קולות און אַ מויז-קיניגל האָט כסדר געלאָזט הערן זיין ט י ט י
פֿ י ט!

אויפֿן וועג איז מיר איינגעפֿאַלן צו באַזוכן מיינס אַ צווייטן
גוטן פֿריינד, וואָס וואוינט אין דאָרנעסי, דעם נאָטאַריוס פֿאַיאַר.
פֿונקט ווי די גראַציעס, זיינען מיר געוואוינט צו זיין אין דרייען.
איך האָבֿ אים געטראָפֿן, ווי אַלעמאָל, ביים שרייבֿ-טיש. אויסנוצ-
,יק יעדע פֿרייע מינוט, פֿלעגט ער פֿאַרשרייבֿן פֿלייסיק זיינע חלומות

און פּאָליטישע סברות. אויפן טיש לעבן די קאָרעקסן זיינען געלעגן אָפּן „נאָסטראַדאַמוסעס נביאות", וואָס הייסן אייך „צענטוריעס". עס מאַכט זיך אַמאָל, אַז אַ מענטש שטיקט זיך כסדר צווישן די פיר ווענט פון זיין דירה, דעמאָלט איז זיך דער שכל נוקם און לאָזט זיך אַרויס אויף די פליינען פון טרוים און אין די מרחקים פון זכרונות, און ניט קענענדיק רירן פון אָרט דעם שווער געוואָרענעם גוף, לייענט ער אויס דעמאָלט אין עתיד, וואָס עס וועט געשען...

אַלץ... שטייט פאָראויס געשריבן... אַזוי זאָגט מען, איך האָב אָבער ניט געקענט אויסלייענען אין די צענטוריעס קיין איין זאַך פאָראויס, נאָר ערשט דעמאָלט, ווען עס איז שוין געהאַט געשעען.

דער וואוילער פּאַיאַר האָט, דערזעענדיק מיך, געקראָגן אַ פריילעך פּנים און תיכף ומיד האָט דאָס גאַנצע הויז פון אויבן ביז אַראָפּ זיך געטרייסלט פון אונזער האַרציק געלעכטער. איך האָב מיט פאַרגעניגן זיך צוגעקוקט צו דעם קליינעם, קיילעכדיקן מענטשן, מיטן גערינצלטן פּנים. מיט די גרויסע קינבאַקן, מיט דער גלענצנד באַפּאַרבטער נאָז, מיט די אויגן און די פּאַלבן פון דער הויט, אַזעלכע לעבעדיקע און קלוגיטשקע. פּאַיאַר האָט געהאַט אַ בייסיקע מינע, האָט כסדר זיך באַקלאָגט אויף מענטשן און צייטן, אין תוך גענומען אָבער געקריגן די ניכפּה פאַר אַ וויץ און ממזר-שטיק, נאָך מער פאַר מיר. ער האָט געהאַט אַ טבע צו שיטן פריילעכע וויצן מיט אַ טויטער מינע און געהאַט מיט זיי אַ גדולה. ווען ער פלעגט זיך אָבער זעצן ביים טיש ביי אַ פלעשל משקה, לויבן דעם הייליקן קאָרנוס און מאָמוס און פאַרציען זיינס אַ באַליבטן נגון, — איז ממש אַ מחיה געווען אויף אים אַ קוק צו געבן.

ער האָט לאַנג געדריקט מיינע הענט אין זיינע גרויסע פולע דלאָניעס. סאַר אַ הענט דאָס זיינען געווען! שטאַלטע, פלינקע, אַלץ האָבן זיי געקענט: שרייבן, זשעסטיקולירן, שפּילן אויף כלערליי כלים, נייען, איינבינדן ביכער, שניצן, קלעפּן... אַלץ, וואָס איז געווען אין שטוב, פלעגט ער אַליין מאַכן. עס איז, אמת, ניט געווען אַזוי שיין, עס האָט אָבער אַלץ געהאַט אויף זיך אַ היימישן שטעמפּל, געהאַט דעם כאַראַקטער פון דעם שעפער, געווען זיין אָפּבילדונג.

כדי ניט צו פאַרגעסן די געניטשאַפט פלעגט ער זיך באַקלאָגן

דאָ אויף דעם, דאָ אויף יענעם — איך ווידער פלעג אויף צו להכעיס אַלץ לויבּן. ער איז געווען הער: ג ם ז ו ל ר ע ה, איך ווידער הער: ג ם ז ו ל ט ו ב ה. אַזוי פלעגן מיר זיך תמיד שפּילן. מער פאַר אַלץ פלעגט ער זיך באַקלאָגן אויף זיינע קליענטן און אין דעם פּרט׳ איז ער געווען לחלוטין גערעכט. זיי האָבּן ניט שטאַרק זיך געאיילט מיט רעגולירן די חשבונות, אַזוי, אַז ער האָט געהאַט חובות פון אַ יאָר פינף און דרייסיק צוריק. ער האָט אָבּער קיין שום געריכטס-מיטלען ניט אָנגענומען זיי אויפצומאָנען: ער האָט ליבּערשט געוואָלט זיך באַקלאָגן. בּכלל פלעגט מען אים צאָלן בּלויז על-פּי מקרה, בּשעת עמיצן פלעגט איינפאַלן דאָס צו טאָן און דער-צו תמיד אין נאַטור. ער פלעגט אַמאָל קריגן אַ קיישל אייער, אָדער אַ פּאָר הינדלעך. ער האָט שוין געהאַט אַזאַ טבע און מען פלעגט זיך באַליידיקן, ווען ער פלעגט אַמאָל מאָנען. ער פלעגט זאָגן, אַז ער האָט געלאָזן די זאַך מיט איר נאַטירלעכן גאַנג. איך מיין אָבּער, אַז ווען ער וואָלט געווען אויף דעם אָרט פון זיינע קליענטן, וואָלט ער אויך אַנדערש זיך ניט באַגאַנגען.

צום גליק, איז דאָס, וואָס ער האָט פאַרמאָגט, פאַר אים אינ-גאַנצן גענוג געווען. ער האָט געהאַט אַ פיין פאַרמעגן, וואָס האָט אים געבּראַכט הכנסות, הוצאות ווידער האָט ער געהאַט ווייניק. אַן אַלטער בּחור, ניט נאָכגעלאָפן קיין מיידלעך, — וואָס שייך ווידער עסן, גיבּן עס בּרוך-השם אַלע אונזערע פעלדער, וויינגערטע-נער, סעדער, וועלדער און טייכן שוין איבּערגענוג. צומיינסט פלעגט ער פטרן געלט אויף בּיכער. ער פלעגט זיי בּלויז ווייזן פון ווייטן (געליען האָט ער זיי, דער ממזר-יונג, קינעם נים). ער האָט געהאַט נאָך אַ משוגעת. ער האָט זיך געבּרענגט צו פירן פון האָלאַנד עפּעס אַ ניי-ערפונדענעם טעלעסקאָפּ און פלעגט קוקן אויף דער לבנה. ער האָט זיך געמאַכט אויפן שפּיץ׳ דאַך, צווישן די קויי-מענס, עפּעס אַ משונהדיק׳ באַוועגלעך געשטעל און פון דאָרט פלעגט ער נאָך די שטערן אויסלייענען די מזלות פון מענטשלעכן מין.

אין תוך גענומען האָט׳ ער די קלענסטע השגה וועגן אַסטראָ-נאָמיע אָדער אַסטראָלאָגיע ניט געהאַט, ער האָט אָבּער ליבּ געהאַט דעם ענין. איך פאַרשטיי עס זייער גוט, ס׳איז אָנגענעם צו קוקן פון

פענסטער אויף די הימלישע קערפערס, וואס שפאצירן זיך איבערן הימל, ווי מיידלעך אויף דער גאס. מ'קען מיט זיי פירן א פלירט, זיי אינטריגירן, אנקניפן באציונגען. הגם דאס אלץ מעג זיך אפילו זיין א שטות, איז עס דאך א שטיקל תענוג פאר א מענטשן.

פארשטייט זיך, אז מיר האבן לאנג געשמועסט וועגן דעם נס, וועגן דער פייערדיקער שווערד, וואס האט זיך דעם פארגאנגענעם דאנערשטאג באוויזן אויפן הימל, און יעדער איינער האט זיך אויסגעטייטשט דעם סימן אויף זיין שטייגער און זיך געהאלטן עקשנותדיק ביי זיין מיינונג. לסוף האבן מיר זיך איבערצייגט, אז קיינער פון אונז האט די קאמעטע ניט געזען, מחמת גראד דער אוונט איז דער אסטראנאם אנטשלאפן געווארן ביים טעלעסקאפ. בשעת א מענטש ווערט געוואר, אז ניט נאר ער אליין איז א שוטה, ווערט אים לייכטער און גיט גערעכט דעם צווייטן שוטה, דעריבער האט זיך דער וויכוח געענדיקט גאנץ פריילעך.

מיר זיינען ארויס צוזאמען, באשליסנדיק קיין זאך וועגן דעם אלעם דעם פראבסט ניט צו דערציילן. וואנדערנדיק דורכ'ן פעלד האבן מיר געקוקט אויף די פרישע שפראצונגען פון גראז, אויף די רויטע קנאספן פון די ביימער, אויף די פייגל וואס פארען זיך ארום דעם בויען נעסטן און אויף דעם שפארבער, וואס איז ווי געהאנגען אויף דעם קלארן הימל.

מיר האבן מיט א געלעכטער אויך דערמאנט זיך אן דעם פיינעם שפיצל, וואס מיר האבן דא ניט לאנג אפגעטאן דעם גלח שאמאי. אין משך פון גאנצע חדשים האבן מיר זיך געמאטערט אויסצולערנען א טשיזש אין דער שטייג הוגענאטישע הימנען. ווען ער האט שוין געקאנט, וואס מען דארף, האבן מיר אים אין דעם פראבסטס גארטן אפגעלאזט אויף דער פריי. ער האט זיך דארט זייער גוט געפילט און גאנצע טעג זיך געזונגען און איז נאך דערצו געווארן לערער פון אלע אנדערע טשיזשן פון דער גאנצער געגנט. שאמאי האט, הערנדיק דעם כאראל, ניט געקאנט אפריכטן די תפילות. ער פלעגט זיך צלמען, שילטן, געווארפן חרמות, געוועזן מלא-חמה, ביז ער האט שטילערהייט זיך פארגנבעט און געלאזן א קויל אין קאפ דעם בייזן גייסט, און דערנאך אים פאר-

טיק געמאַכט אין מערבֿיק טייג מיט שמאַלץ. אזא מין פּאַרשוין איז ער עס, אונזער פּראָבסט.

* *

*

שמועסנדיק אזוי אָן אויפהער, זיינען מיר געקומען אויפן אָרט. גאַנץ בּרעוו איז געווען ווי אויסגעשטאָרבן. די טירן פון די הייזער זיינען געווען אָפן, די זון האָט גאַרבּנווייז זיך אַריינגעגאָסן אינעווייניק. קיין ילוד-אשה זעט מען ניט, בּלויז אויף איין אָרט איבּערן הויז האָט זיך אָנגעזוען אינדערהויך דער הינטן פון עפּעס אַ ראָצער, וואָס האָט מיט התלהבות זיך אָפּגעגעבּן אַ באַקאַנטער פיזיאָלאָגישער אַרבּעט.

וואָס נעענטער איך מיט פּאַיארן זיינען אַלץ געקומען אינמיטן דאָרף אריין צום קלויסטער-פּלאַץ, מיטן וועג, וואָס איז געווען אָנגעשיט מיט מיסט און שטרוי, איז אונז אין די אויערן אַריינגעפּאַלן וואָס אמאָל אַ קלאָרער גערויש, ווי עפּעס אַ זשומעריי פון בּרונזע בּינען.

אויפן פּלאַץ איז געווען פול מענטשן, און אַלע האָבּן געשריען, געפּאָכעט מיט די הענט, געקוויטשעט, געפייפט, מיט איין וואָרט זיך פּאַרהאַלטן, ווי משוגעים.

אינמיטן המון, שטייענדיק בּיים טירל פון גאָרטן פון קלויסטער-הויז, האָט דער פּראָבסט שאמאי, אַ רויטער פון כעס, געמאַכט מיט בּיידע הענט, ווייזנדיק די פויסטן זיינע טייערע געמיינדע-לייט. מיר האָבּן געוואָלט דערגיין, אין וואָס עס האַנדלט זיך, מיר האָבּן אָבּער ניט געקענט אויפכאַפּן, אחוץ דעם כאָאָס פון צעגויפּ-געמישטע שטימען, צווישן וועלכע עס האָבּן זיך אַרויסגעריסן די ווערטער: — ווערעם!... זשוקעס!... פעלד-מייז!

שאמאי האָט געשריען:

— ניין, ניין איך וועל ניט גיין.

און דער המון האָט געענטפערט:

— צו אַלדע רוחות! ביסט אַ פּראָבסט צי ניין? זאָג־זשע תיכף... וואָס... יאָ, צי ניין? אויב דו ביסט עס יאָ, מוזטו אונז דינען!

— איך דין גאָט, ניט אייך, לומפּן!

די מהומה איז געוואָרן אין לשער. לסוף האָט דער פּראָבסט אַ קלאַפּ געטאָן די טיר פאַר דער נאָז פון זיינע לייט און איז אריין אין קלויסטער־הויז. דאָרט האָט ער פון קראַטיקן פענסטער פון פאָרהויז נאָך אַלץ ארויסגעשטרעקט די הענט: די רעכטע האָט אויס רגילות מיט דבקות געמאַכט צייכנס פון ברכה, די לינקע ווידער האָט געוואָרפן אויפן גאַנצן דאָרף און דער גאַנצער וועלט דונערן פון אומקום. דערנאָך האָט נאָך אַמאָל אַ וואונק געטאָן אין פענסטער פון הויז זיין בויך און זיין קוואַדראַט געזיכט. ניט קענענדיק ריידן צוליב דער מהומה, האָט ער געוויזן זיינע שעפּע־לעך אַ פייג, דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן מאַכן מיט זיינע צעשפּריי־טע פינגער ביי דער נאָז אַ צייכן פון בטול. לסוף האָט ער אַ טרייסל געטאָן די אינעווייניקסטע לאָדן און איז פאַרשוואונדן פון די פאַרזאַמלטעס אויגן.

די לייט זענען מסתמא שוין נמאס געוואָרן די קולות. מחמת זיי האָבן תיכף אָפּגערוימט דעם פּלאַץ, מיר ווידער האָבן הינטער די פּלייצעס פון עולם־גולם, וואָס איז אומגעקראָכן דאָ און דאָרט, זיך דורכגעגליטשט און אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פון קלויסטער־הויז.

מיר האָבן לאַנג געמוזט קלאַפּן, דער עקשן האָט ניט גע־טראַכט אפילו צו עפענען.

— הער פּראָבסט!

מיר האָבן בכיוון געביטן די שטים, כדי זיך מער צו ווייזן.

— גלח שאַמאַי, דער הער איז אינדערהיים?

—איך בין ניטאָ, צו אַלדע שוואַרצע יאָר, — האָט ער ענד־לעך אָפּגעענטפערט.

און ווען מיר זיינען צוגעשטאַנען, האָט ער אויסגעשריען:

— גייט אייך צו אַלדע שוואַרצע... אַ ניט, לאָז איך אָפּ די

הינט פון דער קייט!... זיי וועלן אייך געבּען שוין האָניג צו לעקן, אויסוואורפן!

נאָך אַ האָר און ער וואָלט געווען אויסגעגאָסן אַ נאַכט-טאָפּ גלייך אונז אויף די קעפּ אַרויף.

—שאַמאַי! — האָב איך אויסגעשריען — גיס לכל הפּחות וויין!

ביי די ווערטער איז עפּעס על פּי נס דאָס קול שטילער געוואָרן. דורכן געפנטן פענסטער האָט אַקוק אַרויס געטאָן דעם וואוילן שאַמאַיס רויט, דערפרייט פּנים.

— צו אַלדע רוחות! דאָס ביסטו בּרעניאָן! דאָס ביסטו פּאַיאַר! אַ שיינעם בּרוך הבּא אייך געמאַכט! געלויבּט איז גאָט, וואָס כ'האָבּ די הינט ניט אָפּגעלאָזט... מיאוסע לצים! וואָס האָט איר ניט געזאָגט די נעמען אייערע?

ער איז הענדום-פּענדום אַראָפּ צו דער טיר.

גייט-זשע אַריין! גייט-זשע אַריין! בּרוכים הבּאים! אַהער די מאָרדעס! איר ווייסט אָבער ניט, סאַר אַ הנאה עס טוט מיר צו זען מענטשלעכע פּנימער און קענען פאַרגעסן די מאַלפּע-מאָרדעס. איר האָט געזען דאָס שפּיל. אַ פיין פאָרשטעלונג, אמת? זאָלן אפילו די נכפּה קריגן, וועל איך זיך אויך פון אָרט ניט רירן! קומט זשע שוין אַרויף! מיר מוזן נעמען צו ביסעלעך. איר מוזט אודאי מיד זיין, זיי האָבּן געוואָלט איך זאָל גיין מיטן הייליקן סאַקראַמענט, און דאָ הענגט אַ רעגן אין דער לופטן, מיר וואָלטן געוואָרן פּיטש-נאַס, איך מיט דעם האַר יעזוס. מיר דאַרפן עס זיי דינען צוזאַמען.... וואָס? איך בּין אַ לאָקאַי? ווי די אויסוואורפן באַהאַנדלען עס אַ גייסטלעכן? אַזעלכע לומפּן... כּופרים, אַפּיקורסים, איך בּין פּאַס-טוך פון זייערע נשמות, ניט קיין היטער פון זייערע פעלדער.

— וואָס רעדסטו? — האָבּן מיר געפרעגט איינס נאָך דאָס אַנדערע. — אַ שגעון איז אויף דיר אָנגעלאָפן?

— קומט אַרויף אינדערהויף וועלן מיר די זאַך אַרומריידן בּרייטער! — האָט זיך איינגעעקשנט דער פּראָבּסט.

— קודם-כּל מוזן מייר אַ טרונק טאָן. איך האָבּ שוין קיין גוח ניט, איך שטיק זיך! ווי שמעקט אייך דער וויין? אמת... ס'איז

דאָ ערגערס אויך? ס'איז אומדערהערט! די אידיאָטן האָבן געוואָלט מיך צווינגען, איך זאָל טאָג-טעגלעך זיך שלעפּן איבער די פּעל-דער און אָפּריכטן תפילות אָדער חרמות, אפשר פון די דריי קי-ניגן אָן ביז דעם יום-טוב פון אַלע הייליקע... הם? און דערצו צוליב די נארישע זשוקעס.

— זשוקעס? — האָבן מיר אויסגעשריען פאַרחידושטע. — ס'איז דיר מסתמא איינער אין מוח אריינגעקראָכן! ביסט משוגע געוואָרן, שאַמאַי.

— איך בין ניט משוגע געוואָרן! — האָט ער אַ געשריי גע-טאָן אין כעס — הא... ס'איז אומדערהערט! איך, וואָס כ'בין אַ קרבן פון זייערע משוגעתן, בין משוגע?

—גיב־זשע אונז צו פאַרשטיין, ווי עס פּאַסט פאַר אַ מענטשן מיט שכל.

— איר האָט מיר אָנגערופן משוגענער! — האָט ער אויס-געשריען, אָפּווישנדיק דעם פאַרשוויצטן שטערן. — ווי אַזוי-זשע האָב איך געזאָלט בלייבן רויק, בשעת זיי לעסטערן אַ גאַנצן טאָג מיך מיט יעזוסן דעם האַר, פאָדערנדיק, אַז מיר זאָלן מסכים זיין אויף זייערע משוגענע פאַרלאַנגען. הערט-זשע! (די ניכפּה כאַפּט מיך... די נכפּה כאַפּט מיך!) די דאָזיקע כופרים, געצנדינער, וואָס זיינען נישט טובל זייערע נשמות, ניט די פיס זייערע און האָבן ניט קיין השגה וועגן עולם-הבא, פאָדערן פון זייער פּראָבסט, ער זאָל ברענגען אַ רעגן און אַ גוט וועטער לויט זייער ווילן. איך מוז אַרויסגעבן פאַראָרדענונגען דער זון מיט דער לבנה.

— אַ ביסעלע וואַרעמקייט... אַ ביסל וואַסער. גענוג שוין... אוי-אוי, צופיל שוין... איצט אַ שטראַלעכל זון... נאָר אַ מילדס... זים... איצט דורך אַ נעפּל... איצט אַ ווינטעלע... מיר ווילן ניט הערן פון פּראָבסט... גיס נאָך אַ ביסל... האַר יעזוס... דאָ אויף מיין ווייננאָרטן... גענוג... גענוג שוין דאָס גיסן! און איצט ווידער אַ ביסל וואַרעם... ס'איז דאָך אומדערהערט! וואָס איז ער, דער רבונו של עולם... זיי מיר מוחל, קריסטוס, דעם פאַרגלייך... וואָס איז ער, דער רבונו של עולם, אַ מין אייזל, וואָס פירט וואַסער איבערן פעלד? ער האָט שוין ניט קיין אַנדערע אַרבעט. ווי סובל

זיין דאָס אייביקע שמייסן אים אַזש מיט דער הילף פון תפילות און בעטלערייען. און דערצו נאָך (און דאָס איז נאָך דער עיקר) זייענען ניט אַלע מסכים אויף איינס! איינער וויל רעגן, און דער צווייטער זון! יעדער איינער וואַרפט זיך אויף אַן אַנדערן הייליקן. ס'זייענען פאַראַן דאָרט אין הימל זיבן און דרייסיק ספעציאַליסטן פון אַטמאָספערישע ענינים. בראש פון זיי שפּאַנט דער גרויסער וואַסערגיסער דער הייליקער מעדאַרד. עס אַרבעט קעגן אים דער הייליקער ריימונד דער צעזייער פון וואָלקנס. עס קומען אים צוהילף דער הייליקער בלעז דער ווינטנשטיקער, דער הייליקער קרישטאָף דער פּראָסטיאָגער, וואַלעריאַן דער שטורמשלינגער, אוורעליאַן דער דונערטייטער און דער הייליקער קלארענט, דער שאַפער פון גוטן וועטער. אין הימל גופא איז קיין שלום ניטאָ. עס קריגן זיך די חשובע לייט און זידלען זיך און די הייליקע. שושנה העלענאַ, און סכאָלאַסטיק, אויך ספעציאַליסטינס פון קלימאַט, רייסן זיך אוים די האָר איינע ביי דער אנדערער. גאָט אַליין ווייס ניט, צו וועלכן הייליקן זיך צו ווענדן, אַ פּשיטא שוין איך, אַ פּראָבסט נעבעך. איבעריקנס, דאָס איז ניט מיין זאַך. איך דאַרף בלויז דערלאַנגען די בקשה, דאָס אויספירן איז שוין אָפּהענגיק פון דעם שר גופא. דעריבער וואָלט איך גאָרניט געהאַט קעגן דעם (הגם דאָס געצנדינעריי פון די קרעטינען פילט מיך אָן מיט עקל... האר יעזוס, אַ שאָד, וואָס האָסט צוליב זיי געליטן די יסורים פון קרייצן). אָבער צו וואָס מישן זיי אַריין מיין פערזאָן אין די הימלישע סכסוכים? זיי ווילן מיך און דעם צלם באַנוצן פאַר אַ קמיע קעגן כלערליי ווערעם, וואָס מאַכן אַ תל פון זייערע פעלדער. איין טאָג דאַרף איך מחרים זיין מייז, וואָס פרעסן אויף די זריעה פון שפּייכלער... אַ פּראָצעסיע חרמות, תפילות צום הייליקן ניקאָדעמוס... גוט, אָבער היות ס'איז געווען דעצעמבער, אַ פּראָסט און אַ שניי ביז איבערן גאַרטל... האָב איך געכאַפּט אַ לונגען-קאַטאַר. דאָסזעלבע ווידער מיט די שלייערלעך... תפילות צו דער הייליקער גערטרודע און אַ פּראָצעסיע. עס איז געווען מערץ, אויסגוסן, אַ פּלעטש... פאַרשטייט זיך, אַז כ'האָב זיך פאַרקילט און איך הוסט נאָך עד-היום. און היינט ווידער די געשיכטע מיט די זשוקעס! זיי האָבן ווידער געוואָלט אַ פּראָצעסיע.

איך וואָלט געמוזט קריכן איבער אַלע וויינגערטנער און דאָ פּרעגלט די זון, עס פליען פּאַרביי שווארצע, געדיכטע כמאַרעס, עס הענגט אַ שטורעם אין דער לופטן. איך וואָלט זיך אומגעקערט מיט אַ גע-הירן-אָנצינדונג. ניין... ניין אַ שיינעם דאַנק. איך איל זיך נאָך ניט אויף יענער וועלט, יעדער שפּאָס מוז דאָך נעמען אַ סוף. איך בין עס מחויב צו אַנטשלייערלען זייערע פעלדער אָדער אַנטזשוקן זייערע וויינגערטנער? זאָלן זיי זיך אליין נעמען פאַר דער אַרבעט, און דער האַר יעזוס וועט זיי העלפן. ס'איז זייער לייכט צו פאַר-לייגן די הענט און ארויסגעבן דעם פּראָבסט באַפעלן.

— פּראָבסט, טו דאָס, טו יענץ! וואָס בין איך אַ שוטה? איצט פאַרלייג איך די הענט און טרינק. טוט עס אַליין! איך שווער אייך ביי וואָס הייליק איז, אז זיי זאָלן אפילו די נכפה קריגן, וועל איך קיין האַנט אין קאַלטן וואַסער ניט טאָן, איך וועל פון פּאָטער-שטול זיך ניט אויפהייבן, ווען זיי זאָלן אפילו אונטערצינדן דאָס קלויסטער-הייזל. לחיים!

ער האָט אויסגעטרונקען אַן אויסגעשעפּטער פון דער גאַנצער מעשה און זיין דרשה. מיר האָבן אויך אויפגעהויבן די גלעזער און געקוקט אויף דער גאָלדענער פליסיקייט ביי דער ליכט, ווי מיר וואָלטן געוון דערגיין דעם סוד פון אייגענעם גורל. ער האָט אויס-געזוען אַזוי ראָז. מיר האָבן אַן ערך עטלעכע מינוט געשוויגן. עס האָט זיך בלויז געהערט דאָס מלאַסקען פון פּראָבסטס צונג און דאָס בולבלען זיך פון וויין אין פּראָבסט האַלז, וואָס האָט געטרונקען מיט גרויסע שלונגען. ער האָט מיטאַמאָל אויסגעטרונקען אַ גאַנץ גלאָז, פּאַיאַר האָט געטרונקען פּאַמעלעך. דער פּראָבסט האָט נאָכן אריינגיסן אַ פּאָרציע אין דעם תהום פון בויך, שטיל אונטערגע-מרוקעט און אויפגעהויבן די אויגן צום הימל. פּאַיאַר האָט זיך צו-געקוקט צו זיין גלאָז פון אויבן, פון אונטן, פון דער זייט, אַקעגן דער זון, אין שאָטן, געסמאַקעט, געשמעקט. געטרונקען מיט דער נאָז, מיטן אויג און מיטן גומען.

איך האָב הנאָה געהאַט גלייכצייטיק פון דער משקה און פון די טרינקערס און מיין צופרידענקייט האָט זיך דעריבער געטאָפּלט זען און טרינקען, דאָס איז אַ לוקסוס-סעודה, אַ קיניגלעכע סעודה.

איך האָב אָבער אויך ניט פאַרנאַכלעסיקט דאָס גלאָז. מיר זיינען אַלע געגאַנגען מיט אַ גלייכן טעמפּ, עס זענען ניט געווען צווישן אונז קיין אָפּגעשטאַנענע. און ווייסט איר... ווער האָט זיך עס געקענט ריכטן? בשעת מיר זיינען צוגעקומען צו אַ מעטע, האָט זיך אויסגעוויזן, אַז פּאַיאַר האָט אויף אַ פיינעם מהלך אונז שוין איבערגעיאָגט.

בשעת דער טוי פון קעלער האָט געהאַט שוין אַ ביסל פייכט געמאַכט אונזערע העלזער און געשטאַרקט אַביסל אונזערע חיהשע כוחות, האָבן די נשמות אונזערע צעשפּרייט זייערע קרוינען און די פּנימער האָבן באַקומען אַ גליקזעליקן אויסדרוק.

אָנגעשפּאַרט אָן דעם אושאַק פון אָפּענעם פענסטער, האָבן מיר צעטרוימטע געקוקט אויף די פעלדער, וואָס זיינען געווען באַהויכט מיט אַ פרילינג-ווינטל, אויף די קרוינען פון די טאָפּאָלן, וואָס זענען געווען באַגילדט מיט זון, געפינקלט מיט ליכטיקע בלעטער, אויף דעם טאָל פון טייך יאָנע, פון וועלכן עס האָט דערגרייכט דאָס קלאַפּן פון די קיענקעס פון די וועשינס, וואָס זיינען געווען פאַרנומען מיט וואַשן גרעט, און שאַמאַי האָט, אינגאַנצן אָן אויסגעלייטערטער, אַ זאָג געטאָן:

— אָ, ווי זיס עס איז צו לעבן אין דעם לאַנד! איך גיב אָפּ אַ שבח דעם בורא עולם, וואָס ער האָט אונז דריי דאָ ערלויבט געבוירן צו ווערן. איז דען פאַראַן אויף דער וועלט עפּעס חיותדיקערס, פרייעלעכערס, צוציענדיקערס, עפּעס רירנדיקערס? צוקוקנדיג זיך פילט מען טרערן אין די אויגן! ביסט גרייט עס אויפצועסן... אַריינצושלינגען!

מיר האָבן צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ צו די ווערטער. פּלוצלונג האָט ער ווידער אָנגעהויבן מיט אַ האַרטערער שטים:

— אָבער וואָס איז עס דעם זעלבן בורא-עולם איינגעפאַלן אָן אומגליקליכע המצאה צו פאַרמיסטיקן דעם גן-עדן מיט פּויערים? מסתמא איז ער געגרעכט געווען... מסתמא האָט ער געוואוסט, וואָס ער טוט. איך וואָלט אָבער ליבערשט וועלן, ער זאָל האָבן זיך טועה געווען, אַז ער האָט געטאָן אַ שטות, מחמת דעמאָלט וואָלט מען אַלע געמיינדע-לייט געקענט שיקן צו אַלדע שוואַרצע

רוחות, ערגעץ אין לאַנד פון די אינקאַס, אָדער טערקן, אָדער בכלל ערגעץ אין עק וועלט, אַבי עס זאָל פון זיי קיין זכר נישט בלייבן.

מיר האָבן געענטפערט:

— שאַמאַי! דאָס אַזוי גערופענע פאָלק איז אומעטום איינס און דאָס זעלבע, אויף דער גאַנצער וועלט איז קיין אַנדערעס נישטאָ. עס לוינט ניט צו בייטן אויף אַן אַנדערס.

— יאָ... יאָ... איך זע — האָט געענטפערט דער פּראָבסט—ניט דערויף האָט זיי דער אויבערשטער באַשאַפן, זיי זאָלן מיט מיין הילף באַקומען אַ תיקון, נאָר דערויף, אַז איך זאָל מיט זייער הילף תשובה טאָן פאַר די עבירות אויף דער ערד. זייט זיך מודה, טייערע פריינד מיינע, אַז ס'איז ניטאָ קיין געמיינער פאַך, ווי צו זיין אין דאָרף אַ פּראָבסט, וואָס באַמיט זיך מיט נויט-שוויים אריינצושפּאַרן אין די שאָפענע קעפּ עפּעס פון די הייליקע אמתן. בחינם טרינק איך זיי אָן מייט דעם עוואַנגעלישן מתיקות, אומזיסט זייגן זיי דעם קאַטעכי־זים איידער די מילך קומט אין מויל אריין, גייט זי באַלד ארויס דורך דער נאָז. די געמיינע פּרצופים פאַרדערן אָבער אַ נידערטרעכטיקן און שנעלן פאַרדייען.

זיי מאָלן אַ צייט פּאַטשער, דערנאָך זאָגן זיי פּזמונות, און שפּעטער, צופרידענע, אַז זיי קענען אַ ביסל אַ כליפּ טאָן, זינגען זיי וועספּער-געזאַנגען אין אַ נאָוועגע און פּטור!... קיין איין הייליק וואָרט איז זיי אין די מוחות נאָך ניט אריין. זיי זיינען אַלץ ווייטער נאָך אַ געצנדינערישע פלעדערוויש און פּטור!... ניט אין הארץ, ניט אין בויך איז ביי זיי ניט געבליבן אויף קיין האָר פון דער תפילה. מיר טרייבן שוין פון כמה יאָרהונדערטן אָן ארויס פון די פעלדער, וועלדער און טייכן די גייסטער און געטינס, אָבער בחינם לעשן מיר מיט דעם אָטעם פון אונזערע ברוסטן אויס די שטענדיקע נעסטן פון כשוף, עס זאָל אין חשבות פון דער וועלט נאָך העלער אַ פינקל טאָן פון אמתן גאָט ברוך-הוא. עס האָט זיך ער-היום נאָך ניט איינגעגעבן אויסצוראָטן די ווערק פון זינד, די מיאוסע אָבערגלויבענישן, דעם מאַטעריאַליזם פון גייסט. אין יע־

דער טרוקענער ווערבע, אין יעדן האַרטן שטיין, זיצן כסדר קינדער פון שטן.

וויפיל מיר האָבן זיך שוין אָנגעמאַטערט, אָנגעקלאַפּט, אָנ־גערונערט, אָנגעבּרענט, אויסגעוואָרצלט, מען וואָלט באַדאַרפט אי־בּערגראָבן יעדן שפּאַן גאַלישע ערד, יעדן שטיין דורכוואַרפן, מאַכן אַ תל־עולם פון אונזער לעבן, פאָטערלאַנד, כדי אַרויסצוטרייבּן דעם שטן, וואָס האָט זיך אין זיין מאַרך אַריינגענעסט — בּין איך אויך נאָך ניט זיכער. די פאַרשאָלטענע בּריאָה גליטשט זיך אונז כסדר פון דער האַנט אַרויס. שניידסטו איר אָפּ די לאַפּעס, וואַקסן איר אַרויס פליגל. אָנשטאָט איין אומגעבּרענגט געצל, ווערן גע־בּוירן צען אנדערע. יעדער גאָט באַזונדער איז גלייכצייטיק אַ שד פאַר דעם המון־עם. זיי גלויבּן אין וואַלד־שדים, אין ווייסע פערד אָן קעפּ, אין אַ שוואַרצן האָן, אין שלאַנגען־מענטשן, אין ליליפּוט־לעך און כישוף־קערבּ, אין גאָנער דעם מכשף. זאָגט מיר... וואָס פאַר אַ שייכות האָבּן די אַלע משונהדיקע בּרואים וואָס זיינען אַנטלאָפן פון נחס תיבה, מיט דעם איבּערערדישן זיסן לערער, דעם זון פון מאַריען און פון פרומען טשעסלער?

פּאַיאַר האָט געענטפערט:

—מיין פריינד! דו זעסט אַ שפּענדל אין יענעמס אויג און בּאַמערקסט ניט קיין באַלקן אין דיין אייגענעם אייגל. עס איז קיין ספק ניט, אַז די געמיינדע־לייט זיינען שוטים. אָבּער ליבּער פּראָבּסט, דו האָסט ניט קיין רעכט זיי צו קריטיקירן, מחמת דו אַליין טוסט פּונקט דאָס זעלבּע. דיינע הייליקע האָבּן פּונקט דעמזעלבּן ווערט, וואָס זייערע ליליפּוטלעך און געטינס. ס'איז דיר ווייניק געווען די דרייאייניקייט, איין גאָט אין דריי געשטאַלטן, נאָך ווייניק נאָטס מוטער, האָסטו נאָך אין דיין פאַנטעאָן אַריינגעשלעפּט אַ וועלט מיט געטלעך אין הויזן און קליידער, פאַרבּייטנדיק דורך זיי די געטלעך, וואָס מען האָט אַרויסגעוואָרפן פון די געצנדינערישע טעמ־פּלען. און דערצו, שווער איך דיר בּיי גאָט, אַז די געטלעך דער־גרייכן ניט די אַלטע, אפילו בּיזן גאַרטל.

כ'ווייס ניט פון וואַנען זיי האָבּן זיך גענומען. זיי זיי־נען פון דער ערד אַרויסגעקראָכן, ווי שנעקעס, דערצו זעען זיי

אויס אַזוי מיאוס, צייטנווייז ממש שרעקלעך. זיי זענען שמוציק, עקלהאַפט, באַדעקט מיט וואונדן און ווערעם. איינער האַלט אונטערן אָרעם אַ פאַרוואונדעט שעפעלע, דער צווייטער האָט אַ לאָך אין פוס, דער דריטער האָט אַ האַק, וואָס שטעקט מיט דער שאַרף אין שאַרבן, דער פערטער האַלט אין דער האַנט דעם אייגענעם קאָפּ, און אַנ-דערן ווידער הענגט אַראָפּ די איגענע הויט, וועלכע איז פון רוקן אַראָפּגעצויגן, ווי אַ ברודיק העמד, וואָס ער וויל געבן צו וואַשן... כדי ניט צו ריידן קיין סך, וואָס וועסטו זאָגן וועגן דיין אייגע-נעם הייליקן, וואָס קיניגט אין דיין אייגענעם קלויסטער, וועגן שמעון דעם סלופיקן, וואָס איז אין משך פון פערציק יאָר געשטאַ-נען אויף איין פוס אויפן שפּיץ פון אַ זייל, ווי אַ רייער...

שאַמאַי האָט זיך אַ שטעל געטאָן פון אָרט און אַ געשריי געטאָן:

— גענוג! מילא, וועגן אַנדערע הייליקע לאָמיר ניט ריידן, איך קען ניט נעמען אויף זיך די אחריות פאַר דעם גאַנצן לוח, אָבער שמעונען, דו געצנדינער איינער, זאָלסטו ניט אָנרירן. דאָס איז מיין הייליקער, און איך בין אויף זיין מיסט אויסגעוואַקסן. מיין פריינד זיי אַזוי ליבנסווירדיק!

— מילא, לאָמיר אים לאָזן צורו! איך בין ביי דיר צו גאַסט, דאָס איז אמת, אָבער וואָס וועסטו, למשל, זאָגן וועגן גלח קאַרביני, וואָס דערציילט, אַז ער האָט דאָס פלעשל מילך פון דער הייליקער טערעזע, אָדער וועגן גלח סערמיזל, וואָס האָט אַמאָל געליטן אויף עצירות און געמאַכט זיך אַ קאַנע פון צעריבענע רעליקוויעס און געהייליקט וואַסער?

—וואָס איך וועל זאָגן? — האָט אַ געשריי געטאָן דער פּראָבסט. — אַז דו אַליין, וואָס מאַכט זיך אַזוי חוזק, וואָלסט זיכער דאָס זעלבע געטאָן, ווען אַ קראַנקהייט זאָל דיך פּייניקן ביזן טויט. וואָס שייך דעם גלח קאַרביני מוז איך אָגב באַמערקן, אַז ער איז אַ מאָנאַך, און די כלבים קאָנקורירן מיט אונז, וועלטלעכע גלחים, אַזוי פאַרביסן, אַז זיי וואָלטן זייער גערן אונז צוגעמען אונ-זערע קליענטן, — זיי האַלטן זיך דעריבער ניט אָפּ צו האַנדלען מיט מלאָכים-מילך, מיט אופנים-שמאַנט און שרפים-פּוטער. רייד ניט

אין מיין אַנוועזנהייט פון די דאָזיקע לייט. דו ווייסט דאָך, אַז אַ פּראָבּסט און אַ מאָנאַך, איז ווי אַ הונט מיט אַ קאַץ.

— גלייבּסטו אַלזאָ ניט, מיין פריינד, אין רעליקוויעס?

— איך גלויבּ ניט אין זייערע רעליקוויעס, נאָר אין מיינע. איך האָבּ אַ היפטן־בּיין פון דער הייליקער דיאָניזיע, וואָס ריי־ניקט די השתנה און לישייעס בּיי מענטשן אויף דער הויט, איך האָבּ אַ שטיקל שליסלבּיין פון הייליקן עווטעפּיוס, וואָס טרייבּט אַרויס שדים פון שאָפּענע בּיינער... וואָס? דו לאַכסט, אַפּיקורס איינער? גלייבּסטו אין קיין זאַך ניט? דו פאַרבּלענדטע בּריאה? איך פאַרמאָג צייגענישן, דאָקומענטן, פאַרמעטן מיט חתימות! דאָס אַלץ זיינען אמתע זאַכן... וואַרט, כ'וועל דיר תיכף ווייזן!

— זיי זיך ניט מטריח! זיי זיך ניט מטריח, מיין פריינד! איך דאַרף ניט דיינע דאָקומענטן... דו אַליין גלייבּסט ניט אין זיי... שאַמאַי, איך דערקען אָן דיין נאָז! וואָסער בּיין דאָס זאָל ניט זיין, איז עס פאָרט נאָר אַ בּיין, און דער מענטש, וואָס פאַרגע־טערט אים, איז אַ געצנדינער. יעדער זאַך האָט איר אָרט, און מתים דאַרפן זיך ליגן רויק אויפן בּית־עולם. איך גלויבּ אין לעבּן, איך גלייבּ, אַז עס איז אַ שיינער טאָג, אַז איך טרינק, אַז איך טראַכט לאָגיש, אַז צוויי מאָל צוויי איז פיר. אַז די ערד איז אַ הימלשער קערפּער, וואָס שוועבּט אין רוים, איך גלייבּ אין אונ־זער גיוקאָקיל און איך קען שעהן־לאַנג דערציילן זיינע מעשיות וועגן די מנהגים פון אונזערע קאַנטן, איך גלייבּ אויך אין בּיכער, וואָס אַנטהאַלטן אין זיך די שאַפונג פון מענטשלעכן גייסט אויפן געבּיט פון וויסנשאַפט, און דער עיקר גלייבּ איך אין מיין אייגענער בּאַוואַסטזיניקייט. פאַרשטייט זיך, אַז איך גלויבּ אויך אין דעם, וואָס עס זאָגט און גיט צו דער אמונה די הייליקע בּיבּל און די קירך, מחמת אין דעם גלויבּט יעדער אָרנטלעכער און קלוגער מענטש. בּיסט צופרידן טייערער פּראָבּסט?

— ניין, איך בּין ניט צופרידן! — האָט דער פּראָבּסט, וואָס איז איצט ערשט אויף אַן אמת געוואָרן אין כעס — אַ געשריי געטאָן הויך. דו בּיסט אַ קאַלוויניסט, אַן אַ אַפּיקורס, אַ הוגענאָט, וואָס זאָגט פון אויסווייניק די בּיבּל און וואָס זוכט זיך אַ וועג צו אַנט־

לויפן פון אונטער דער מאַכט פון קלויסטער! דו געהערסט צו דעם מין שלאַנגען, וואָס זאָגן, אַז זיי קענען זיך באַגיין אָן פּראָבסטן.

איצט אין פּאַיאַר געוואָרן שוין גאָרניט אויף קיין קאַטאָ־וועם אין כעס. ער האָט אָנגעהויבן שטאַרק פּראָטעסטירן און גע־בעטן, מען זאָל אים רופן פּראָטעסטאַנט. ער האָט ערקלערט, אַז ער איז אַ גוטער פראַנצויז און קאַטויל אין יעדן פּינטעלע, נאָר ער האָט אָנגעהויבן שטאַרק פּראָטעסטירן אין אָרדענונג, און האַלט זיך ניט פאַר קיין קאַליקע ניט גייסטיק און ניט פיזיש. ער זעט גוט אינמיטן העלן טאָג און דאַרף ניט האָבן דערצו קיין ברילן, און האָט דערצו מוט אָנצורופן אַ טיפּש — טיפּש. נאָכמער, ער וועט זיך ערלויבן שאַמאַיען אָנצורופן דרייפאַכער שוטה אין איין פּערזאָן, און דאָך ביי דעם אַלעם אָפּגעבן אַ שבח דעם בורא־עולם, וואָס פון זיין אָפּ־שיין שטאַמט זיין אייגענער שכל.

* *

*

עס איז שטיל געוואָרן. שאַמאַי האָט קיין זאַך ניט געענט־פערט. זיי האָבן ביידע געטרונקען, אָנגעלעגטע אָן דעם טיש און אומגעקערטע איינס צו דעם אַנדערן מיט די פּלייצעס. איך האָב ניט געקענט אויסהאַלטן און כ'האָב אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכ־טער. דעמאָלט האָבן זיי ערשט באַמערקט, אַז איך האָב די גאַנצע צייט קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט. איך האָב זיי נאָכגעקוקט זייע־רע מינעס, זשעסטן, געחזרט שטילערהייט זייערע ווערטער, באַ־וועגנדיק מיט די ליפּן, ווי אַ קיניגל, וואָס בייסט קרויט. יאָ, ערשט איצט האָב איך אַליין זיך געכאַפּט, אַז איך האָב ביז איצט געשוויגן.

זיי האָבן זיך ביידע אַ לאָז געטאָן צו מיר מיט דער שאלה, וועמען איך גיב אָפּ גערעכט. איך האָב געענטפערט:

— איך גיב אָפּ ביידן גערעכט און נאָך עטלעכע אַנדערע, וואָס וואָלטן געזאָגט פּונקט קאַפּויער. ניטאָ וואָס צו ריידן, מיינע

טייערע, אַז מען וויל זיך איבּערציינגן, וואָס מען פּאַרמאָגט דאַרף מען מאַכן אַ רשימה פון אַלע פּאָזיציעס און מאַכן דערפון אַ חיבּור. זאָל יעדער איינער אַרויסזאָגן זיין קוק, אפשר וועט פון דעם אַלעם שאַפן זיך אַן אמת. דער אמת ווייזט אייך אַ פייג. וויפיל מאָל איר ווילט אים אָנכאַפּן, מאַכט ער פון אייך חוכא וטלולא. די וועלט, מיינע קינדער, קען מען אויף כלערליי אופנים ערקלערן, וואָרום יעדער אופן ערקלערט זי בלויז פון איין זייט. איך גלייב אין אַלע אייערע געטערלעך, אין די גענצנדינערישע און קריסטלעכע און דערצו נאָך אין גאָט פון מענטשלעכן שכל.

בּיי די ווערטער האָבּן זיי זיך אויף מיר אַ וואָרף געטאָן, פאַר־געסנדיק אָן די מחלוקת, און אַ זאָג געטאָן, אַז איך בּין אַ ציני־קער און אַ כופר בּעיקר.

—איך אַ כופר בּעיקר? וואָס חלומט זיך אייך? — האָבּ איך געענטפערט. — איך לאַד איין צו זיך אַלע געטער אייערע, אייער איינציקן גאָט, און אַלע, אַזוי גערופענע, געזעצן פון דער נאַטור! איך לאַד זיי גערן איין! זאָלן זיי קומען... איך וועל אַלע גאַסטפריינד־לעך אויפנעמען... דער אייבערשטער געפעלט מיר זייער שטאַרק, דאָס גלייכן די הייליקע, איך האָבּ זיי ליבּ, איך בּין זיי נוהג כבוד ווי עס געהער צו זיין... איך פאַרבּעט זיי אויף אַ שמועס. דעם אמת גערעדט, איז איינער פאַר מיר ווייניק, איך בּין אַ זולל־וסובא, איין גאָט זעט בּיי מיר אויס ווי עפּעס אַ מין תענית. איך האָבּ מיר שוין מיינע הייליקע געטינס, גייסטער פון לופט, ערד, בּיימער און וואַסער, איך גלייבּ אין שכל, איך גלייבּ אויך אין משוגעים, וואָס זענען דעם אמת, אַחוץ דעם, אין מכשפים און מכשפות. איך טראַכט מיט פאַרגעניגן וועגן דעם, ווי די ערד דרייט זיך אין רוים, אַן ארומגערימלטע מיט נעפּלען, און כ'וואָלט גערן זי גענומען אין דער האַנט אריין, בּאַטראַכטן, זיך צוקוקן צום וואונדערלעכן מעכאַניזם פון דעם וועלט־זייגער. אַחוצדעם, הער איך מיט התלהבות זיך צו צו די הימלשע גרילן, צו די רונד־אויגיקע שטערן און זוך אויס אויף דער לבנה דעם מענטשן מיט דעם פאַגאָט, וואָס איז דאָרט, ווי מען שמועסט, פאַראַן.

איר צוקט מיט די אַקסלען? איר רופט מיך צו אָרדענונג? אָ, יאָ.

אָרדענונג איז אַ גרויסע זאַך, זי קאָסט אָבער גאַנץ טייער. אָרדענונג הייסט ניט טאָן דאָס, וואָס מען וויל, נאָר דאָס, וואָס מען דאַרף טאָן. דאָס הייסט אויסשטעכן זיך איין אויג, כדי גוט צו זען אויפן צווייטן, אויסהאַקן אַ וואַלד, כדי דורכצופירן דורך אים אַ וועג... ווי באַקוועם דאָס איז, אָבער גלייכצייטיק, ווי מיאוס! איך בין אַ גאַל פון אַלטן שניט, דעריבער האַלט איך זיך ביים פּרינציפּ: אַ סך אַמטן, אַ סך געזעצן, ווי די שטערן אויפן הימל, יעדער איינער אַ ברודער, יעדער אַ מחותן, און יעדער איינער פאַר זיך! גלייב זיך, אָדער ניט, אָבער מיך לאָז גלייבן, אין וואָס איך וויל! לאָ־מיר אָפּגעבן כבוד, מיינע פריינד, דעם שכל, ניט רירנדיק די גע־טער. איך האָב זיי אַלע ליב און איך בעט אייך, אַז אויב איר האָט נאָך עטלעכע, ברענגט זיי מיר אַ מתנה. איך וועל ביי זיך קיינעם נישט לאָזן צונעמען, סיידן איך זאָל זיך אַליין אַנטטוישן אין זיי, צוליב דעם מיסברויכן מיט מיין לייכטגלויביקייט.

פּאַיאַר און דער פּראָבסט האָבן געקוקט אויף מיר מיט רחמנות און זיך געפרעגט, ווי וועל איך געפינען דעם וועג דורך דעם גאַנצן תוהו-ובוהו.

— דעם וועג? ס'איז קיין לייכטערע זאַך גאָר ניטאָ. יעדער שטעגל איז גוט, איך קען אַלע און איך גיי זיך איבער, ווי מיר געפעלט. אַגב, זוך איך ניט קיין שליאַך, עס איז גענוג פאַר מיר אַ פעלד־וועגל דורכן וואַלד פון שאַמו דע וועזעליע. איך וועל גיין מיט דעם שטעגל פון אַ חיות-גנב מיט פאַרמאַכטע אויגן און הגם איך וועל אפשר דער לעצטער קומען צום ציל, וועל איך ברענגען אין יעגער-טאַש אַ וועלט מיט חיות, יאָ... יאָ, אַלץ איז זיך אויף זיין אָרט אויסגעשטעלט, קאַטאַלאָגירט... גאָט אין קלויסטער, די הייליקע אין די קאַפּעלעס, די געטינס אין די וועלדער, דער שכל אין מוח, — אַלץ לעבט דאָרט בשלום, ניטאָ דאָרט קיין קיניג, אַ דעספּאָט, נאָר אַ רעפּובליקאַנישע אָרדענונג, פּונקט ווי אין דער שווייץ. דאָס אַלץ זיינען פאַרבונדענע קאַנטאָנען. פאַראַנען שטאַרקע, פאַראַן שוואַכערע... פאַרפאַלן. מען דאַרף אַמאָל זיך באַנוצן מיטן שוואַכערן קעגן דעם שטאַרקערן. דער רבונו של עולם איז טאַקע שטאַרקער פון די געטינס. דעריבער טאַקע דאַרף ער זיין ניט באַ־

דריקן. איך מיין אַגב, אַז דער רבונו של עולם איז אויך ניט דער שטאַרקסטער פון אַלע, מחמת אַ שטאַרקערער וועט אַלעמאַל נעפּינען אַזעלכן, וואָס וועט אים גובר זיין. כאַפּט אָן דיך איינער ביי אַ פוס, קריכט אַ צווייטער אים אין דער באָרד... אַזוי! קיינער וועט מיך נישט אַראָפּפירן פון מיינע געדאַנקען, אַז דער גרעסטער גאָט האָט זיך אונז נאָך ניט באַוויזן. ער איז ערגעץ זייער ווייט, זייער הויך, אָדער אפשר גאָר נידעריק. ס'איז דאָס זעלבע, ווי מיט אונזערע גנעדיקסטן קיניג. מיר זעען זיינע לייט, די אינטענדאַנטן, די לייטענאַנטן (שוין אַ ביסל צו פיל), ער אַליין אָבער געפינט זיך ערגעץ אין לובר. דער גאָט, צו וועלכן מיר זיינען מתפלל, איז עפּעס ווי הער קרוטשיני... האַק מיר ניט איבער די רייד, שאַמאַי!... וואַרט!... איך וועל דיר זאָגן עפּעס, וואָס עס וועט דיך מילדער מאַכן... עפּעס... ווי אונזער גוטער פירשט נעווער! (דער אייבערשטער זאָל אים בענטשן) איך האָב אים ליב און אַכט אים. ער זיצט אָבער רויק דעמאָלט, ווען עס הייבט אָן ריידן דער הער פון לובר!. און ער טוט גוט... אַזוי איז די מעשה!

— אַזוי איז די מעשה, עס איז אָבער ניט אַזוי! — האָט גענטפערט פּאַיאַר, — צום באַדויערן: עס טאַנצן די מייז אָן אַ שיעור, ווען די קאַץ איז הינטער דער טיר! זינט אונזער היינריך איז געשטאָרבן און עס האָט אָנגעהויבן רעגירן די האַנט, וועלכע עס פּאַסט גיכער אַ שפּינדל, שפּינדלט מען דאָרט אין הויף און מען שפּילט זיך אָן אויפהער, דערווייל אָבער האָבן זיך חברה־גנבים צוגעכאַפּט צו די שפּייכלערס און צום אוצר און מען מאַכט אַ תכלית פון גאָלד, וואָס איז באַשטימט פאַר דער מלוכה, מען מאַכט אַ תל פון ארסענאַל, וואָס געפינט זיך אונטער דער השגחה פון הער סילי. ווען־זשע וועט קומען דער נקמה־נעמער און אַזיסשניידן פון זייערע בייכער דאָס אויפגעפרעסענע גאָלד?

איצט איז דער שמועס אַוועק בשלום און האָט אָנגערירט טעמעס, וועלכע ס'איז בעסער דאָ ניט צו פאַרצייכענען. דאָס ליד האָט אונז אַלעמען אָנגעשטעלט אויף זיין שטייגער. מיר האָבן אַ צי געטאָן עטלעכע וואַריאַנטן ניגונים וועגן פירשטן אין קליידלעך, וועגן צבועקעס אין גלחישע בגדים און אין פיאָלעטענע שיכלעך.

וועגן בייכיקע פּראַלאַטן, שטינקעדיקע, עקלהאַפטע מאָנאַכן.

איך מוז זאָגן, אַז אויף דער לעצטער טעמע האָט שאַמאַי אימפּראָוויזירט ממש אויף חדושים. דער טערצעט האָט זיך גע־לאָזט הערן לויט אַלע כּללים פון טאַקט און מוזיקאַלישער האַר־מאָניע. די הייכן פון אמתער קונסט האָט ער דערגרייכט דע־מאָלט, ווען די פּראָגראַם איז צוגעקומען צום ליד וועגן כּל המינים שוטים, וואָס ווילן די ליבע צו גאָט אַריינקלאַפּן מענטשן אין די מוחות מיט אַ האַמער. אָדער מיט אַ שטעקן אין האַרצן, ווי דער רבונו של עולם וואָלט געווען אַ אייזלטרייבער און וואָלט קיין אַנדערע מיטלען, אַחוץ די בייטש, ניטפאַרמאָגט.

ווער עס וויל זיך בראָטן אין גיהנום, זאָל זיך איבערגעבן דעם טייוול! דאַרף מען אים נאָך ביים לעבן פּייניקן און ברענען אויפן שייטער־הויפן? ער וועט האָבן געַנוג היץ ביים שטן! לאָזט זשע אונז ליבערשט צורו. זאָל זיך יעדער איינער לעבן אין פּראַנקרייך, ווי זיין האַרץ גלוסט. עס זיינען אַוודאי ניטאָ אַזעלכע בייזע לייט, ווי די קריסטן, הגם קריסטוס האָט זיך פאַר אַלע מקריב געווען. די ערגסטע זיינען די צוויי זאַכן: גאוה און אכזריות! זיי זענען ענלעך איינס צו דאָס אַנדערע, ווי צוויי טראָפּנס וואַסער.

פאַרמאַטערטע פון דעם שמועס, האָבן מיר אין דריי שטי־מען גענומען ציען אַ ניגון לכבוד באַקכוסן, דעם איינציקן פון די געטער, וואָס האָט קיינמאָל צווישן אונז קיין מחלוקת ניט אַרויס־גערופן. שאַמאַי האָט אפילו הויך ערקלערט, אַז ס'איז אים ליבער דאָס געטל, איידער די פאַרשאָלטענע מאָנאַכן, אַ שטייגער לוטער און קאַלווין. דאָס איז אַ גאָט, וואָס פאַרדינט אָנערקענונג און כּבוד, אַ גאָט פון אַ יחוסדיקער משפּחה, אַ אמתער פראַנצויזישער גאָט.

— וואָס רייד איך, מיינע טייערע! — האָט ער אויסגע־שריען. — דאָס איז ניט בלויז אַ פראַנצויזישער, נאָר ממש אַ קריסטלעכער גאָט. וואָרעם ווערט דען ניט אונזער האַר יעזוס קרי־סטוס פאַרגעשטעלט אויף אַ טייל בילדער אין ווייִנקעלער, ווי ער טרעט ווייִן מיט זיינע אייגענע פיס? לאָמיר דעריבער טרינקען, טייערע פריינד, לכבוד אונזער אויסלייזער, דעם ליבן יעזוס, דעם צעשמייכלטן! ניט פון זיין חסד דען שענקט אונז דער ווייִנגאָרטן

טרויבּן, וואָס גיט אונז דערמונטערנדיקן זאַפט, וועלכער קרעפטיקט אונזער גוף און דערהויבּט אָבּער אונזער נשמה?

* *

*

דער שמועס איז צוגעקומען צו אַ פריילעכן מאָמענט. מיר האָבּן זיך אַ שטויס געטאָן מיט די גלעזער, טרינקענדיק פאַר פראַנק־רייכס געזונט. פאַר פריילעכקייט, שכל א. א. וו. פּלוצלונג איז אונטן געוואָרן אַ שרעקלעך גערודער, דערנאָך האָבּן זיך דער־הערט שווערע טריט אויף די טרעפּ, און שפּעטער אַ געבּרום: י ע־ז ו ס! ז ש אָ ז ע ף... ה י י ל י ק ע י ו נ ג פ ר ו י!... לסוף שווערע זיפצן, און דאָס אַלץ צוזאַמען האָט מבשר געווען דעם אָנקום פון דער פרוי „עלאָיזע פונם פּראָבּסט“. ווי מען האָט גערופן שאַמאַיס ווירטין. מען האָט זי אויך קורץ גערופן „די פּראָבּסטעכע“.

זי האָט לאַנג געסאָפּעט, זיך אָפּגעווישט דאָס פּנים מיטן פאַר־טוך, לסוף האָט זי אויסגעשריען.

— הער פּראָבּסט... אום גאָטס ווילן!

—וואָס איז געשען? רייד!

— זיי גייען... זיי גייען! דאָס זיינען זיי...

— וואו גייען זיי? אויפן פעלד אין פּראָצעסיע. זאָלן זיי זיך גיין געזונטערהייט מאַכן אַן אָרדענונג מיט די זשוקעס. איך וויל וועגן די בּהמות ניט הערן!

— זיי דראָען אָבּער!

— איך לאַך פון זייערע קעפּ! וואָס קענען זיי מיר טאָן? פאַרמסרן פאַרן בּישאָף? אדרבּא, ס'איז גאָר אַ טובה פאַר מיר!

— אָבּער הער פּראָבּסט! — האָט זי אַ זיפץ געטאָן — ווען עס זאָל בּלויז גיין אָן דעם בּישאָף!

— וואָס דען זשע? רייד!

— זיי גייען מיט דער פּראָצעסיע איבּער די פעלדער, מאַכן קאַבּאַליסטישע סימנים, שיטן חרמות און זינגען: קריכט אַרויס

עכברים, קריכט ארויס, מייז, קריכט ארויס, זשוקעס, און גייט אין פּראָבסטס וויינגאָרטן, אין זיין קעלער און שפּייכלער!

הערנדיק דאָס, האָט שאַמאַי זיך אַ שטעל אויף געטאָן פון אָרט.

— אַזעלכע אויסוואורפן! זשוקעס און מייז אין מיין וויינגאָרטן... עכברים אין מיין שפּייכלער.. אַזעלכע... אויסוואורפן! אויסוואורפן! זיי האָבן מיר גוט אָנגעמאַכט! הייליקער שמעון דער סלופּיקער, נעם אונטער דיין שוץ דעם ערלעכן פּראָבסט דיינעם!

מיר האָבן זיך באַמיט אים צו באַרויקן, מיר האָבן געלאַכט.

— לאַכט! לאַכט! אויף מיין אָרט וואָלט איר ניט געלאַכט, אַפּיקורסים! פאַרשטייט זיך, לאַכן איז גאַנץ גרינג. אייך דראָען ניט די מייז און די זשוקעס פון די עכברושים... אוי, סאַר אַ אומגליק... ניט נאָר אַ טראַכט: עכברים אין קעלער... מייז און זשוקעס אין וויינגאָרטן... ניין... ניין... ניין,,, דאָס איז שרעקלעך!

— אויף וואָס-זשע דען ביסטו אַ פּראָבסט? — האָב איך אַ זאָג געטאָן — וואָס האָסטו מורא? זיי דו צוריק מחרים, נעם אַראָפּ דעם חרם פון דיין הויז און גאָרטן. דו קענסט דאָך עס הונדערט מאָל בעסער פאַר זיי!...

— הע... הע... — האָט ער אַ מורמל געטאָן — דאָס איז גאָרניט קיין קלייניקייט... דער טייוול שלאָפט ניט און פרייט זיך, ווען ער קען אַ גייסטלעכן אָנטאָן צרות... אָ, מיינע טייערע פריינד... אַזעלכע באַנדיטן! און איך בין אַזוי גוט געווען, אַזוי זיי גע־גלויבט! איז דען דאָ עפּעס זיכערס אויף דער וועלט! סיידן גאָט אַליין... וואָס-זשע זאָל איך טאָן? איך בין אַריינגעפאַלן אין אַ פּולאַפּקע, זיי האָבן מיך אין די הענט! עלאָאיזאַ, לויף און זאָג זיי, זאָלן זיי וואַרטן... איך קום שוין... איך קום... איך קען אַנדערש ניט טאָן! וואַרט אָבער: עס וועט קומען אייער צייט, דעמאָלט... וועל איך אייך ווייזן... דערווייל אָבער...

איך מוז זיין אַ קרבן פון די זיבן און דרייסיק ספּעציאַליסטן פון אַטמאָספערישע ענינים, האַ... פאַרפאַלן, מען מוז אויסטרינקען דעם בעכער מיט ביטערקייט... מילא, וועל איך אויסטרינקען!... ניט דער ערשטער און ניט דער לעצטער!

ער האָט זיך אויפגעהויבן פון פאָטערשטול, און מיר האָבן
אַ פרעג געטאָן:

— וואוהין-זשע גייסטו?

— אויפן קרייץ-צוג קעגן די זשוקעס!

IV

## דער פּוסט-און-פּאסניק אדער איין טאָג פרילינג.

דער אַפּריל דער גוטער, מיטן פרילינג זיין מוטער, אזא פיינער א שיינער, מיט אויגן ריינע ווי פיילכן שיינע. איך זע אים ווי א צווייג פערזשעבעס, וואָס הענגט אראָפּ פאר מיין פענסטער, א באַדעקטע מיט ראָזע קנאָספּן, וואָס ווערט געקושט פון דער זון. סאר א וואונדערלעכער פרימאָרגן! סאר א חיות צו זען א באַגינען, א גאנצן, גאנצן טאָג, ביזן אָוונט. איך הייב זיך אויף, צי אוים מיינע אָרעמס און פיל אין זיי א זיסע מידקייט פון דער אָנגעשטרענגטער אַרבעט.

די לעצטע צוויי וואָכן האָב איך מיט מיינע לערן-יונגלעך געאַרבעט מיט אַלע כוחות, כדי צו דעקן די פּאַרלאָרענע בעל-כּרחו צייט. ס'האָט אזש געהילכט ארום אונז, און דאָס האָלץ האָט גע-קרעכצט אונטער די היבלעס. אונזער אַרבעט-הונגער איז אָבער צום באַדוערן גרעסער, ווי דעם קליענטס אַפּעטיט. כמעט קיינער קויפט קיין זאַך ניט און נאָך ווייניקער קומען לייטן דעקן פאר באַשטעלטער אַרבעט. די בייטלען זיינען אויסגעליידיקט ביזן דעק, די שופלעדער אויך אָן בלוט, געגנוג בלוט איז אָבער פאַראַן אין אונזערע פעלדער. די ערד איז פּרוכטבאַר, דעריבער: אָ ר אַ, אָ ר אַ, ע ט ל אַ-ב אָ ר אַ, ווערסט זיין דער האר ביזן אָוונט-האָרן! האָרן זיינען אַלע מיינע לאַנדס-לייט פון קלאַמסי אָדער זיי וועלן באמת עס זיין. פון אינדערפרי אָן הילכט דאָך די מיל, עס סקריפּעט דער בלאָזאַק פון שמידעריי, עס קלינגען די זעגן פון די טאַרטאַקן, עס הירזשען די פערד ביים פּאָיען, עס קלאַפּן שוסטער-העמערלעך, עס רוישן די רעדער פון די פורן אויפן וועג, עס הערט זיך דאָס פּ אַ ט ו פּ אַ ט אַ ש פון די דורכגייערס הילצערנע שיך, עס קנאַקן די בייטשן, רוישן די שטימען פון די רײדנדיקע, מיט איין וואָרט

עס רוישט די אַרבעט אין דער גאַנצער שטאָט, ווי זי וואָלט זאָגן: Pater noster panem nostrum quo sidiarum וואָס מיר בעטן ביי דיר... מחמת ס'איז בעסער צו זיין אַלנפאַלס באַוואָרנט.

איבער מיין קאָפּ איז צעשפּרייט דער פרילינגס-הימל, אַ צע-פינקלטער און פון דער זון אַ דערוואַרימטער. דער ווינט יאָגט אויף אים די ווייסע, לייכטע וואָלקנדלעך. עס מאַכט אַן איינדרוק, ווי דאָס וואָלט געווען אַ באַנייאונג פון דער יוגנט. זי קערט זיך אום אויף די פליגל פון דעם צייט-מרחק, ווי אַ שוואַלב, כדי אויפ-צובויען אַ פרישע נעסט אונטער דעם אַלטן דאַך פון מיין האַרץ, וואָס וואַרט אויף איר. ווי פריילעך ער וועט זי מקבל-פנים זיין, ווען זי וועט קומען... אַ באמת הייסע, ווי אַמאָל...

באותו הרגע האָב איך דערהערט אַ סקריפּ פון דעם פענדל אויפן דאַך און אַ גרילציקן געשריי פון מיין מכשפה, וואָס האָט עמעצן געשאָלטן מיט טויטע קללות. אפשר האָט זי עס מיך גע-זידלט, כ'האָב אָבער זיך ניט צוגעהערט. בלויז די יוגנט איז פאַר-שוואונדן אַ דערשראָקענע. זאָל דער רוח נעמען אַלע פענדלעך! איך הער די מכשפה... זי גייט... זי גייט גלייך צו מיר, זי וועט באַלד דערלאַנגען.

— דו גייסט שוין ווידער אום ליידיק? האָסט שוין ווי-דער פאַרלייגט די הענט און קוקסט שוין ווידער מיט אַן אָפן מויל, ווי דער טויער פון שייער, אויף די וואָלקנס און שפּערלען? אויף וואָס וואַרטסטו? אפשר, אַ גע-בראָטן טייבעלע זאָל דיר גלייך אין מויל אַריינפאַלן. און איך מוז אַרבעטן, ווי אַן אָקס, זיך מאַטערן, מאַכן אַ תל פון זיך, זיך באַ-גיסן מיט בלוטיקן שווייס פאַר דעם שטיק בהמה! ס'איז שוין אַזוי דאָס מזל פון פרויען אויף דער וועלט! אָבער ניין! דער איבער-שטער האָט ניט געהייסן, אַז אַ פרוי זאָל אַרבעטן, און דער מאַנס-ביל זאָל געניסן פון לעבן און זיך אַרומשלעפּן פון איין ווינקל אין צווייטן. ניט בלויז תענוגים זיינען פאַר אייך באַשאַפן, ליידיקגייערס, איר מעגט אויך אַ ביסל ליידן! אויף דעם זיינען מיר פרויען. איך, לכל הפחות וועל דערפילן זיין הייליקן רצון. וואָס, דו לאַכסט? ווי-

טער, נעם זיך צו דער אַרבעט, אויב דו ווילסט היינט עסן מי־טאָג... איר זעט, ער הערט מיך, ווי דעם קאָטער... וואַרט, וועסט חרטה האָבן!

— איך ענטפער מיט אַ זיסן שמייכל:

— אָבער יאָ... יאָ... מיין ליבסטע, ביסט גערעכט... עס וואָלט געווען אַן עבירה צו פאַרברענגען אַזאַ שיינעם טאָג ביי דער אַר־בעט, ביים דושנעם וואַרשטאַט.

איך גיי אַריין אין וואַרשטאַט־צימער און זאָג צו מיינע גע־הילפן:

— חברה! איך דאַרף האָבן אַ שטיק ביגעוודיק האָלץ אַן סוקעס, איך וועל צוגיין צו דעם וואַוולען ריאו טאָן אַ קוק, צי ער האָט ניט אויפן לאַגער אַ שטיקל יונגן דעמב. אַנו, קאָקעט, ראָבע־נעט — קלייבט זיך, מיר וועלן גיין צוזאַמען!

מיר גייען אַרויס זאַלבעדריט, און די מכשפה מאַכט קולות, ווי אַ משוגענע — איך אָבער ענטפער:

— זינג זיך אָן צו דער זעט, מיין טייערסטע!

די דאָזיקע עצה מיינע איז שוין געווען לגמרי איבעריק. די אַלטע האָט זיך שרעקלעך צעשריען. איך האָב, הערנדיק די מו־זיק, זיך צוגעפייפט קופּלעטן. דער ליבער קאָקעט האָט באַרויקט די זשאַבע:

— פרוי מייסטערין, איר דאַרפט ניט זיין אין כעס. מיר מאַכן דאָך ניט קיין נסיעה מי יודע וואוהין. אין אַן ערך אַ פערטל שעה אַרום קומען מיר צוריק!

—דער רוח ווייס אייך דאָרט! — האָט זיך אַ ברום גע־טאָן. — ביי דעם רוצח האָט דען עפּעס אַ גבול?

 



ס'האָט פּונקט געשלאָגן ניין. מיר זיינען אַוועק קיין בעיאַן. דער וועג איז געווען ניט קיין לאַנגער, אויף דער בריק אָבער פון

ביווראַן האָבּן מיר זיך אַ רגע פאַרהאַלטן (עס פאַסט זיך צו פרענגן באַקאַנטע, וואָס זיי מאַכן), כּדי זיך צו באַגריסן מיט דעם חשובן פּעשי, גאַרדען און טרינקעט, וואָס הייסט — דער שיינער זשאַן, — וועלכע האָבּן אָנגעהויבּן דעם טאָג דערמיט, וואָס זיי זיינען גע־זעסן אויפן וועג און געקוקט אויפן פליסנדיקן וואַסער. מיר האָבּן געשמועסט וועגן וועטער און רעגן, דערנאָך זיינען מיר אַוועק, ווי עס געהער צו זיין, ווייטער. דער מענטש האָט דאָך אַ נאַמנות, ער גייט מיטן קורצסטן וועג, רעדט ניט מיט קיינעם (מיר האָבּן קיין הונט ניט געטראָפן). מיר האָבּן בּלויז צייטנווייז (ווער איז עס ניט פילנדיק אויף דער שיינקייט פון דער נאַטור?) געקוקט אויפן הימל, אויף די פרישע פריילינגדיקע גראָזן און קוסטן, אויף דעם עפּלבּוים וואָס בּליט אין ריוו אונטערן מויער, און דערנאָך אויף אַ שוואַלבּ בּשעתן פליען, לסוף האָבּן מיר זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ רגע, און מתוכח געווען, פון וואַנען עס גייט דער ווינט.

האַלבּ־וועג האָבּ איך זיך דערמאָנט, אַז כ'האָבּ נאָך היינט ניט קיין קוש געטאָן מיין קליין קלאָטעלע, דעריבּער האָבּ איך אַ זאָג געטאָן צו דער חברה:

— איך מוז זיך אַריינכאַפּן צו מיין טאָכטער. גייט פאָרויס. מיר וועלן זיך טרעפן אין האָלץ־לאַגער.

בּשעת איך בּין אַריין, האָט מאַרטינעטעלע גראָד געריבּן דעם דיל אין געוועלבּ. דאָס וואַסער איז דערגאַנגען בּיז די קנעכל. מאַר־טינעטעלע האָט געריבּן ווי אַ משוגענע, ניט אויפהערנדיק אָבּער צו מאָלן כּסדר מיט דער צונג. זי האָט גערעדט מיט אַלע: מיטן מאַן, וואָס איז ניט געווען, מיט די יינגלעך, מיטן משרת, מיט קלאָטעלען, מיט עטלעכע ווייבּער און מיט אַ שכן. זי האָט גע־אַרבּעט, געשריען, געפּלאַפּלט אָן אויפהער.

אויפגעהערט... צו רייבּן, ניט צו ריידן... האָט זי זיך בּרייט פאַרמאָסטן און אויסגעגאָסן דאָס וואַסער פון קענדל אויף דער מיט גאַס. איך האָבּ אַ רגע זיך פאַרהאַלטן פאַר דעם אַריינגאַנג, כּדי זי צו בּאַוואונדערן (דאָס האַרץ וואַקסט אין מיר ווען איך זע זי... סאַר אַ קערפּער!) און זי האָט אָן ערך אַ העלפט וואַסער אויס־

געגאַסן מיר אויף די קני און פוס. זי האָט שטאַרקער אָנגעהויבן לאַכן, איך האָב אָבער נאָך מער געלאַכט.

אַ שיינהייט פון אַ פרוי! די שוואַרצע האָר קרייזלען זיך איר אויפן שטערן, די דרייסט געצייכנטע ברעמען קלעפּן זיך איבער די פינקלדיקע אויגן, און אירע רויטע ליפּן זיינען פול מיט געזונט, מיט לעבן... דער האַלז איז אַנטבלויזט, די הענט זיינען נאַקעט, דאָס קליידל איז הויך פאַרצויגן, משמעות מיט עפּעס אַ פרייער כוונה. זי מאַכט צו מיר:

— גוט מאָרגן! האָסט געכאַפּט אַ פיינע פּאַרציע צו קבלת-פנים.

איך ענטפער:

— איך מאַך זיך גאָר-ניט פון דעם וואַסער, קוים הייסט מען עס מיך ניט טרינקען.

— גיי זשע אַריין, נח, וואָס איז ניצול געוואָרן פון מבול, גיי אַריין, נח, אַרבעטער פון גאָטס ווייַנגאָרטן.

איך גיי אַריין און זע קלאָטעלען אין אַ קורץ העמדל זיצן אונטער דעם געוועלב-טיש, וואָס איז אָפּגערוקט אָן אַ זייט.

— וואָס מאַכסטו, קליין בעקערל?

— איך קען זיך ווענן, אַז כ'וועל טרעפן, וואָס עס האָט דעם טאַטן אַזוי פרי אַרויסגעטריבן.

— וועסט געווינען, מיין קינד... דו האָסט דאָך געזאָגט דאָס, וואָס עס האָט מיך אַרויסגעטריבן!

— די מאַמע!

— פאַרשטייט זיך.

— אַלע מאַנסלייט מוזן זיין פּחדנים! ס'איז אומדערהערט!

די אותו רגע איז אַריין פלאָרימאָנד און דערהערט דעם קאָמפּלימענט. ער האָט תיכף געמאַכט אַן אָנשטעל פון אַ באַליידיקטן. איך מאַך צו אים:

— דאָס געהער זיך אָן צו מיר. זייַ ניט אין כעס, יונגערמאַן!

— צו ביידע!... צו ביידע! — האָט זיך אַריינגעמישט מאַרטינעטעלע, — זאָל דער טאַטע ווידער ניט זיין אַזוי אַגרעסיוו.

דער מאַן אָבער האָט זיך אַלץ ניט איבערגעבעטן. ער האַלט

זיך פּאָר אַ פּשוטן בשר-ודם און דערלאָזט ניט מען זאָל פון אים חוזק מאכן. וויפיל מאָל ער זעט אונז ביידע, מיך מיט מארטי-נעטעלען צוזאַמען, פארלירט ער דעם צוטרוי, באַציט זיך מיט חשד, קוקט אונז נאָך מיט אַ ניט זיכערן קוק, לויערט אויף די ווערטער, וואָס גייען אַרויס פון אונזערע צעלאַכטע מיילער: אַ גע-בעכל אַזאַס!... עס איז אים באַשערט צו זיין אַן אָביעקט פון חוזק.

איך זאָג דעמאָלט אין גוטן מוט:

— דו שפּאַסט, מארטינעטעלע, איך וויים, אַז פלאָרימאָנד איז ביי זיך אין דער היים באַלעבאָס און וואָלט זיך ניט לאָזן אַזוי אויסהאָבן, ווי איך. אגב איז זיין ווייב אַזאַ זיסע, געהאָרכזאַמע, דיסקרעטע, אונטערטעניקע און פארשטייט זיך אויפן וואונק. אַ וואויל ווייבל. אַגב האָט זי די אַלע מעלות געירשנט פון מיר, וואָס איז תמיד געווען און איז געבליבן אַ שטילער, באַשיידענער, פחדנישער און נאָכגיביקער מענטש.

— גענוג שוין! מאַך ניט קיין חוזק פון מענטשן! — האָט אַ געשריי געטאָן מארטינעטעלע, רייבנדיק די טאָוולען פון דער דיל מיט אַן אומגעהייערער התלהבות.

— זי האָט געאַרבעט, ניט אָפּשטעלנדיק זיך אפילו אויף אַ רגע. דאָך האָבן מיר געפירט אַ גאַנץ פריילעכן שמועס, וואָס איז גע-ווען פול מיט שטאַרקע, אויסדרוקפולע בורגונדישע ווערטער. מאַר-טינעטעלע האָט אָנגעפילט איבערן ברעג דאָס געוועלב מיט איד פולער, לעבנסלוסטיקער פערזאָן און מענה-לשון, און דער אָרע-מער פלאָרימאָנד נעבעך איז געווען פאררוקט אין דער טיף ערגעץ. אַ באַליידיקטער, קאַלטער, אַ פערקנעפּלטער אַזש ביז אונטער דער גאָמבע. ער פילט זיך קיינמאָל ניט גוט אין אונזער געזעלשאַפט. די שטאַרקע ווערטער פארטרייבן אים, און די געזונטע, קערנדיקע וויצן רירן בלומרשט אָן זיין פערזענלעכן כבוד. ער איז ניט תופס, אַז אַ מענטש קען זיך לאַכן אָן שום כוונה צו באַליידיקן, פּשוט מחמת פריילעכקייט. ער איז אַ דאַרער, אַ בלאַסער, אַ מאָגערער, אַ מרה-שחורהדיקער און האַלט זיך כסדר אין איין באַקלאָגן. קיין זאַך שטעלט אים קיינמאָל ניט צופרידן, מסתמא דערפאַר, ווייל ער זעט הייטער זיך קיין זאַך ניט. ער האָט געהאַט אויפן האַלז

א טיכל און די אויגן זיינע ייגען כסדר אומרויק געלאפן אויף רעכטס און אויף לינקס. לסוף האט ער ניט אויסגעהאלטן און א זאג געטאן:

— א שרעקלעכער צוג-ווינט דא!... פארשטייט זיך, אלע פענסטער אויפגעפראלט!

מארטינעטעלע האט, ניט טראכטנדיק קיין רגע, געענטפערט:

— איך שטיק זיך אזש פון היץ!

פלארימאנד האט געפרווט זיך איינהאלטן, אבער אין עטלעכע מינוט ארום (דעם אמת געזעגט, האט דער ווינט טאקע ארומגעשפאצירט), האט ער זיך אונטערגעגעבן און ארוים פול מיט כאסט פון געוועלב.

די שטיפערקע האט זיך ניט אויפגעהויבן פון די קני, פארריסן דעם קאפ און א זאג געטאן.

— ער וועט ווידער ארויפקריכן אויפן אויוון!

איך האב איר געשטעלט א פראגע, צי זי לעבט כסדר בשלום מיט איר בעקער. פארשטייט זיך, אז זי האט זיך ניט מודה געווען אין אנטטוישונג. מען זאל זי געוועזן אויף שטיקער צערייסן, וואלט זי פאר קיין געלט קיין פיפס ניט געטאן וועגן דעם. אזא עקשנטע איז זי!

— פארוואס זאל איך עס עפעס ניט לעבן בשלום? האט זי געענטפערט. — איך האב אים אפילו זייער ליב.

— נו, נו... אמת, ער איז א גאנץ געשמאקער, אבער אזא קליין קיכעלע שלינגט א מענטש אראפ מיט איין מאל, און שפעטער וואס? האסט מארטינעטעלע א גאנץ פיין מיילעכל... הא-הא?

— מען מוז זיך באגנוגענען מיט דעם, וואס מען האט!

— ביסט גערעכט... ווען איך זאל אנשטאט אים זיין דאס קיכעלע, וואלט איך קיין רו ניט געהאט... א, ניין!

— פארוואס ניט? ניטא וואס מורא צו האבן, איך בין אינם עסק ערלעך. זאל ער נאר האלטן דעם אפמאך. ווען ער זאל מיך כאטש איין מאל אפנארן... הא... הא! דערמזעלבן טאג וואלט ער געקראגן דריי פאר הערנער אויפן קאפ. גלייכע רעכט פאר אלע! זאל ער זיין חוב דערפילן ווי עס באדארף צו זיין!

— אַ פיינער חוב!

— און ער באַקלאָגט זיך צייטנווייז, אַז ער האָט אַ צו שיין ווייב!

זעסט! האָסט זיך אַליין פאַרמסרט! דאָס איז פונקט, ווי אין דער מעשה מיט דער קאַניע (ווי באַוואוסט, איז עס זייער אַ נאַרי־שער פויגל און קאַניע רופט מען ביי אונז יעדן טיפש).

— איך ווייס, איך ווייס. די קאַניעס אָן פעדערן זיינען די גרעסטע טיפשים!

— איינמאָל האָבן ווייבער אַרויפגעשיקט צום רבונו של עולם אַ קאַניע מיט אַ בקשה, אַז די יאַטן זאָלן תיכף נאָכדעם, ווי זיי וועלן געבאָרן ווערן, גלייך אָנהייבן גיין אויף צוויי פיס. דער רבונו של עולם (וואָס איז אַלעמאָל העפלעך צו פרויען), האָט גע־ענטפערט:

— מהיכא תיתי! מסכים! איך פאָדער בלויז, אַז מיינע לי־בע נשים זאָלן האַלטן איין תנאי. מהיום והלאָה זאָל אַ מיידעלע, אַ פריילין, אָדער אַ דאַמע שלאָפן אַליין אונטער דער פערענע! — דאָס נאַרישע פייגעלע האָט געברענגט צו טראָגן די תשובה אויף דער ערד און זי וואָרט ביי וואָרט איבערגעחזרט. כ'ווייס ניט, וואָס עס איז די נאַכט געשען, איך ווייס בלויז, אַז די קאַניע האָט געכאַפּט אַ מיאוסן אָפּשניט.

מאַרטינעטעלע האָט זיך צוגעזעצט אויף די פּיאַטעס, אויפ־געהערט רייבן דעם דיל און האָט אויסגעשאָסן מיט אַ הויך גע־לעכטער. דערנאָך האָט זי מיך אַ שטויס געטאָן און אויסגעשריען:

— אַלטער פלאַפּלער! דו רעדסט שטותים, טאַטע... גענוג! כ'האָב ניט קיין צייט צו הערן! דו פאַרלירסט אַ סך צייט... הער, גיי זיך שוין, און נעם מיט דאָס קליינע סאַראָקעלע אָן דעם עק, ווייל זי דרייט זיך מיר אונטער די פיס נעם זיך מיט קלאָטעלען. אַאַ... זי האָט זיך שוין געפּאָרעט אין טייך. די גאַנצע נאַכט האָט זי איינגעשמירט... היידאַ, טראָגט אייך ביידע אָפּ, שטערט מיר ניט, אַניט כאַפּ איך צו אייך אַ בעזים!

זי האָט אונז ביידן פון שטוב אַרויסגעטריבן.

מיר זיינען זיך ביידע, זייער צופרידענע אַוועק און האָבן זיך

געלאָזט אין האַלץ-לאַגער פון פעטער ריו. מיר האָבן זיך אָבער פאַרהאַלטן אויף אַ ווײַלע בײַם ברעג יאָנע, כדי זיך צוצוקוקן צום פיש-פאַנג. מיר האָבן געגעבן די פישערס עצות און עס האָט אונז אַלעמאָל געפרייט ווען דער שווימער פון דער ווענטקע פלעגט זיך אונטערטוקן אין וואַסער, אָדער ווען פון די כוואַליעס פלעגט אַרויס-גלאַנצן אַ זילבערן פישעלע. בשעת קלאָטעלע פלעגט דערזען אויפן האַטשיק אַ וואָרעם, וואָס האָט זיך געקייקלט און געלעכטער, האָט זי מיט אַ מינע פון אומווילן געזאָגט:

— זיידעשי! עס טוט אים וויי... אים וועט דאָס פישעלע איינ-שלינגען!

— פאַרשטייט זיך, קינדעלע! ס'איז גאָרניט פון די גרויסע הנאות צו ווערן איינגעשלונגען — יאָ... יאָ... אָבער צו וואָס טראַכטן וועגן דעם? טראַכט בעסער וועגן דעם, ווער עס וועט עסן דאָס שיינע פישעלע און זאָג: ווי גוט עס איז!

— אָבער, ווען עמעץ זאָל דיך אויפעסן, זיידעשי?

— האַ, מילא... וואָלט איך געזאָגט: זאָל דיר זיין צו גע-זונט, יונגאַטש איינער! זעסטו, מיין קלאָטעלע, אַז דער זיידע איז תמיד צופרידן. צי איך וועל אים איינשלינגען, צי ער מיך — איז אַלץ איינס, מען דאַרף דאָס בלויז גוט באַטראַכטן! אַן אמתער בור-גונדער איז תמיד צופרידן פון אַלעם.

טאַקע בײַ דעם אָרט פון שמועס (אַן ערך עלף אַזייגער) זיינען מיר געקומען צו אונזער ריו: מיר האָבן אפילו ניט באַ-מערקט, אַז מיר זיינען שוין דאָ. קאָקעט און ראָבינעט האָבן אויף מיר רויק געוואַרט, ליגנדיק אויף די ביינער איבערן וואַסער, און דער פלינקער ראָבינעט, וואָס האָט ניט פאַרגעסן צו נעמען מיט זיך די ווענטקע, האָט געפּרוווט זיין מזל.

איך האָב זיך דערנענטערט צו זיי. ס'איז גענוג פאַר מיר זיך צו געפינען צווישן ביימער, וואָס זיינען באַצירט מיט יונגע, פראַכטפולע בלעטער, אַז דער ריח פון דער ערד און גרינס זאָל מיך תיכף פאַרשיכורן. דעמאָלט, בין איך זיך מודה, מעג זיך פליסן די צייט און דאָס וואַסער. אַ בוים איז בײַ מיר בעסער פון אַ פרוי. דאָס איז שוין מיינס אַ חולשה! איך קלייב זיך אויס

דאָס, וואָס עס איז מיר נענטער. ווען איך זאָל זיין אַ טערק און האָבּן אויפן מאַרק די געליבּטסטע פרוי, וואָס וואָלט געווען אַרומ־גערינגלט מיט עטלעכע צענדליק אַנדערע נאַקעטע מיידלעך, וואָלט איך, ניט קוקנדיק אויף מיין ליבּע צו דער איינער, ניט דורכגע־לאָזט די געלעגנהייט הנאה צו האָבּן פון דער גאַנצער טשערעדע. איך בּין נאָך ניט חסר דעה. אויף וואָס דען האָט מיר געגעבּן דער רבונו של עולם אויגן, וועלכע גאַרן שיינקייט, אַז איך זאָל זיי פאַרמאַכן? מיינע אויגן זיינען אָפן, ווי דער טויער פון אַ שייער, אַלץ גייט דאָרט אַריין, און איך לאָז קיין זאַך ניט אַרויס. איך בּין אַ מענטש אַ ידען! איך זוך אונטער דער הויט פון דער זי אַלע אירע בּאַהאַלטענע תאוות, איר רשעות, אַלע אירע פאַלשע געדאַנ־קען. פּונקט אַזוי בּאַמערק איך אונטער דער קאָרע פון אַ בּוים דאָס, וואָס איז זיין מהות, וואָס עס וועט זיך מיט דער צייט אַנט־פּלעקן אַלס בּלאַט אין בּוים. איך קוק זיך אַזוי און קאָקעט איז דער־ווייל אומגעדולדיק. (דאָס איז אַ פרעסער וואָס שלינגט אַראָפּ אַלץ רויערהייט, מיר אַלטע לייט ווייסן בּלויז ווי אַזוי הנאה צו האָבּן). אויס לאַנגווייל הייבּט ער אָן אויפן גאַנצן קול צו שרייען צו די פישער, וואָס שווימען מיטן שיפל פון קעגנאיבּערדיקן בּרעג יאָנע, דערנאָך רעדט ער מיט די מענטשן, וואָס זיינען פאַמעלעך אַרי־בּער דעם בּרעג.

בּיי אונז זיינען שוין פאַראַן דיזעלבּע מנהגים, אומאָפּהענגיק פון אָרט, הגם די פייגעלעך אין יעדן אָרט בּאַזונדער האָבּן אַנדערע געשטאַלטן.

אַ גאַנצע טאָג זיצט מען אויף דער בּריק מיט אַראָפּגעלאָ־זענע פיס, מיט אונטער־חלקס, וואָס זיינען ווי צוגעקלאַפּט צו די בּרעטער. בּלויז צייטנווייז הייבּט מען זיך אויף, כדי צוצוגיין צום נאָענטסטן קוסטל. דער שמועס צווישן די קינדער פון בּיוורון מיט די קינדער פון בּית־לחם בּאַשטייט אין אַ ריי זידל־ווערטער. די דאָזיקע הערן פון יהודה רופן אונז: כאַמעס, בּורגונדישע קרומע גען, וואַורשטן־שטאָפּערס, מיר ווידער ענטפערן אויף די קאָמפּלי־מענטן, אָנרופנדיק זיי! בּערדיקע מאַלפּעס, טייג־פרעסערס. איך זאָג מיר, מחמת הערנדיק דעם דאָזיקן מענה־לשון, קען איך זיך

אויך ניט איינהאַלטן פון ניט אַריינוואַרפן מיין: Ora pro nobis מען דאַרף יעדן איינעם אָפּענטפערן, די העפלעכקייט אַליין פאַר־לאַנגט עס!

מיר האָבן ניט באַוויזן עטלעכע ווערטער פון דעם מין אויס־צוטוישן, ווי מיר הערן פלוצלונג... מען קלינגט אויף אַנגעלוס דעי... האָ... האָ... שוין מיטאָג. איך גיב זיך אַ שטעל גלייך פון אָרט! וואו איז די צייט אַהינגעקומען? ווי שנעל עס שיט זיך דאָס זאַמד אין דער קלעפּסידרע פון דער וועלט? איך בעט דעמאָלט ראשית די פישער, זיי זאָלן העלפן ראַבינעטן און קאַקעטן אַרויפליינגן דאָס האַלץ אויפן וועגעלע און שנית, זיי זאָלן צוזאַמען מיט אונז אוועק־פירן קיין ביווראַן:

— האָ... האָ... ברעניאָן איז תמיד אַ גרויסער פּריץ! — האָבן זיי אַ זאָג געטאָן אַלע מיטאַמאָל. עס האָט זיי אויסגעוויזן אַ ביסל העזהדיק, זיי האָבן אָבער מיך געהאָרכט, מחמת אין תוך געגומען האָבן זיי מיך ליב.

מיר קערן זיך אום אַהיים הענדום־פּענדום. לייטן שטעלן זיך אויף די שוועלן פון די הייזער און געוועלבער באַוואונדערן אונ־זער התלהבות און אַרבעטזאַמקייט.

אָבער אויף דער בריק פון ביווראַן טרעפן מיר דריי אויס־געהאַלטענע פייגעלעך: טעטי, גאַרדען און טרענקאַט, וואָס האָבן כסדר געקוקט אין וואַסער אַריין. די פיס בלייבן אַליין שטיין און די צונגען הייבן אָן צו מאָלן פּרעסטאָ *). זיי קוקן אויף אונז מיט ביטול, וואָס זיי טוען גאָרניט.

מיר האָבן געוואַרט ביז אונזער רעפּערטואַר וועט ווערן אויס־געשעפּט. איך האָב זיך געזעצט אָן אַ זייט און געוואַרט אויפן סוף כדי צו אָנערקענען דעם פּריז פאַר דעם זיגער. פלוצלונג האָב איך דערהערט אַ געשריי:

— דו אויסוואורף! ביסט ענדלעך דאָ? שוין זאָלסטו זאָגן, וואָס דו האָסט געטאָן פון נייַן אינדערפרי אָן ביז מיטאָג? אַזוי לאַנג גייט מען עס פון ביווראַן ביז בעגאָן? דו פּויליאַק מיאוסער! דו וואָלסט נאָך איצט אויך זיך ניט אומגע־

*) אין מוזיק: שנעל.

קערט, ווען כ'זאָל דיך פאַרן קאָפּ ניט נעמען! הײדאַ, אַהײם זאָלסטו גײן! דאָס מיטאָג איז געוואָרן פאַרבּרענט, ווי אַ קויל!

איך האָב געענטפערט:

— איר קומט דער פּריז! טײערע פרײנד! בּחינם מאַטערט איר זיך! ווער פון אײך איז עס מסוגל זיך צו גלײכן מיט דעם שפּיל-פײגעלע מײנעם?

דאָס װײב האָט משמעות זיך געפילט שטאָלץ, מחמת זי האָט מיך מזכּה געווען מיט נאָך אײן קונסט-ווערק.

— בּראַוואָ!

— און איצט — האָב איך אַ זאָג געטאָן — איז צײט אַהײמצוגײן. דו גײ פאָרויס, מײן טײער װײבּל!

* *

*

די מכשפה מײנע איז אַוועק שנעל, האַלטנדיק פאַרן הענטל קלאָטעלען, הינטער זײ בּין איך געגאַנגען מיטן װעגעלע און מיט די לערן-ײנגלעך. פּלוצלונג איז צו אונז דערגאַנגען פון דער אויבּערשטער טײל שטאָט אַ פרײלעכער קלאַנג פון צונױפגעמישטע שטימען, אַ גערויש פון מוזיק און טענער פון גלעקער פון הײליקן מאַרטינס טורעם. איך האָב אױפגעהױבּן דעם קאָפּ, אַ שפּיץ אָנגעטאָן די אויערן, ווי אַ קאַוואַלעריע-פערד פאַר אַן אַטאַקע, און מײן נאָז האָט זיך אויסגעצויגן, זוכנדיק עפּעס נײס און לאָקנדיקס.

עס איז גראָד פאָרגעקומען די חתונה פון הער ד'אַמאַזי מיט פרײלין לוקרעציאַ דע שאַמפּאָ, דעם שטײער-מאָנערס טאָכטער.

אַלע אײלן זיך צו זען די חתונה. זײ לױפן הענדום-פּענדום, װאַרפן די אַרבּעט, שלאָגן זיך, כּדי ווי צומגיכסטן צוצוקומען אויפן שלאָס-פּלאַץ. פאַרשטײט זיך, אַז איך האָב אויף קײן ערלויבּעניש ניט געוואַרט און זיך אַ לאָז געטאָן מיטן גאַנצן כּוח. ניט יעדן טאָג זעט מען עס אַזעלכע הערלעכע זאַכן. טרינקעט, גאָרען און

פּעטי האָבן אַפילו ניט באַוויליקט די קעפּ אויפצוהייבן. זיי האָבן ערקלערט, אַז דאָס געהערט זיך צו זיי, אונטערשטעטישע לייט, ניט אָן, צו גיין מיט וויזיטן צו די בירגער פון אונטער דעם טורעם. עס נעפעלט מיר באמת דער דאָזיקער שטאָלץ און דער טאַקט. דאָס איז ווערדיק! אָבער מקריב צו זיין הנאה לשם ווערדע? ניין, דאָס איז איבער מיינע כוחות! אָ, איר מאַרטירער פון אייגענער ווערדע איך דערגרייך ניט צו אייערע הייכן!

הגם איך האָב מיט איין שפּרונג דורכגעמאַכט אַלע זעקס און דרייסיק טרעפּ פון טורעם פון הייליקן מאַרטין, בין איך ליידער געקומען צו שפּעט און ניט געוואוסט, אַז דער חתונה-עולם איז שוין אריין אין קאַטעדרע. איך האָב דעריבער געמוזט וואַרטן, כדי איך זאָל אים זען אויפן צוריקוועגס. אַלע פּראָבסטן זיינען אָבער צו זיך ענלעך. הייבן זיי אָן זינגען, נעמט ניט קיין סוף דערצו. אויס לאַנגווייל האָב איך באַשלאָסן אריינצוגיין אין קלויסטער און דאָס האָט זיך מיר מיט שוויים פון מיין פּנים איינגעגעבן. איך האָב געקנאָטן קיילעכדיקע בייכלעך, היפּשע... ביוסטן און גאַנץ פיינע געזעסלעך. איינמאָל, תיכף אונטער דעם כאָר, בין איך גע-בליבן פאַרזונקען אין דער פּערענע פון מענטשלעכע לייבער אין אַ וואַרעם און ווייך בעט. ס'איז געווען אַביסל צו הייס, און אַזאַ טעמפּעראַטור איז אַ חסרון פאַר פרייע רעיונות. ס'איז דאָך אַ מקום קדוש, דאַרף מען זיין ערנסט. אַלץ האָט זיך זיין צייט. ווען די אומשטענדן פאַרלאַנגען, קען איך זיין ווי אַ נעבעכל, אַראָפּ-לאָזן די אויערן, ווי אַ באַשיידן אייזעלע. עס מאַכט זיך אָבער אַמאָל, אַז די אויערן הייבן זיך אויף און דאָס אייזעלע טוט פּלוצים אַ גע-שריי!

אַזוי איז אויך היינט געשען. איך בין זיך רויק געשטאַנען און פרום אויפגעפּאַסט דאָס מויל, כדי בעסער צו זען דעם גאַנצן פּראָצעס פון אָפּגעבן די ריינע לוקרעציאַ דעם הער ד'אַמאַזי. עס האָבן איבער מיר געשאַלט פיר יעגער-הערנער פון הייליקן הו-בערט, וועלכע האָבן אויסגעבלאָזן לכבוד דעם באַרימטן פאַנמאַר אַ געהייבענע פאַנפאַרע. עס האָבן ליידער בלויז אויסגעפּעלט חיות. איך האָב זיך געשטיקט פון געלעכטער און כ'האָב, פאַרשטייט

זיך, ניט געקענט זיך איינהאַלטן ניט אויסצופייפן (שטילערהייט) אַ יעגער-ניגון.

בשעת עס איז געקומען צום וויכטיקסטן מאָמענט, און די כלה האָט אויפן גלחס פראַגע געענטפערט:

— יאָ — און די אָנגעבלאָזענע באַקן פון די טרומייטערס האָבן אויפגעשפּילט „דעם רייטער-מאַרש", האָב איך פּלוצלונג ניט דיר, ניט מיר — אַ געשריי אויס געטאָן אויפן קול:

— האַלאַלי!...

מען קען זיך מאָלן, סאַר אַ איינדרוק דאָס האָט געמאַכט. דער שומיר איז תיכף צו, אָנגעשטרענגט די בּרעמען און אָנגעהויבן זוכן דעם חייב איך האָב זיך איינגעשרומפּן, דורכגערוקט צווישן די אונ-טער-חלקס פון די שכנים, און אַרויס פון קלויסטער.

איך בין אַרויס אויפן פּלאַץ צווישן אַ גרויסן עולם באַקאַנטע. אַלע זיינען, פּונקט ווי איך, אַהערגעקומען זיך אָנקוקן צו דער זעט, אָנהערן, אָנטרינקען מיט מעשיות, אַזוי, אַז מען זאָל קענען דער-ציילן, וואָס מען האָט ניט געזען. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב הנאה געהאַט דערפון און די צייט איז אַוועק אַזוי שנעל, אַז פּלוצלונג האָט זיך געעפנט די טיר פון קאַטעדרע, און די גאַנצע יעגער-סוויטע האָט זיך אַרויסגעלאָזט אונטער די קלאַנגען פון אָרגל.

בּראש פון אַלע האָט מיט אַ מינע פון אַ טריומפאַטאָר גע-שפּאַנט הער ד'אַמאַזי, פירנדיק געאַרעמט זיין געפאַנגענע חיה, וועלכע האָט געוואָרפן בּליקן אויף רעכטס און לינקס און געמאַכט חנדלעך. עי!... האָב איך צו זיך אַ זאָג געטאָן, כ'בין זיך מחיה, וואָס ניט מיר קומט אויס צו היטן די אינד... אַ שיינע צו אַלדע רוחות, אָבער דער, וואָס וועט זי קוילן, וועט אַ חוץ תענוג, האָבן נאָך עפּעס... פאַרשטייט זיך, ווער עס האָט אַ חיה, האָט אויך הערנער.

איך האָב מער קיין זאַך פון דעם געיעג ניט געקענט באַ-מערקן, אויך ניט דאָס געיעג גופא, איך האָב פאַרלאָרן פון אויג דעם רייטער און די געריטענע, איך וואָלט ניט מסוגל געווען צו באַשרייבּן, וואָס'רע מלבושים עס האָבן געטראָגן די חשובע לייט,

מחמת פלוצלונג האָט אַלעמענס געדאַנק באַהערשט אַן אומגעווינלעך וויכטיקער ענין, און וואָסער סדר עס דאַרף פאָרקומען דער צוג, ווער עס דאַרף גיין פאָראויס פאַר אַלעמען אין פּראָצעסיע.

שוין ביים אַריינגאַנג (מען האָט דאָס מיר דערציילט, מחמת כ׳האָב זיך ליידער פאַרשפּעטיקט) זיינען דער ריכטער און דער פּראָקוראָר פון דעם קרייז, ווייטער דער מאַגיסטראַט, דער געהילף־מער און די צוויי באַאַמטע פון נידעריקער מדרגה אַריינגעפאַלן אין אַ סכסוך צוליב דעם געדראַנג. דעם ערשטן פידל האָט געשפּילט דעם מערס פאַרשטייער, אַלס אַ שטאַרקערער. ס׳איז איצט געגאַנגען אין דעם, ווער פון די גרויסע לייט וועט דער ערשטער אַרויסשטעקן די נאָז פון דער קאַטעדרע טיר. מיר האָבן זיך געוועט. ס׳האָט אָבער קיינער ניט געוואונען. ווי אַן אָפּגעהאַקטער קאָפּ פון אַ שלאַנג, איז דאָס יונגע פאַר־פאָלק ווייטער געגאַנגען, און דער רעשט קערפּער איז געבליבן שטעקן אין קלויסטער.

מיר האָבן זיך דערנענטערט און אַ קוק אַריין געגעבן אין דער־מיט. דאָס בילד איז געווען באמת אַן אומגעווינלעכס צונויפגעדריקטע, אין כעס, פאַרשוויצטע, האָבן זיך די גרויסע לייט געשטופּט אונטערן כאָר, און איינער האָט געשטערט דעם אַנדערן. אין דעם הייליקן אָרט האָט קיינער ניט געוואַגט צו שרייען. זיי האָבן בלויז געמאַכט מיט די ליפּן, מיט די וואָנסן, געגלאָצט שרעקלעך מיט די אויגן, אויסגעגלייכט און איינגעבויגן די רוקנס, געדונצטל די שטערנס, געסאָפּעט, געבלאָזן, אָנגעבלאָזן די באַקן, און ביי דעם אַלעם קיין וואָרט ניט גערעדט.

האַלטנדיק זיך כסדר אָן אַ זייט, האָבן מיר אין דעם ענין גענומען אַ קנאַפּן אָנטייל, מיר האָבן זיך בלויז געהאַלטן אין וועטן. די עלטערע, באַיאָרטע האָבן געשטעלט אויפן ריכטער, אַלס פאַרשטייער פון פירשט, די יונגע האָבן געהאַלטן דעם מאַגיסטראַט־באַזיצערס צד, אַלס דער פאַרשטייער פון בירגערליכע פּריוויהייטן. איך ווידער האָב געהאַלטן פאַר דעם, וואָס וועט דעם צווייטן אָנפּייפן.

יעדע פּאַרטיי האָט צוגעגעבן מוט איר געיעג־פערד:

— הוזש! הוזש! נעם אים, הער גראָססט! כאַפּ אים פאַרן

פּרצוף, פּעטאַ, פאַר אים איינמאָל אַריין אין די ציינער, און אַן עק! נו, אַלטער אייזל, וויאָ!

די קאָנקורענטן האָבן זיך אָבער פאַר די קערק ניט אָנגע־כאַפּט, מחמת זיי האָבן מורא געהאַט פאַר די יום־טובדיקע בגדים. און די מחלוקת וואָלט געדויערט מי יודע ווי לאַנג, ווען דער פּראָבסט וואָלט זיך דערין ניט אַריינגעמישט. ער האָט נעבעך מורא געהאַט, אַז מען וועט אים אָוועקפּטרן דאָס חתונה־מאָל, איז ער דע־ריבער שנעל אַרויס און אָנגעהויבן מאַכן שלום:

— מיינע טייערע שעפּעלעך, דער רבונו של עולם איז אומ־גערולדיק און דאָס מיטאָג וואַרט. דאָס טאָר מען ניט טאָן. זאָלן מיר דען אַריינטרייבן דעם בורא עולם אין אַ שלעכטער שטימונג דורך האַלטן צו לאַנג אָפן דעם קלויסטער? איז דען כדאי צוליב אַזאַ קטנות צו פאַרלירן אַזאַ געשמאַקן ביסן? מיר וועלן אינדער־היים אונזער שמוץ אויסוואַשן... און איצט זאָל זיין שלום!

אויב ער האָט אפילו אַזוי ניט גערעדט (מחמת כ'האָב קיין וואָרט ניט געהערט), איז דער זין פון זיינע ווערטער מסתמא גע־ווען אַזעלכער, ווייל תיכּף האָב איך דערזען צוויי מעכטיקע הענט, וואָס האָבן זיך געפּילפּול אַרומגענומען, און צוויי פולע פּרצופים, וואָס האָבן זיך ברידערלעך צעקושט, דערנאָך זיינען זיי אַרויס, אָבער צוזאַמען אין איין ריי, ווי צוויי זיילן, וואָס אין זייער מיטן האָט זיך אָנגעזען דעם פּראָבסטס דיקער בויך. עס זיינען אַזוי אַרום געוועזן, אָנשטאָט צוויי גרויסע לייט — דריי אויפן ערשטן אָרט, און דער מוסר־השכל דערפון איז דער, אַז דאָס פאָלק האָט גאָר קיין היזק ניט, ווען די פּריצים רייסן זיך ביי די קעפּ.

* *

*

אַלע זיינען אריבער אין שלאָס און זיך געזעצט צו דער סעודה, וועלכע זיי האָבן ערלעך פאַרדינט; מיר ווידער, די שטאָט־בהמות, זיינען געקראָכן איבערן פּלאַץ, זיך געדרייט אַרום אַן אומ־

זעבארער שיסל און אריינגעזאפּט מיט דער נאָז די ריחות פון די מאכלים. כדי נאָך מער הנאה צו האָבן, האָבן דריי זולל־וסובאס, דהיינו: טריפּעט, באלדאגין, און דער אונטן געחתמעטער, זיך גע־נומען אויספּרעגן וועגן די מינים שפּייז, וואָס מען האָט דערלאַנגט די געסט. ביי יעדער מאָל אויסרעכענען די מאכלים, האָבן מיר זיך נעקוויקט פון געלעכטער און געשטויסן זיך מיט די איילנבויגנס. א טייל מאכלים האָבן מיר געלויבט, אנדערע געטאדלט. א שאָד, מען האָט זיך מיט אונז קיין עצה ניט געהאלטן, ניט געפּרעגט ביי קיין געניטע מענטשן. אין אמתן אָבער זיינען אין מעניו קיין גרויסע חסרונות ניט געווען, ניט קיין אָרטאָגראפישער פעלער... מיט איין וואָרט, דאָס מיטאָג איז געווען זייער א פיינס.

איך צוזאמענהאנג מיט דעם האָזענעם מאכל איז אנטשטאנען א גוואַלטיקער וויכוח, יעדער איינער פון אונז האָט אויפגעגעבן זיין רעצעפּט, און אַלע, וואָס האָבן זיך צוגעהערט, האָבן אויך צוגע־געבן עטלעכע ווערטער. אָבער... אזעלכע מינים טעמעס זיינען געפערלעך (מען דאַרף פּשוט זיין א שלעכטער מענטש צו ריידן דערפון קאַלטבלוטיק), דעריבער, בשעת ס'האָבן זיך נאָר אריינ־געמישט אין שמועס די צוויי דאמען פערואַן און זשאַקעט, איז נעקומען צו אַן אויפרייס. די דערמאָנטע צוויי דאמען, ספּעציאַלי־סטינס אין זייער פאַך, זיינען קאָנקורענטינס, און זיי געטרויט מען אָן געוויינטלעך אַלע גרויסע מיטאָגן, וואָס ווערן געמאַכט אין שטאָט. יעדע איינע פון זיי האָט זיך איר צד, און יעדער איינער וואַלט, שטיצנדיק זיך אויף אירע אָנהענגער, גערן אָפּרוקן די צוויי־טע אָן א זייט. ס'איז געווען א גרויסארטיקער טורניר.

איר דאַרפט וויסן, אז ביי אונז אין שטאָט זיינען די מיטאָגן אַזעלכע מינים דועלן פון די רייכערע בירגער. אָבער ניט קוקנדיק אויף דער ליבע צו געהויבענע וויכוחים, בין איך זיך מודה, אז עס פאַרמאַטערט מיך דאָס הערן תהלות ותשבחות וועגן די מעשים פון מיינע נאָענטע, אליין ווידער בין איך גאָרניט מסוגל צו טאָן. איך קען זיך אויך לאַנג ניט נערן מיט דעם סאַאוס פון געראַנקן און זעאונגען פון אומדערגרייכלעכע מאכלים. דעריבער טאַקע האָב איך

זיך שטאַרק דערפרייט, בשעת כ'האָב דערהערט דעם וואוילן טרי־פעטס ווערטער (וואָס האָט געליטן די זעלבע יסורים).

— בשעת מען רעדט אַזוי לאַנג וועגן קיך-ענינים, ווערט אַ מענטש רויט, ווי אַ פּערזשעך (דאָס איז געווען אַ רמז אויף מיין פאַמיליע-נאָמען און אויף די רויטע באַקן, מחמת ברעניאָן הייסט אויף אונזער לשון פּערזשעך). פּונקט אַזוי ווערט רויט אַ פאַרליבטער, ווען ער רעדט לאַנג וועגן ליבע. גענוג שוין, איך פּגר, פריינד מיי־נער, אָוועק, איך ברען, איך טרינק זיך, און פון מיינע אינגעווייטן גייען אַרויס רויכן פון שרפות, מיר מוזן זיי באַשפּריצן, לעשן און שטילן דעם שטנס הונגער, וואָס פּרעסט זי אויף.

— מילא, עס וועט שוין געשען. פאַרלאָז זיך אויף מיר. אַ חכם פון די אַלטע צייטן האָט אַמאָל געזאָגט: די בעסטע רפואה קעגן הונגער, איז אָפּצועסן צו דער זעט

מיר זיינען צוזאַמען אַוועק אויף עק גרויסע גאַס אין שענק „אונטערן הערב פון פראַנקרייך און דעם דעלפינאַט". פון אינ־דערפרי אָן האָבן מיר ביידע ניט געהאַט אין מויל, און געווען איז שוין נאָך צוויי בייטאָג. טריפּעט האָט געהאַט שאַנסן צו טרעפן אינדערהיים אַ קאַלטע זופּ מיט אַ בייזער קליפּה. ס'איז געווען אַ מאַרק־טאָג, האָבן מיר אין זאַל קוים־קוים געפונען אַן אָרט. ווי ס'איז אָבער ניט אָנגענעם זיך צו פילן פריי ביים עסן, איז נאָך אָנגענעמער צו זיין אין געדרענג צווישן גוטע ברידער. אַזוי אַרום איז תמיד אַלץ אין אָרדענונג.

מיר האָבן אַ ווײַלע אויפגעהערט צו שמועסן, אָדער ריכטיקער געזאָגט, מיר האָבן אָנגעהויבן אַ שמועס פון הערצער און קינבאַקן, אָפּגעבנדיק זיך מיט גרויס הנאה דעם פּאַרטיק מאַכן דאָס חזיר־פלייש מיטן קרויט. ס'איז געווען ו אַז, שמעקעדיק און צעגאַנגען אויף דער צונג. דערצו האָבן מיר אויסגעטרונקען שוואַרץ ביר, כדי צוצווייען דעם נעפּל, וואָס האָט אונז פאַרשטעלט די אויגן. אונזערע עלטער־זיידעס זיינען געוועבט געווען, ווען זיי האָבן געהאַלטן, אַז עסן און טרינקען הייסט פאַרשטערן זיך דעם קוק אויף דער וועלט!

בשעת איך האָב באַקומען צוריק אַ שאַרפן קוק און זיך דורכ־געשוועקט דעם האַלז, האָב איך ווידער אָנגעהויבן לייטיש צו קוקן

אויף מענטש און וועלט און כ'האָב ווידער אַמאָל פעסטגעשטעלט, אַז ביידע האָבן זיי נאָכן עסן גאָר אַ שיינעם פּנים.

ביים שכנותדיקן טישל איז געזעסן עפּעס אַ פּראָבסט פון דער אומגעגנט, און קעגנאיבער אַן אַלטע דאָרפישע באַלעבאָסטע. זי האָט זיך צו אים כסדר געניייגט, גערעדט צו אים, זיך איינגעקוקט אין אים מיט מתיקות, אַריינגערוקט דעם קאָפּ צווישן די אַקסל, מיט איין וואָרט זי האָט אים געוואָלט באַצויבערן, און אפשר ביי דער געלעגנהייט זיך מתוודה זיין אויך.

דער פּראָבסט האָט ליבנסווירדיק און גנעדיק זיך צוגעהערט, ער האָט אָבער משמעות קיין וואָרט ניט געהערט. אויף יעדע באַגריסונג האָט ער געענטפערט מיט באַגריסונג, אָבער דעם טעלער האָט ער געהיט. עס האָט זיך געדאַכט, אַז ער זאָגט: גיי זיך בשלום, טאָכטער מיינע... ego te absolvo אַלע דיינע עבירות האָט מען דיר מוחל געווען... מחמת דער אייבערשטער איז אַ גוטער, און איך האָב אויפגעגעסן אַ גוט מיטאָגל... מחמת, איך זאָג דיר נאָכאַמאָל, דער אייבערשטער איז אַ רחום וחנון און דער פּודינג מיט מאַלינעם-סאָק איז אַ מאכל... ממש די פינגער צו לעקן!

אַביסל ווייטער איז געזעסן אונזער רייענט פּיער דעלאַוואָ, וואָס איז געווען פאַרנומען מיט אַ שמועס מיט זיין חבר. ער האָט גערעדט וועגן גאָלד-וואַלוטע, גוטע מידות, וועגן זילבער, פּאָליטיק אָפּמאַכן אין דער רעפּובליק... פאַרשטייט זיך, דער רוימישער (ער איז געווען אַ רעפּובליקאַנער אין די לאַטיינישע שירים, אין טאָג-טעגלעכן לעבן אָבער האָט ער זיך געהאַלטן ביים שכל-הישר און טריי געדינט זיין מאַיעסטעט דעם קיניג).

ווייט, סוף זאַל, האָט מיין שאַרף אויג דערטאַפּט דעם טייערן פּעראָן, וועלכן מען האָט גערופן — דער פייערדיקער, אין זיין גע-בופטער בלוזע, פּעראָן, וועלכן מען האָט גערופן דער שמיצער פון קאָרזואַל. איך האָב ניט באַוויזן אויף אים אַ קוק צו טאָן, ווי ער האָט מיך שוין באַמערקט. איך וואָלט שווערן, אַז ער האָט מיך תיכף אין אָנהויב געזען, ער איז אָבער געזעסן שטיל, מחמת ער איז שוין העכער דריי יאָר מיר שולדיק געלט פאַר צוויי שענק פון נוסנהאָלץ.

ער האָט אַ פּריילעכן געשריי געטאָן, איז אויפגעשטאַנען, צו־געגאַנגען צו אונזער טיש און מיך מכבד געווען מיט אַ גלאָז וויין:

— ברוך הבא, פּאָטער ליקאַ, איך באַגריס דיך אין נאָמען פון שיכורים־קאָנווענט!

מיט די ריטועלע ווערטער האָבן מיר אָנגעהויבן מאַכן די כוסע.

— אַ מענטש גייט אויף צוויי פיס! — האָט ער אַ זאָג גע־טאָן און מיר האָבן געמאַכט אַ צווייטע כוסע.

פּערען האָט מיר פאַרגעלייגט, איך זאָל עפּעס פאַרבייסן. ער האָט געמיינט, אַז כ'וועל זיך אָפּזאָגן, מחמת כ'האָב שוין געהאַט זיך אונטערגעלענט דאָס האַרץ. ער האָט אָבער אַ טעות געהאַט. איך בין כהרף עין געפאַלן אויף דער המציאה און אַ זאָג געטאָן:

— מהיכא תיתי!

וואָס איך זאָל ניט אַריינכאַפּן אויפן חוב, וועט זיין כולו ריווח! איך האָב דעמאָלט ווידער גענומען עסן, אָבער איצט שוין רויקער, מיט מער סדר, מחמת קיין הונגער־טויט האָט מיר שוין ניט געדראָט. ביסלעכווייז זיינען זיך די פּראָסטע לייט צעגאַנגען, מענטשן, וואָס האַלטן זיך תמיד אין איין אייַלן, מענטשן, וואָס עסן, ווי די חיות, כדי צו שטילן דעם הונגער. עס זיינען געבליבן בלויז ערלעכע לייט, אין אַ געוויסן עלטער, מענטשן מיט טאַ־לאַנט, וואָס האָבן אַ ידיעה אין שיינע, גוטע און געשמאַקע זאַכן, פאַר וועלכע אַ גוט מאכל איז פּונקט דאָסזעלבע, וואָס טאָן אַ מצווה.

דער שמועס איז געוואָרן אַן אַלגעמיינער, מען האָט גע־רעדט פון טיש צו טיש. די שטימונג פון ברידערשאַפט, פריינד־שאַפט און אייניקייט האָט אָנגעהויבן הערשן אין אַלץ, פּאַראיי־ניקנדיק אַלע, ובכן, דעם פּראָבסט, דעם פייערדיקן, דעם נאָטאַר־יוס, זיין חבר און די באַלעבאָסטע פון האָטעל, וואָס האָט גע־האָט זייער אַ זיסן נאָמען קושעלע (דער פאַמיליען־נאָמען האָט שוין אַ סך צוגעזאָגט, די באַלעבאָסטע זיינע איז אָבער גרייט גע־ווען אויף נאָך גרעסערע קרבנות).

כדי באַקוועמער צו שמועסן, האָב איך שפּאַצירט פון טיש צו טיש, צווענדיק זיך אומעטום אויף אַ ווײַלע, מען האָט זיך

מתוּוכח געווען וועגן פּאָליטיק. אַלע האָבן זיך באַקלאָגט אויף די שרעקלעכע צייטן, אויפן יקרות, אויפן שטילשטאַנד אין די געשעפטן, אויפן חורבן פון פראַנקרייך, פון דער גאַנצער ראַסע, אויף דער אַלגעמיינער ירידה, אויף די מושלים און אינטריגאַנטן. יעדער איינער איז אָבער געווען פּאָרזיכטיק, קיין נעמען האָט מען ניט דערמאָנט. די גדולים פון דער וועלט האָבן אויך גרויסע אויערן און לאַנגע אויערן. דער שפּיץ פון אַזאַ אויער קען יעדע רגע זיך באַווייזן אין דער טיר.

היות מען האָט אָבער געמוזט טרייבן רכילות, האָט מען לויטן בורגונדישן מנהג אָנגעהויבן פון... די ווייטסטע מאַכטהאָבער. אַלע האָבן פּה אחד דערטרונקען די איטאַליענער מיט הער קאָנטשיני, די ווערים, וואָס די קיניגן האָט געברענגט צו שלעפּן אין די פּאַלבן פון איר קלייד אַזש פון פלאָרענץ.

נאָך מיין סך-הכל, אַז איין איטאַליענישער תליה-יונג איז ווערט דריי אונזערע, און אַז דריי אָרנטלעכע איטאַליענער (אויב ס'איז אַזויפיל בנמצא) זיינען ניט ווערט קיין איינעם, קיין דריטל אפילו פון איין אָרנטלעכן פראַנצויז, — האָבן אַלע פּה-אחד מיט מיר מסכים געווען.

איך האָב באַמערקט, אַז זיי האָבן מיך ניט פאַרשטאַנען, מחמת איך האָב פאַרקערט געהאַלטן, אַז מען דאַרף ליב האָבן יעדן אָרענטלעכן מענטש, מעג ער אפילו זיין אַ איטאַליענער.

אַלע האָבן זיך אויף מיר אַ וואָרף געטאָן און ערקלערט, אַז מיין מיינונג חידושט זיי לגמרי ניט, מחמת מען קען מיך פאַר אַן אַלטן חמור, אַ רויט-פּרצוף, אַ פּיליגרים אויף די וועגן פון טיפּשות, אַ שלעפּער און פּוסט-און-פּאַסניק אויף אַלע שליאַכן.

זיי זיינען געווען גערעכט. איך האָב אַ סך אַרומגערייזט. דער אַלטער פירשט, דעם היינטיקנס פאָטער, האָט מיך געשיקט קיין מאַנטוע און אַלביסאָלי שטודירן עמאַל-אויסאַרבעטונגען, פאַרצעליי און קינסטלערישע אינדוסטריע. איך האָב מיטגעווירקט צו לייגן אַ יסוד פאַר דאָס אויסאַרבעטן דאָס מין זאַכן אין פראַנקרייך און נישט געקאַרגט דערויף ניט קיין מי, ניט קיין שטיוול. דעם גאַנצן וועג פון סען-מאַרטען אַזש ביז סט. אַנדרע-לע-מאַנטואַן האָב איך

דורכגעמאַכט צופּוס מיט אַ שטעקן אין האַנט. אָ, סאַר אַ פּאַרגעניגן דאָס איז צו זיין אַזוי לאַנג, מיט דעם גראָבּבּאַקיקן חבר, דער לבנה איבּערן קאָפּ.

לאָמיר עס אָבּער לאָזן צורו. זיי האָבּן מיך אויסגלאַכט! דאָך האָבּ איך זיי אַזוי פיל געבּראַכט! וואָס האָסטו געבּראַכט? — האָט מען מיך געפרעגט מיט אַ געלעכטער. זייער אסך! מיינע אויגן האָבּן געזען ניסים ונפלאות. אין קעשענע האָבּ איך, וואָס אמת איז, גאָרניט, אָבּער אין קאָפּ — פול. איך האָבּ זיי געוואָלט שענקען די אוצרות, זיי האָבּן אָבּער ניט צוגענומען. איז ניט! — האָבּ איך אַ טראַכט געטאָן — וועל איך אַלץ פאַר זיך בּאַהאַלטן. מיינע לאַנדס-לייט זיינען ניט נייגעריק צו וויסן, סיידן וועגן זאַכן, וואָס זיינען נוגע דעם שכן, און נאָכמער די שכנטע. אַלע איבּעריקע זאַכן זיינען צו שווער און לייגן זיך ניט אויפן שכל. אומעטום איז איין וועלט, זאָגן זיי, צי דאָ, צי אין רוים, אומעטום הייסט אַ חמור — חמור! זאָל זיין אַזוי, האָבּ איך זיך אַ טראַכט געטאָן, מען דאַרף ניט מאַכן לייטן גליקלעך קעגן זייער ווילן. איך האָבּ זיך צוגע-פּאַסט צו זיי, ניט פּאַרלירנדיק קיין זאַך פאַר זיך גופא.

איך זיץ זיך אַזוי, צייכן פּאַרבּאָרגענערהייט דעם נאָטאַריוס דעלאַראָש און דעם פּראָבּסטס נאָז, וואָס בּשעת ער רעדט פּאָכעט עס מיט די הענט אין דער לופטן, ווי אַ האָן, און איך זינג צוזאַ-מען מיט זיי דאָס בּאַקאַנטע לידל: „ס'איז אַ גליק גאָר אָן אַ מאָס, צו זיין פון קלאַמסי אַ בּאַלעבּאָס". איך זינג עס גאַנץ ערנסט. אַ טייער שטעטל, אַנדערש קען עס גאָרניט זיין, איך בּין דאָך דאָ גע-קומען אויף דער וועלט! מענטשלעכע פּירות וואַקסן זיך דאָ פריי, בּהרחבה, בּשפע, זאַפּן זיך ניט אָן מיט קיין שלעכטע זאַפטן, ניט מיט קיין רשעות, דער גאַנצער חסרון אונזערער איז אפשר — די שאַרפע צונגען.

מען רייבּט אָן די זייטן דעם שונא, ווי געהער צו זיין, אָבּער דאָס וועקט בּלויז ליבּע און קיינער וואָלט אים קיין האָר פון קאָפּ ניט אַרויסגעריסן. דעלאַראָ האָט אונז דערמאָנט (מיר זיינען אַלע. אפילו דער פּראָבּסט, געווען שטאָלץ דערפון) ווי די ניווערניאַנער האָבּן זיך רויק און איראָניש פּאַרהאַלטן, בּעת דאָס גאַנצע לאַנד

האָט ממש זיך געוואָרפן פון משוגעת. אונזער מער ראַגאַן האָט זיך דערמאָלט אָפּגעזאָגט צו פאַראייניקן מיט די גיזאַרס, מיט די ליגע-לייט, אַפּיקורסים, אָדער די קאַטוילן פון רוים, צי גענף, וואָס זיינען באַהערשט געוועזן פון שגעון און געגאַרט איינער דעם אַנדערנס בלוט, סט. באַרטלעמי ווידער איז געקומען צו אונז, אָפּצוואַשן זיינע איינגעטונקטע אין בלוט הענט. מיר זענען געווען קאָנצענטרירט אַרום אונזער פירשט, ווי אַן אינזעלע פון שכל-הישר, וואָס די כוואַליעס האָבן בחינם זיך אין אים אָפּגעשלאָגן.

קען מען דען אַן צער דערמאָנען דעם פירשט לואי עליו השלום, אָדער אונזער קיניג היינריך? אָ, ווי מיר האָבן זיך עס ליב געהאַט, ווי מיר האָבן זיך עס פאַרשטאַנען איינער דעם אַנדערן! פאַרשטייט זיך, אַז זיי האָבן זיך געהאַט זייערע חסרונות, פונקט ווי מיר, אָבער דוקא די דאָזיקע ריין-מענטשלעכע חסרונות האָבן זיי געמאַכט נענטער פאַר אונזערע הערצער. מען האָט מיט שפּאַס געפּלעגט זאָגן: נעוועער פאַרליבט זיך תיכף אין פלוג, כאָטש די האָר זיינען שיטער ביי אים אויפן קאָפּ... — אָדער אַנדערש: היי-יאָר וועט זיין אַ גערעטעניש אויף קינדער, נעוועער האָט שוין ווידער אַ זון! אָ, מיר האָבן דערמאָלט ברויט געגעסן מיטן פולן מויל!

מיר האָבן זיך צערעדט וועגן די אַמאָליקע צייטן. דעלאַראָ האָט, פונקט ווי איך, געקענט דעם פירשט לואי. דעם קיניג היינריך עליו השלום האָב איך אַליין בלויז געקענט. ניט וואַרטנדיק ביז מען וועט מיך בעטן, האָב איך אַלזאָ, אפשר צום הונדערטסטן מאָל, זיי דערציילט (ס'האָט זיך תמיד געדאַכט, אַז זיי הערן צום ערשטן מאָל), ווי דער קיניג האָט אויסגעזען. אַלץ איז געווען אויף אים גראָ: די מלבושים, דער הוט, דאָס פערד, די גרויע וואָנסן, די גראָע אויגן... מיט איין וואָרט, וואָס דו האָסט נאָר אויף אים געזען איז געווען גראָ, אינווייניק אָבער איז אַלץ געווען פון גינגאָלד.

באותו הרגע איז אַריין דער געהילף-נאָטאַריוס מיט אַ ידיעה, אַז עס שטאַרבט זיינס אַ קליענט און וויל מאַכן אַ צוואה. ער איז אַוועק, אָבער פאַר דעם האָט ער אונז נאָך מכבד געווען מיט אַ וויץ; וואָס איז אים, ווי כ'האָב באַמערקט, געלעגן שוין לאַנג אויף

דער שפּיץ צונג, אַזוי, אַז ער האָט געמאַכט אַן אומגעדולדיקן זשעסט, בעת איך האָב אים אויסגעכאַפּט און אַריינגערוקט מיינס אַ מעשה. דער וויץ, מוז איך מודה זיין, איז געווען אַן אויס-נאַם, מילאַ, האָבן מיר עס אַביסל געלאַכט. ניטאָ אַזאַ קינסטלער ווי דעלאַראָ אויף פּעטע וויצן.

* *
*

אָפּגערוט זיך נאָך די איינדרוקן פונם טאָג, דורכגעשוועַנקט זיך ווי עס געהער צו זיין פונם האַלז ביז די פּיאַטעס, זיינען מיר צוזאַמען אַוועק. (ס'איז געווען אַ זייגער פינף). אָ, סאַר אַ וועלט מיט פירות איך האָב עס צונויפגעקליבן אין משך פון די קורצע דריי שעה. אחוץ צוויי מיטאָגן און פריילעכע זכרונות, האָב איך נאָך געהאַט אַ באַשטעלונג אויף צוויי גרויסע קופערטעס מיט שלע-סער. מיר זיינען אַוועק צום אַפּטייקער ראָטערי, וואו מען האָט אונז מכבד געווען מיט ביסקוויט און וויינפּערלעך-זשעלע. דאָרט האָט דעלאַראָ פערענדיקט דערציילן זיין אַנעקדאָט און האָט אונז נאָך באַגלייט אַ שפּאַר שטיקל וועגס, אַזש ביז מיראַנדאָלאַן, כדי צו דערהערן נאָך איין אַנעקדאָטל, מיט וועלכן איינער פון אונזער גע-זעלשאַפט האָט אונז מהנה געווען.

לסוף זיינען מיר זיך שוין צעגאַנגען אויף פּעסט, אויסליי-דיקנדיק זיך אונטער עפּעס אַ מויער פון אַ טייל פּראָדוקטן, וואָס זיינען געווען אונז איבעריק. ס'איז געווען צו שפּעט אַהיימצוגיין און גלייכצייטיג צו פרי. איך בין דעריבער אַוועק אין דער געזעל-שאַפט פון עפּעס אַ קוילנהענדלער צו בית-לחם. דער קוילנהענדלער איז נאָכגעגאַנגען נאָך אַ פולן וואָגן סחורה און זיך צוגעפּייפט. לעבן דעם טורעם אין לורדאָ האָב איך געטראָפן אַ רעדערמאַכער, וואָס האָט געקייקלט אַ ראָד: ביי יעדער מאָל, וואָס דאָס ראָד האָט אָנגעהויבן זיך פּאַמעלעך קייקלען, פלעגט ער צולויפן און מיט אַ שטויס עס ווייטער טרייבן. ער איז געווען אַ לעבעדיק אָפּבילד פון

אַ מענטש, וועלכער יאָגט זיך נאָכן גליק, וואָס אַנטלויפט אָבער וואָס שנעלער, ווען מען וויל דערוויף אַרויפשפּרינגען. איך האָב פאַרצייכנט דעם פאַקט, איך זאָל אים, ווען עס איז אויסנוצן.

איך האָב זיך געשלאָגן מיט דער דעה, צי זאָל איך אַהיימגיין מיטן קירצסטן, צי מיטן לענגסטן וועג, בעת כ'האָב פלוצלונג דער־זען אַ פּראָצעסיע, וואָס איז געגאַנגען פון דער זייט פון שפּיטאָל.

בראש איז געגאַנגען אַ קליין יינגל, וואָס איז געווען ניט גרע־סער פון מיין פוס, און האָט געטראָגן אַ הויכן צלם, אָנשפּאַרנדיק אים אָן דעם בויך, ווי אַ פּיקע. דער יאָט האָט אַלע ווײַלע אַרוים־געשטעקט די צונג די קינדער, וואָס זיינען דערלעבן געגאַנגען אין מעסע־העמדלעך און כסדר געקוקט אויף דעם שפּיץ צלם, וואָס איז אים משמעות שווער געווען צו טראָגן. הינטער זיי האָבן פיר זקנים מיט אָדערדיקע, אָנגעדראָלענע הענט געטראָגן עפּיס אַ פּעפּער אונ־טער אַ געוואַנט, וועלכער איז לויט דער ערלויבעניש פון זיין פּראָבסט אַוועק אויפן בית-עולם ווייטער צו כאָפּן זיין דרעמל אין דער ערד.

די העפלעכקייט פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל אים באַגלייטן ביז דער היים. ס'איז דאָך סוף כל סוף אָנגענעמער, ווען אַ מענטש איז ניט אַליין. איך בין זיך מודה, אַז כ'האָב זיך פאַראייניקט צו די מלווים אויך כדי צו הערן דער אלמנהס מעשיות, וועלכע איז, לויטן מנהג, געגאַנגען און שווער געזיפצט תיכף הינטערן גלח און דערציילט בפרטיות וועגן דעם בר־מיננס קראַנקהייט, וועגן די רפואות, וואָס ער האָט גענומען, וועגן זיינע לעצטע מינוטן, זיינע מידות טובות, געפילן, בוי פון קערפּער, און לסוף וועגן זיין און זיין צווייטער העלפטס גאַנץ לעבן. מיר זיינען נאָכגעגאַנגען שטאַרק פאַראינטערעסירט, וואָס אַמאָל אַ גרעסערער עולם, מחמת איך קען נישט דורכלאָזן דעם פאַקט, אַז אַלע ווײַלע האָבן מיר זיך אָנגע־שטויסן אויף באַקאַנטע, וואָס האָבן אויך געהאַט מיטפילנדיקע הער־צער און אויערן, וועלכע זיינען גרייט געווען אויסצוהערן די אַלע מעשיות.

לסוף האָבן מיר געבראַכט צו טראָגן דעם מת צו זיין באַשטימט אָרט, אין דער אכסניה פון געשמאַקן שלאָף. מען האָט אַוועקגע־

שטעלט די טרומנע אויפן ראַנד פון אַ גרויס, שוואַרץ לאָך, און היות ער האָט נעבעך ניט קיין רעכט אויף אַן אייגן האָלצערן עמד (נישקשה, מען קען שלאָפן נאַקעט אויך), האָט מען דעריבער אויפגעהויבן דאָס געוואַנט און די דעק און דעם אינהאַלט פון קאַסטן אַריינגעשיט אין גרוב אַריין.

איך האָב אַריינגעוואָרפן דעם בר-מינן אַ גאָרשטש ערד, זיך איבערגעצלמט, כדי אָפּצוטרייבן פון זיך בייזע חלומות, און בין אַוועק אַ שטאַרק צופרידענער. איך האָב דאָך אַזוי פיל געזען, כ'האָב גענומען אָנטייל אין שמחה און אין אבלות... מיין רוקזאַק איז היינט פול געוועזן איבער די ראַנדן.

איך האָב באַשלאָסן זיך אומצוקערן אַהיים לענגאויס דעם ברעג, אָנהייבנדיק פון דעם אָרט, וואו ביידע טייכן קומען זיך צונויף. פאַרשטייט זיך, אַז איך באַדאַרף גיין מיטן ברעג ביוראָן דער אָוונט איז אָבער געוועזן אַזאַ שיינער, אַז איך האָב פּלוצלונג זיך געפונען וייט הינטער דער שטאָט, אונטער דעם צוויבערפולן זשאָן, וואָס האָט מיך געבראַכט אַזש ביזן טאָל אין לאַ פאַרעט. דאָס וואַסער איז געפלאָסן רויק אַן איין פעלבל אפילו אויף זיין לאַנגן קלייד. עס האָט געזשמורעט די אויגן, ווי אַ פיש אויף דער ווענטקע. און דער הימל האָט פונקט ווי איך זיך געלאָזט באַהערשן. עס האָט זיך געבאָרן אינגאַנצן אין טייך צוזאַמען מיט די וואָלקנס, וועלכע זיינען געשוואומען מיטן שטראָם, פאַרטשעפּענדיק זיך ערטערווייז אין די גראָזן און ברעגיקע קוסטן. איך האָב זיך געזעצט לעבן עפּעס אַן אַלטן מאַן, וואָס האָט געהאַלטן אויף שטריק צוויי דאַרע קי, וועלכע האָבן געדולדיק געזוכט גראָז אויפן ברעג. איך האָב אים געפרעגט, ווי עס גייט אים, איך האָב אים גענעבן אַ רפואה צו זיין גיל אויפן פוס, דהיינו, ער זאָל אָנטאָן אַ **זאָק** מיט געמאָלענעם עסיק-זאַלץ (אַז מען דאַרף, בין איך אַ רופא אויך), ער ווידער האָט מיר דערציילט וועגן זיין לעבן, איבערלעבענישן און צער מיט אַזאַ פריילעכקייט, וואָס האָט מיך ממש פאַרחידושט: ער איז געוועזן אומצופרידן, ווען כ'האָב געטראָפן, אַז ער איז יונגער מיט עטלעכע יאָר (ער איז אַלט געוועזן אין 75-טן יאָר) און ס'האָט זיך גערעכט אַז ער איז שטאָלץ דערפון, וואָס ער האָט אַ סך געלעבט און אַ סך

נעליטן. ער האָט געהאַלטן פאַר זייער ריכטיק, וואָס עס זיינען פאַראַן ליידן אויף דער וועלט, וואָס צדיקים און רשעים ליידן דאָסזעלבע, מחמת גליק קומט אויך מן השמים פאַר אַלעמען גלייך. דער חשבון ענדיקט זיך דערמיט, וואָס סיי גבירים, סיי אָרעמע־לייט, סיי שיינע, סיי מיאוסע, גייען אין איין שיינעם פרימאָרגן אַלע אוועק אונטערן שאָטן פון איין פאָטער אין הימל.

דער אַלטיטשקער האָט גערעדט מיט אַ טרוקענער און סקריפּענדיקער שטים, אין גראָז האָבן זיך געלאָזט הערן פעלד־פערדעלעך, דאָס וואַסער האָט גערוישט אין טאָל, פון פאָרט האָט זיך געטראָגן אַ ריח פון האָלץ און סמאָלע, פאַר אונז האָט געפלאָסן גלאַטיק דער טייך, אַלץ איז געשוואומען אין וואונדערלעכער האַרמאָניע.

דער פּאַסטוך איז אוועק אַהיים, איך האָב זיך אויך געלאָזט צו דער שטאָט צו. איך בין געגאַנגען פּאַמעלעך, די הענט פאַרלייגט אויפן הינטן און געקוקט אויף די קרייזן, וואָס האָבן זיך געמאַכט אויפן וואַסער. איך בין אַזוי געווען פאַרנומען מיט די בילדער, וואָס האָבן זיך אָפּגעשלאָגן אין די כוואַליעס, אַז כ'האָב ניט געזען, וואוהין איך גיי און וואו איך בין. פּלוצלונג האָב איך אַ שפּרונג געטאָן אינדערהייך, מחמת איך האָב דערהערט מיינס אַ גוט באַקאַנט קול. עס האָט זיך געלאָזט הערן פון דעם צווייטן ברעג ביוורעאָן. ניט אָפּגעבנדיק זיך קיין חשבון, בין איך געקומען אַהיים און געבליבן שטיין קעגן מיין הויז. מיין טייער, זיס ווייבל איז געשטאַנען פאַרן אָפענעם פענסטער און מיר געדראָט מיט די פויסטן. איך האָב זיך געמאַכט ניט זען און געקוקט אויפן שטראָם פון טייך. אָבער דווקא אין דעם שטראָם האָב איך זי גלענצנד געזען. איך האָב געזען ווי זי וואָרפט זיך, פאָכט מיט די הענט און בויגט אַראָפּ דעם קאָפּ, ווי צום שטויסן מיט די הערנער. איך האָב געשוויגן, מיין בויך אָבער האָט געקייכט פון געלעכטער, איך האָב געפילט, ווי מיין בויך טרייסלט זיך און דרייט זיך. איך האָב אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער, און וואָס מער איך האָב געלאַכט, אַלץ מער האָט זי געמאַכט קולות, און וואָס מער זי האָט זיך געוואָרפן, אַלץ העכער האָב איך געלאַכט.

לסוף האָט זי מיטן גאַנצן באָסט אַ האַק צו געטאָן דאָס פענ־

סטער, די טיר און ווי אַ משוגענע ארוים אויף דער גאַס מיך צו כאַפּן. זי האָט אָבער געמוזט אריבער אויפן צווייטן בּרעג. מיר האָבּן זיך געפונען צווישן צוויי, גאַנץ ווייטע איינע פון דער אַנ־דערער ברעגן, וואָס האָבּן זיך געפונען פון רעכטס און פון לינקס. מיין מכשפה איז אַ שפּרונג געטאָן צום בּרעג פון רעכטס, איך ווי־דער, זעענדיק, אז זי לאָזט זיך אין דער זייט אריין, בּין אוועק לינקס און מאַכנדיק פּיס, בּין איך אַהיימגעקומען דורך דער גרויסער בּריק, וואָס אויף איר עק איז פון אָקוש בּאַגינען אָן געזעסן גאָרען איינער אַליין, אַ פאַרלאָזענער פון זיינע חברים.

איך בּין אריין אין שטוב. ס'איז געוועזן שוין נאַכט. ווי שנעל עס לויפט פאַרביי דער טאָג? איך בּאַקלאָג זיך קיינמאָל ניט אויף פאַרלאָרענע צייט, ווי דער גאָרניט, דער רוימישער טיטוס, וועל־כער האָט געהאַלטן אין איין קרעכצן. איך פאַרליר קיין מאָל גאָר־ניט, איך בּין פון יעדן טאָג צופרידן. נאָר אָנשטאָט איין טאָג, דאַרף איך נייטיק האָבּן צוויי. איך פיל ווי עמעץ גנבעט בּיי מיר די צייט. ווען איך הייב נאָר אָן טרינקען... אהא... דאָס גלאָז איז שוין ליידיק! ס'האָט שוין עמעץ אויסגעמאָלקן! איך קען אַזעלכע, וואָס טרינקען זייער וויין אָן אַ סוף... אפשר בּאַקומען זיי גרעסערע גלעזער? דאָס וואָלט געוועזן, צו אַלדע שוואַרצע יאָר, אַ אומרעכט, וואָס מען מוז זיך דערפאַר נוקם זיין! העי... דו, גרויכער בּעל־אכסניה פון „אונ־טער דער זון", זיי אַזוי גוט און בּאַוועל מיך ניט בּנוגע דער מאָס!

אָבער ניין... ניין... געלויבּט בּיסטו גאָט, וואָס מאַכסט מיר נאָך יעדן מיטאָג הונגעריק און וואָס איך האָבּ אַזוי ליב יענעם טאָג (די נאַכט איז אויך גוט), אז ער איז מיר אַלץ ווייניק!

אָ, ווי שנעל דו גייסט פאַרביי, טייערער חודש אַפּריל! דו בּיסט אַזא גוטער, מיט דעם פרילינג דיין מוטער, אַזא פיינער, אַ קליינער, מיט אויגן ריינע, ווי פּיילכן שיינע... איך קוש דיך, קוש דיך הארציק... קום שלאָפן, שוין צייט... מיר וועלן שלאָפן צוזאַ־מען... גוט? אָ... צו אַלדע רוחות... אמת,,, כ'האָבּ פאַרגעסן, אַז עמעץ אַנדערש וועט דאָ קומען... אהאַ!... זי פליט שוין... איך הער זי שוין, איך הער... די אַלטע קומט!

V

# די וויזלטיר.

מיט דריי חדשים צוריק האָב איך באַקומען אַ באַשטעלונג אויף אַ קופּערט און אַ גרויסן בופעט פון איינעם פון די נאָענטסטע פּאַ־לאַצן. איך האָב געהאַלטן פאַר נייטיק צו זען מיט די אייגענע אויגן דאָס הויז, די שטוב און אויסקלייבן דאָס אָרט. אַ שיין שטיק מעבל — איז ווי אַ צייטיקע פּרי, וואָס זעט זיך ארוים צווישן אַ שורה ביימער. עס וואָלט ניט געקענט זיין אַן דעם בוים, און זיין וועט עס אזוי, ווי עס איז דער בוים.

איך פאַרשטיי לחלוטין ניט, ווי קען עס אַ זאַך זיין שיין אויף יעדער אָרט, זי זאָל זיך צופּאַסן צו יעדער סביבה! זי זעט מיר אוים ווי אַ מיידל, וואָס טוליעט זיך צו יעדן איינעם, וואָס באַ־צאָלט איר צומבעסטן. דאָס איז וועגוס פון די שיידוועגן. קונסט איז לויט מיין מיינונג, אַ מיטגליד פון משפחה, אַ גוטער גייסט פון דער היים, אַ פריינד און חבר, וואָס זאָגט קלאָר ארוים דאָס, וואָס מיר פילן בלויז אומקלאָר. היות דאָס איז — אַ מתנה — פון הויז, מוזטו דעריבער זיך באַקענען מיטן הויז.

איך האָב זיך דעמאָלט געלאָזט באַקענען מיט דעם אָרט, וואו איך האָב געזאָלט אוועקשטעלן דאָס שטיק מעבל און האָב דאָרט פאַרבראַכט אַ גרויסן טייל פון טאָג, ניט פאַרגעסנדיק, פאַרשטייט זיך, אַן עסן און טרינקען אויך. די נשמה דאַרף ניט פאַרנאַכ־לעסיקן דעם גוף, ווי אַ בעל־עגלה זיין פערד.

כ'האָב אָנגעזעטיקט מיין לייב און מיין זעל און בין צו־ריק אוועק מיט דעמזעלבן וועג, וואָס איך בין געקומען און פריי־לעך זיך געלאָזט צו מיין הויז צו. אינגיכן האָב איך זיך געפונען אויף אַ שיידוועג און הגם כ'האָב גוט געוואוסט, וואו ארום צו גיין,

האָב איך פונדעסטוועגן מיט גרויס נייגיר געוואָרפן אַן אויג אויך אין דער צווייטער זייט. ער האָט זיך געדרייט דורך לאַנקעס צווישן קוסטעס, וואָס זיינען געווען באַדעקט מיט בּלומען.

— ווי גוט עס וואָלט געווען זיך דאָרט אַרום אַביסל צו שלעפּן. כ'האָב פיינט תכלית שנאה דעם שליאַך, וואָס פירט גלייך צום ציל. דער טאָג איז נאָך גרויס, דאָס וועטער איז שיין, מען דאַרף דאָך ניט גיין שנעלער, ווי דער געטלעכער אַפּאָלאָ. איך וועל שוין ווי עס איז אַהיימקומען. מיין אַלטע וועט דערביי גאָרניט פאַרלירן, פאַרקערט זי וועט האָבן מער סיבה צו קוואָקען. ווי שיין עס איז דער ראָצער, דער פלוימענבוים, ווי גאַווהדיק ער פאַרדרייסט עס דעם קאָפּ. איך מוז זיך אין אים איינקוקן, בּסך-הכל עטלעכע טריט. דער ווינט טראָגט אַוועק די בּלעטלעך פון זיינע בּלומען, ווי שניי, די פייגעלעך טשוויטשערן... אַן אמתער גן-ערן! היינט-זשע דאָס טייכל... עס שטראָמט, בּרומט צו, צווישן די גראָזן. ווי אַ קעצל, וואָס יאָגט זיך נאָך אַ קנויל איבּערן דיוואַן. איך מוז אַ קוק טאָן... אָהאָ... אַ גרופּע ביימער פאַרשטעלט עס... כ'האָב עס גע- פּאַקט, עס וועט זיך שוין ניט אַרויסדרייען. אָאָ... עס פליסט ווי- טער! וואו אַרום האָט זיך עס דורכגעגליטשט? דאָ אַרום, דאָ אַרום, איז עס דורכגעלאָפן אונטערן פוס פון אַן אַלטן קליאָן, אַ הויקער- דיקן, סוקיקן און געשוואָלענעם. אַ שטיפער אַזאַ!

וואוהין אָבער קען עס פירן דאָס שטעגל? איך האָב זיך אַזוי פאַרשפּילט, גייענדיק נאָך מיין שאָטן דעם פּלוישער, אַז כ'האָב צביעותדיק געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז איך ווייס ניט, וואו איך גיי. לייג ניט, קאָליאַ! לייג ניט, דו אַלטער כלב, מאַך ניט דעם אָנשטעל פון עפּעס אַן אולים. דו האָסט געוואוסט, וואוהין עס ציט דיך בשעת ביסט אַרויס פון פּאַלאַץ. אַ שעה צייט גאַנג טיילט דיך פון דיין אַמאָליקער געליבּטערס דאָניצעלאָס הויז. לאָמיר איר מאַכן אַ סורפּריז. ווער פון אייך ביידע וועט אָבער מער זיין פאַר- הידושט. כ'האָב זי שוין אַזוי פיל יאָרן ניט געזען... וואָס איז געוואָרן מיט איר פּרעכטיק, רשעותדיק מיילעכל, מיט מיין ווייזלטירלס מיילעכל.

איך קען שוין, דאַכט זיך, היינט שטיין פאַר איר אומבּאַ-

שטראָפּט, זי וועט שוין, דאַכט זיך, היינט מיין אַלט האַרץ ניט צעבייסן מיט אירע שאַרפע ציינדלעך? אָ, דאָס האַרץ... ס'איז אויסגעטריקנט געוואָרן, ווי אַ פּאַרעשוווע פון אַן אַלטן שטיוול. האָט זי נאָך דיזעלבע ציינדלעך? אוי, מיין ווייזלטירל, האָסטו עס גע־קענט אַ ביסל לאָכן און בייסן אין איין און דערזעלבער צייט! האָסט זיך געגנוג אָנגעשפּילט מיט דעם אָרעמען ברעניאָן נעבעך. גענוג אים אַ קאָפּ פאַרדרייט! ביסט אַגב געררעכט געווען, איך בין געווען אַ שוטה שבשוטים!

איך געדענק, ווי איך האָב זיך אין איר איינגעקוקט, אָנגע־שפּאַרט מיט די איילנבויגנס אָן דעם גאָרטן-מויער פון הער מע־דאַרד לאַקאָ, וועלכער האָט מיך געלערנט שניצעריי. אויף דער צווייטער זייט הויף, וואָס האָט אונז געדינט פאַר אַן אָטעליע, איז געווען אַ לאָרבער-גאָרטן. דאָניצעלאַ האָט זיך געדרייט צווישן בייט־לעך שאַלאָטן, פּאַזיאָמקעס, ראש-חודש-רעטעכלעך, גרינע אוגער־קעס און גאָלדענע אַבריקאָסן. זי איז תמיד געווען באָרוועס און געהאַט אָן אַנטבלויזטן האַלז און אָרעמס. פון קאָפּ איז איר אַראָפּ־געפאַלן אַ כוואַליע קופּערנע האָר. זי איז געווען אָנגעטאָן בלויז אין אַ העמד, וואָס איז געווען האַלב אָפן אויף די פולע ברוסטן און אין אַ קורץ קליידל ביז איבער די קני, אַ שיינע, שטאַלטע, רייצנ־דיקע, זיך געווויגט רעכטס און לינקס מיט אַ גרויסער כלי און גע־גאָסן מיט די שטאַרקע, אָפּגעברענטע הענט אַ געדיכטן רעגן אויף די קעפּלעך פון די געוויקסן, און די בלומען האָבן געעפנט די שנעבעלעך און גיריק געטרונקען. איך האָב אויך געעפנט דעם שנאָבל, וואָס איז געווען שוין ניט קיין קליינער און בין גע־שטאַנען אַ פאַרכישופטער מיט אַן אָפן מויל, איך זאָל בעסער זען.

זי האָט זיך געדרייט אַהין און צוריק, כסדר אויסגעגאָסן דאָס וואַסער פון דער כלי און ווייטער אָנגעפילט ביי דעם ברונעם. זי האָט מיט איר שטאַרקער האַנט אויפגעהויבן די משא, ווי אַ פעדערל און איז שטאַלט געגאַנגען דורך די שמאָלע שטעגלעך, איבערשפּרינ־גענדיק פלינק מיט די פראַכטפולע לאַנגע פיס דורך די ריטשקעלעך וואַסער. די קני אירע זיינען געווען קיילעכדיקע און פעסטע, כמעט יינגלערישע. איך האָב זי געשלונגען מיט די אויגן, זי אָבער האָט

געמאַכט דעם אָנשטעל אַז זי זעט מיך ניט. צייטנווייז בלויז, בשעת זי פלעגט דאַרפן באַשפריצן אַ בייטל אונטערן מויער, האָט זי זיך דערנענטערט און פלוצלונג אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט די אומ־געהייער גרויסע אויגן, און איך פלעג דעמאָלט אינגאַנצן אַ ציטער טאָן. מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז מען האָט פאַרוואָרפן אויף מיר אַ נעץ. ס'איז אמת דאָס ווערטל: „אַ פרויס אַ בליק — איז ווי שפינוועבס־געשטריקן!" איך האָב געפילט, אַז איך בין אַ געפאַנגע־נער און איך צאַפל זיך בחינם ווי אַ פליג, זי ווידער האָט זיך דערווייטערט אַ גלייכגילטיקע און קאַלטע. זי האָט זיך צוגעזעצט און געשייילט קרויט... בלויז פון צייט צו צייט פלעגט זי וואַרפן אַ בליק פון אונטערן אויג אַפער, כדי זיך צו איבערצייגן צי דער פאַנג האָט ניט אַמאָל איבערגעריסן די נעץ.

איך האָב געזען איר חוזק־שמייכל. בחינם האָב איך צו זיך געזאָגט: גיי, שוטה, אהיים... זי מאַכט פון דיר חוזק! פלוצלונג פלעגט זי זיך אַ ריס טאָן, אַריבערשפּרינגען עטלעכע בייטלעך, אָפּרייסן אַ בלימל... אַ צווייטס... און וויגנדיק זיך אויף די היפטן, אויסגעשריען כלומרשט צו זיך:

— אָהאָ! דער, זע איך, ליבט זיך אויך אין מיר!

זי האָט אַריינגעשטעקט אַ בינטל בלומען אין דעם אָפענעם העמד אויף די ברוסטן, צווישן די קיילעכדיקע אייטערלעך. עס פעלט מיר ניט אַ געוויסער מין חוצפה, און איך האָב אויסגעשריען:

— זעצט מיך, זייט מוחל, אויך דאָרט אַריין!

זי האָט אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער, אָנגעלענט די דלאָנ־יעס אויף די היפטן און וויגנדיק זיך תיכף פאַר מיר, אויף די בּרייט צעשטעלטע פיס, האָט זי געענטפערט:

— האָסט חשק? אָ, ניין, ניט פאַר דיינע ציין ווערן אָט־אָ־די עפל צייטיק!

אַזוי אַרום האָב איך זיך אין איין אווגוסט־אָוונט באַקענט מיט דער שיינהייט, מיט דער ווייזלטיר, מיט דער הערלעכער גערט־נערין. מען האָט זי אומעטום גערופן ווייזלטיר, מחמת דאָס נפשל מיט דעם שפּיציקן נעזל איז געווען אַ שטאַלטס, בּויגעוודיקס, האָט געהאַט אַ קליין קעפּל, אַ כיטרע, פּיקאַרדיש נעזל, אָנגעבלאָזענע

ליפּלעך באַחנט, געשניטענע און שאַרפע ציינהלעך, וואָס זײַענע גוט געווען צו בייסן הערצער און ניסלעך.

פון דעמאָלט אָן פלעג איך אַ גוטן האַלבן טאָג אָנשטאָט אַר-בעטן, פאַרברענגען ביים מויער און ערשט דעם מייסטער מעדאַרדס פוס אויף מיין הינטער-חלק און זיין פויסט האָבן מיך דערמאָנט, אַז מען דאַרף אַראָפּגיין צוריק אין דעם עמק הבכא. צייטנווייז פלעגט די ווייזלטיר, וועלכער עס פלעגט שוין דערעסן מיין קוקן, אויסשרייען מיט כעס:

— האָסט זיך שוין גענוג אָנגעקוקט פון פאָרנט און פון הינטן! וואָס נאָך ווילסטו זען? דו קענסט דאָך מיך שוין אויסגעבונדן, וואָס קוקסטו נאָך?

איך האָב געענטפערט, זשמורענדיק כיטרע די אויגן:

— ליידער, קען מען מיט די אויגן ניט וויסן דעם טעם, ניט פון קיין שמעקעדיקן מעלאָן, ניט פון קיין לייטישע פרוי!

איך וואָלט מיט פאַרגעניגן אָפּגעשניטן אַ שטיקל פון דער פרי, און אפשר וואָלט די פרי אויך גאָר ניט געהאַט קעגן דעם. איך בין געווען יונג, האָב געהאַט היים בלוט, איך האָב זיך געליבט אין אַלע מיידלעך... האָב איך זי באמת ליב געהאַט... בלויז זי? ס'איז פאַראַן אָן עלטער, ווען מען קען זיך פאַרליבן אפילו אין אַ בע-זים, וואָס טראָגט אַ קליידל.

מיר האָבן זיך גלענצנד איינס דאָס אַנדערע פאַרשטאַנען. מיר האָבן גאַנצע שעהן פאַרבראַכט אין רייצן זיך. מיר האָבן ביידע געהאַט שאַרפע ציינדלעך. זי האָט מיר געשיט אויפן קאָפּ זידל-ווערטער, איך האָב איר צוריקגעגעבן מיט פראָצענט. איינס און דאָס אַנדערע האָט געצופּט אוים די צונג און געקריצט מיט די ציין. צייטנווייז פלעגן מיר לאַכן ביז צום פּלאַצן. כדי ס'זאָל זיין באַקוועמער צו לאַכן, בעת איך פלעג איר שוין געבן אַ גוטן אָפּ-שניט, האָט זי זיך צוגעזעצט אויף די בייטלעך, ווי אַ הון אויף אייער. אין אָוונט פלעגט זי צוגיין צום מויער גופא און מיר האָב זיך גוט-ברודעריש דורכגעשמועסט.

איך האָב געגווי זיך באַקענט מיט די פּאָרמען פון איר האַלז, אָרעמס. טאַליע, ברוסטן, מויל און כ'האָב אַ סך אַ סך מאָל נאָך

פּאַראַייביקט אין די מעבל-שניצערייען. זונטאָג פלעגן מיר זיך טרעפן אויפן שפּאַציר אָדער אין פאַרוויילונגס-זאַל פון וואוילן באָזשי מיר האָבּן געטאַנצט... איך האָבּ געטאַנצט מיט אַ געוויסער גראַציע, מחמת די ליבּע גיט צו פליגל, די ליבּע, זאָגט מען, לערנט אפילו אַן אייזל אוים טאַנצן אַ קאַדריל. אויף קיין רגע האָט צווישן אונז ניט אויפגעהערט זיך דער קאַמף. אָ, ווי אָנפאַלעריש זי איז געווען. זי האָט זיך געטשעפּעט אין מיין קרומער נאָז, אָדער אין מיין בּרייטער קינבּאַק, וואו מען וואָלט, לויט איר מיינונג, ווי אין אַ קידער געקענט אָפּבּאַקן אַ פּאַשטעט, צו מיין שוסטערישער גאָמבּע, מיט איין וואָרט זי האָט געמאַכט חוכא וטלולא פון מיין גאַנצער פיגור, וואָס איז לויטן פּראָבּסטס מיינונג, בּאַשאַפן געוואָרן בצלם אלהים. זי האָט מיר קיין רגע ניט געלאָזן צורו, און איך, פאַרשטייט זיך, בּין איר אויך קיין בּעל-חוב ניט געבּליבּן.

דער קאַמף האָט זיך פאַרצויגן און וואָס אַמאָל מער בּיידע צעוואַרעמט. געדענקסטו, אַלטער קאָליאַ, דאָס קלייבּן וויינטרויבּן בּיים מייסטער מעדאַרד לאַקאָ? מען האָט פאַרבּעטן אויך די וויזלטיר. מיר האָבּן איינס לעבּן דאָס אַנדערע געאַרבּעט, זיך אָנגערירט מיט די קעפּ, און מיין האַנט פלעגט אַמאָל, זוכנדיק אַ הענגל וויינטרויבּן, על-פּי טעות אָנכאַפּן איר הינטער-חלק, אָדער אַ ליטקע. זי פלעגט דעמאָלט אויפהייבּן איר רויט-געוואָרן, אָנגעבּלאָזן פּנימל און דערלאַנגען אַ געזונטן קלאַפּ איבּערן פּרצוף, אָדער אָפּשפּריצן מיר די נאָז מיט זאַפט. פאַר דאָס פלעג איך אויסזוכן די גרעסטע און שוואַרצסטע טרויבּ און זי צעקוועטשן אויף איר גאָלד-קאָלירענעם, פון דער זון אָפּגעבּרענטן נאַקן. זי פלעגט זיך ווערן ווי דער טייוועל אליין. איך האָבּ זי עטלעכע מאָל צוגעדריקט אין די אָרעמס, אָבּער תמיד אומזיסט. מיר האָבּן זיך בּיידע נאָכגעשפּירט... זי פלעגט צעבּלאָזן אַ פייער און זיך צוקוקן מיט אַ ממזרישער מינע, ווי איך בּרען... און דערבּיי ווייזן מיר אַ פייג.

— איך וועל דיינע ניט זיין, קאָליאַ!

איך פלעג זשמורען די אויגן, ווי אַ בּאַשיידן קעצל, וואָס וואַרעמט זיך אויפן מויער, וועלכע שפּירט נאָך דורך דער שפּאַרע פון די האַלבּ-אָפענע אויגן אַ לויפנדיק מייזל, און געענטפערט:

— מיר וועלן זען... מיר וועלן זען...

איינמאל, נאך מיטאג (מאי-צייט) האט סוף חודש זיך געמאכט פארנע. פונם בלאס-געווארענעם הימל איז ווי פון א הייסן אייוון דערגאנגען צו דער ערד אן אומגעהייערע היץ. ס'האט פון עטלעכע טאג אן זיך געקליבן אויף א שטורעם, דער רעגן האט אבער ניט געוואלט אראפפאלן. מענטשן האבן געשוויצט, די היבלעם זיינען באגאסן געווען מיט וואסער, און דאס העמד האט זיך געקלעפט צום לייב. די ווייזלטיר האט מיט א ווײלע צוריק געזונגען, איצט איז זי אנטשוויגן געווארן. איך בין אוועק זי זוכן... אין גארטן איז קיין לעבעדיק נפש ניט געווען. פלוצלונג האב איך זי דערזען אין שאטן פון א הייזל. זי איז געזעסן האלב ליגנדיק, דעם קאפ פארריסן אויף צוריק. זי איז געשלאפן. איין האנט איז אראפגעהאנגען פון דער כלי צו באגיסן. עס האט זי משמעות פלוצלונג באהערשט דער שלאף.

זי איז געווען שוצלאז, איר גאנצער קערפער איז געווען נאכלעסיק פארלאזט, האלב-נאקעט, און זיך אומבאוואוסטזיניק פארגליווערט אפגעגעבן, ווי דער קערפער פון דאנאע. איך האב דערפילט אין זיך יופיטערס קראפט. איך בין אריבערגעקראכן דעם מויער און טרעטנדיק אויף קרויט און שאלאטן, זי ארומגענומען מיט מיינע ארעמס. איך האב געקושט איר מויל. א הייסע, א נאקעטע, א בארעקטע מיט שוויים, א האלב-שלאפנדיקע, — האט זי זיך מיר אונטערגעגעבן, א פארשיכורטע פון תאווה. ניט עפענענדיק די אויגן, האט זי מיט אירע ליפן געזוכט מיינע, אפגעבנדיק מיר קושן.

אין מיר האט געברויזט א שטורעם. איך בין געווען שיכור, ס'האט מיך א משוגעת באהערשט, איך האב מיט זיך צוגערעקט דאס טייערע לייב... איך האב געדאנקט דעם מזל, וואס דאס געבראטענע טייבעלע פליט מיר גלייך אין מויל אריין... און פלוצלונג... פלוצלונג... (סאר א טיפש איך בין!)... האב איך דערפילט, אז עס פעלט מיר אוים דרייסטקייט. עפעס ספקות נארישע האבן מיך באהערשט... איך האב זי אזוי ליב געהאט, אז כ'האב ניט געקענט פארליידן דעם געדאנק, אז בלויז די אנמאכט פון שלאף גיט

זי מיר, אַז איך האָלט בּלויז אין די אָרעמס דער שיינער גערטנערינס לייב, ניט די נשמה אירע און איך בּין בּכוח זי צו בּאַזיצן בּלויז דורך פאַרראַט.

איך האָב זיך אַרויסגעריסן, צעשפּרייט די אָרעמס, אַ קוש געטאָן איר מויל... וויפל כוחות האָט מיך געקאָסט דאָס גובר צו זיין! כ'האָב אָבער גובר געווען, דאָס הייסט... כ'בּין אַנטלאָפן. ס'איז שוין אַ יאָר פינף און דרייסיק, און איך ווער נאָך בּיז איצט רויט, ווען איך דערמאָן זיך אָן דער מעשה, אַ, די יוגנט... טיפשות... אומענדלעכע טיפשות..

פון דעם טאָג אָן האָט זי בּאַהערשט דער טייוול. זי איז גע־וואָרן בּנוגע צו מיר ממש אוממעגלעך, געמאַכט אויסטערלישע שטיק, געווען קאַפּריזנע, זיך געביטן אַלע ווײַלע, ווי די כמאַרעס אויפן הימל. אמאָל פלעגט זי מיך פאַראַכטן בּיז יסורים, אַ צווייט מאָל ווידער געמאַכט דעם אָנשטעל, אז זי בּאַמערקט מיך לגמרי ניט, אַן אַנדערש מאָל ווידער פלעגט זי מיר נאָכקוקן מיט אַ פאַרליבּטן, תאווהדיקן בּליק, שיקן מיר צויבּערנדיקע שמייכלען, אָדער וואַרפן אין מיר פון הינטער אַ בּוים אַפּער גאָרשטשן ערד, אָדער גאָר מיר דערלאַנגען מיט אַ קער פון פלוימען אין נאָז. לסוף פלעגט זי בּשעתן שפּאַציר קייכן פון געלעכטער, פלאַפּלען, זיך וואַרפן מיט דעם און יענעם.

דאָס ערגסטע איז געווען דאָס, וואָס כדי מיך מער צו פּלאָגן, האָט זי גענומען אין דער נעץ אַריין נאָך איין שפּערל, און דאָס איז געווען מיין האַרציקער פריינד, גירים פינאָן. מיר זיינען גע־ווען צווישן זיך, ווי צוויי פינגער פון איין האַנט. ווי אָרעסט און פּילאָד פלעגן מיר זיך קיינמאָל ניט שיידן און בּיי יעדן געשלעג, פייערונג, פאַרווילונג, געראַנגל, פּרוון זיך אויף די פויסטן. צי ווערטער, האָבּן מיר תמיד גענומען צוזאַמען אָנטייל. גירים איז גע־ווען אַ נידעריקער, סוקיקער, ווי אַ דאָמב, געהאַט אָרעמס פון אַן אָקס און געהאַט אַ פשוטן, בּאַגרענעצטן, אָבער ערלעך שכל. ער וואָלט גרייט געווען צו ממיתן יעדן איינעם, ווער עס וואָלט אים גע־שטערט. אים האָט עס די ווילזלטיר אויסגעקליבּן פאַר איר בּלי־זיין

זי האָט אסך זיך ניט באַראַרפט מיען. ס'איז גענוג געווען פיר מאָל צו וואַרפן אויף אים אַן אייגל און מאַכן אַ טויז פשוטע זשעסטן, דהיינו: אַן אומשולדיקע מינע, אַ תאווהדיקע, אַ פּרעכע, דערנאָך זיך צעלאַכן, טאָן אַ מורמל, מאַכן אַ זיס שנעבעלע, אַראָפּלאָזן די אויגן, אַ זשמורע טאָן, אַנטפּלעקן די ציינדלעך, פאַרבייסן די ליפּ-לעך, זיך באַלעקן מיט דעם שפּיציקן צינגל, אַ דריי טאָן מיטן העלזל, זיך אַ וויג טאָן אויף די היפטן, אויפהייבן אַ ביסל דאָס קליידל, ווי אַ שטעלצל... און שוין נאָך אַלעמען! איז דען דאָ אַ מאַנסביל, וואָס זאָל בכוח זיין בייצושטיין דעם נסיון פון שטנס טאָכטער?

פינאָן האָט פאַרלאָרן ס'רעשט ביסל שכל, וואָס ער האָט נאָך פאַרמאָגט און מיר זיינען פון איצט אָן שוין ביידע געשטאַנען ביים מויער און אויסגעגלאָצט די אויגן אויפן ווידלטיר. איידער ס'איז דערגאַנגען ביז ווערטער, האָבן מיר זיך אויסגעטוישט מיט בייזע בליקן. די ווידלטיר, וועלנדיק אויפבלאָזן דאָס פייער, האָט אים זייער אָפּט געפלעגט אָפּגיסן מיט אייז-קאַלט וואַסער פון קענדל. זעענדיק דאָס, האָב איך געלאַכט, פינאָן איז אָבער געווען אַן אייזל, האָט ער דערמאָלט זיך געוואָרפן, געוואָיעט פון כעס, געשאָלטן, גע-דראָט און געמאַכט קולות. ער האָט קיין שום שפּאַס, אחוץ זיין אייגענעם, נישט משיג געווען, (ליידער איז קיינער, אחוץ אים אליין, אויף זיינע שפּאַסן קיין מבין ניט געווען. דאָס האָט אים אָבער לגמרי ניט געשאַדט און ער האָט פון אַלעמען געלאַכט).

און דאַניצעלאַ האָט זיך געקוויקט מיט דעם שוטהס זידלערייען, ווי אַ פּליג מיט מילך, און פלעגט אויף אים וואַרפן בליקן. וואָס זיינען געווען פול מיט הבטחות און רייצנדיקע שמייכלען. בשעת אָבער דער דאָזיקער פשוטער בשר ודם האָט געוואָלט דערפון מאַכן עפּעס אַ פּועל-יוצא און פונאַנדערוויקלען די פענער און האָט זיך געלאָזט מאַכן אַן אַנגריף, האָט די ווידלטיר געלאַכט אים פאַר דער נאָז און געוויזן דעם וועג. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב אויך געלאַכט, פינאָן ווידער האָט אַ דערפּירטער ביז יאוש צו מיר אויסגעלאָזט זיין גאַנצן בעס. ער איי געווען זיכער, אַז איך וועל אים דאָס מיידל פון וועג אָפּרוימען, האָט ער מיך איינמאָל גאַנץ

אָפיציעל געבעטן, כ'זאָל אים אָפּטרעטן דאָס אָרט. איך האָב מיט אַ זיס קול אים געענטפערט:

— בּרודערקע, איך האָב גראָד בּדעה געהאַט צו דיר זיך צו ווענדן מיט דער זעלבּער בּקשה.

— אויב אַזוי, בּרודערקע מיינער, — האָט פינאָן געענט־פערט — מוז איינער פון אונז אומקומען!

— דאָס איז אמת, טייערער פינאָן, — האָב איך אַ זאָג געטאָן — ס'איז מיר אָבער זייער אומאַנגענעם!

— איך האָב אויך דאָס אייגענע געטראַכט, טייערער בּרענ־יאָן! דעריבּער בּעט איך דיך, גיי זיך געזונטערהייט! ס'איז גע־נוג איין האָן אין דער הינערשטייג!

— גערעכט! דעריבּער גיי זיך טאַקע דו געזונטערהייט, מחמת די קליינע איז מיין!

— דיין? דו ליגסט, מאַלפּע איינע! זי איז מיין... איך האָב זי און וועל זי קיינעם ניט אָפּטרעטן!

— מיין טייערער! — האָב איך געענטפערט. — ס'איז צוודאי פאַר דיר קיין סוד ניט, אַז דאָס בּיסטו אַ רויטער אָקס, אַ ניזוערנעזשער. דו דאַרפסט קייען היי, דאָס מערביקע טייג אָבער איז אַקוראַט אָנגעמאָסטן פאַר מיינע בּורגונדישע ציין. האָסט דאָ ניט וואָס צו טאָן, גיי זיך פאַשען אויף דער לאָנקע

אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, בּיז ס'איז געקומען צו אַ געשלעג אויף די פויסטן. מיר האָבן אָבער בּיידע געהאַט גרויס חרטה, מחמת מיר האָבן זיך באמת ליב געהאַט.

— הער בּרעניאָן! — האָט ער געבּעטן — טרעט אָפּ, זי וויל בּעסער מיך!

— ניין... זי וויל מיך! — האָב איך ערקלערט.

— לאָמיר זי אַליין פרעגן. דעם, וואָס זי וועט ניט וועלן, וועט זיך ניין געזונטערהייט!

— מסכּים! זאָל זי אויסקלייבּן!

איז דען כּדאי צו פרעגן זיך אַ מיידעל וועגן איר אויס־וואַל, בּשעת דער גאַנצער חן שמעקט דווקא אין דעם פאַרציען איר מיינונג. זי האָט תּמיד צייט, זי וועגט, זי מעסט די מעלות און די

חסרונות דאָ פון דעם, דאָ פון יענעם, לסוף ווייזט זי ביידן דעם רוקן.... פארשטייט זיך, אַז די שאלה האָט צו גאָרנישט געטויגט. די ווייזלטיר האָט געענטפערט מיט אַ פריילעך געלעכטער.

מיר האָבן זיך אומגעקערט צום ווארשטאַט און אַראָפּגענומען די סורדוטן.

מילא... פאַרפאַלן, איינער פון אונז מוז אומקומען!

בשעת עס האָט שוין געהאַלטן מיר זאָלן זיך אָנכאַפּן פאַר די קעפּ, האָט פינאָן אַ זאָג געטאָן:

— גיב מיר אַ קוש!

מיר האָבן זיך אַ קוש געטאָן איןביידע באַקן.

— און איצט פאַר דער ארבעט!

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ טאַנץ ווי עס געהער צו זיין. ס'איז געווען אויף וואָס צו קוקן, ממש אויף בילעטן. פינאָן האָט זיך באַמיט מיר דעם שאַרבן צו שפּאַלטן האַרט איבער די אויגן, איך ווידער האָב זיך באַמיט אים צו עפענען דעם בויך מיט די קני. קיינער שלאָגט זיך ניט אַזוי האַרציק, ווי גוטע פריינד! אין אַ ווייַלע אַרום איז פון אונז ביידן געראָנען דאָס דם וואָס האָט זיך געגאָסן בשפע פון אַזעלכע נעז און כ'וויים באמת ניט, צי איינער פון אונז וואָלט ניט געווען די נשמה אָפּגעגעבן, ווען ניט די שכנים און דער מייסטער מעדאַרד לאָקאָ. זיי זיינען אַריינגעלאָפן און אונז צעריסן, וואָס עס איז אַגב ניט געווען פון די לייכטע זאַכן. מען האָט אונז, ווי די הינט, געמוזט מיט וואַסער אָפּשפּריצן, מחמת קיינער האָט ניט געוואָלט פון אונז אָפּלאָזן דעם אַנדערנס ביינער. אַחוץ דעם האָט לאָקאָ גענומען פון עפּעס אַ בעל־עגלה אַ בייטש און געשמיסן, וואו ס'האָט זיך נאָר געלאָזט, מחמת ער האָט געוואוסט, אַז כדי אַ בורגונדער זאָל באַקומען צוריק גלייכגעוויכט, מוז ער כאַפּן שמיץ.

דאָס האָט סוף כל סוף פּועל געווען. נאָכן געשלעג איז אונז ביידן געוואָרן עפּעס אַ ביסל קלערער אין די מוחות. מיר האָבן ביידע געקוקט אויף זיך פאַרשעמט, דעמאָלט איז צוגעגאַנגען צו אונז זשאַן זשיפּלאַר, אַ הויכער, אַ געלער מילנער מיט קיילעכדיקע באַקן און שפּיציקע אייגלעך און פאַר אונז געהאַלטן אַזאַ דרשה:

— נאַרישע הענער! וואָס וועט אייך דערפון אַרויסקומען, וואָס איר רייסט זיך אויס די קאַמען, די פּערדרן און דראַפּעט זיך אויס די אויגן? מיינט איר, אַז עמעצ פון אייך וועט באַקומען די קוואָקע. שוא ושקר! איר זעט דאָך אַליין, אַז זי מאַכט פון אייך חוזק און האָט בלויז הנאה פון אייער געשלעג. יעדע זי חלשט, אַז ס'זאָל זיך איר נאָכשלעפּן אַ מחנה יונגעלייט, וואָס זאָלן זי באַשמעקן פון אַלע זייטן. איר ווילט אַן עצה טובה? דרייט אייך ביידע אויס אויף די פּיאַטעס און גייט אייך געזונטערהייט! דאָס וועט איר גאָרנישט שמעקן... זעענדיק, אַז זי פאַרלירט אי איינעם, אי דעם אנדערן, וועט זי מוזן זיך אויף עפּעס אַנטשליסן. ובכן... היידאַ! גייט תיכף ומיד, קיין רגע פאַרלירט אפילו נישט! מען מוז עס מיט אַמאָל אָפּהאַקן! היידאַ מיט מיר! איך וויל אייך באמת העלפן און בשעת איר וועט ביידע אַרומוואַנדערן איבערן לאַנד, וועל איך פון אויג נישט אַראָפּלאָזן די דאַמע, איך וועל זיך דערוויסן, וועמען פון אייך זי באַוויינט און וועל תיכף מודיע זיין דעם זיגער. דער צווייטער וועט דעמאָלט טאָן, וואָס ער וויל... אַזוי וועט זיין צומבעסטן! און איצט לאָמיר גיין נעמען אַ ביסל משקה... ווען אַ מענטש מוז דערטרינקען זיין עגמת־נפש און זכרון, איז קיין זאַך נישט אַזוי גוט, ווי אַ ביסל ווייַן.

מיר האָבן מיט אַזאַ התמדה דערטרונקען אונזער אומגליק, אַז מיר האָבן לגמרי פאַרלוירן אונזערע קעפּ, און ווי אונטער צוואַנג, נאָך דעמזעלבן אָוונט איינגעפּאַקט אונזערע פּעקלעך און מיט די שטעקנס אין די הענט זיך געלאָזן אויף אַ גאַנצער נאַכט אין וועג אַריין. הגם עס איז געווען שטאָק־פינסטער, און מיר האָבן אין די הערצער מיטגעטראָגן גרויס דאַנקבאַרקייט פאַר דעם טייערן זשיפּלאַר. מיר האָבן אפילו נישט באַמערקט, ווי דעם מילנערס איינגלעך, וואָס האָבן געפינקלט אויף זיין קיילעכדיק פּנים, האָבּן באַהאַלטענע אונטער די געפּעלבטע וויעס, זיינען געווען מלא שמחה, וועלכע ער איז ממש נישט בכוח געווען צו פאַרבאַרגן.

אויף צומאָרגנס פרי האָט זיך אונזער שטימונג שטאַרק געביטן. מיר האָבן זיך נישט מודה געווען אין אונזער ירידה און געמאַכט אַ גוטע מינע. יעדער איינער פון אונז האָט אָבער געטראַכט, רעזאָנירט

און זיך וואס אמאל מער זיך געחרושט פון דער ממש געניאלער טאקטיק פון דעם בשותפותדיקן פריינט און בעל-יועץ. ער איז דאך אזוי ארום פון אונז ביידן פטור געווארן און אליין געבליבן אין הינערשטייג! אקעגן מיטאג-צייט זיינען מיר ביידע געווען נאענט צו יאוש. אין קוונט האבן מיר איינס דאס אנדערע זיך נאכגעקוקט פון אונטער דעם אויג, ריידנדיק דערביי נאכלעסיק און גלייכגילטיק וועגן וועטער און רעגן. יעדער איינער אבער האט געטראכט: — דו רעוסט גרויסארטיק, מיין פריינט. דאך וואלסטו מיט פארגעניגען געלאזט מיך אין ווידל און אליין זיך אומגעקערט אהיים. א, ניין, פ'איז פארפאלן! איך האב דיך צו שטארק ליב, איך זאל דיך לאזן אליין!... ניין... ניין... איך וועל דיר נאכגיין טריט ביי טריט...

נאך כלערליי שפיצלעך איינער דעם אנדערן אפצונארן (מיר זיינען פון זיך נישט אפגעטרעטן אפילו אויף א רגע), האבן מיר זיך סוף כל סוף געלייגט שלאפן, און יעדער איינער פון אונז האט געמאכט דעם אנשטעל, אז ער כראפעט. ס'האט אונז אבער געביסן דאס שטרוי, די ליבע און די פליי. פינאן איז דער ערשטער א שפרונג אויפגעטאן פון בעט און האט אויסגעשריען:

— אום גאטס ווילן, גענוג! איך וועל נישט אויסהאלטן! די באלערע וועט מיך כאפן! איך קער זיך אום א היים און פטור!

— גוט! — האב איך געענטפערט. — לאמיר זיך אומקערן.

צומארגנס זיינען מיר א גאנצן טאג שנעל צוריק אהיים. די זון האט געהאלטן ביים אונטערגיין, בעת מיר האבן זיך געפונען אונטערן שטאט. נישט וועלנדיק אבער ווערן קיין אביעקטן פון חוזק מצד פארבייגייער און באקאנטע, האבן מיר זיך באהאלטן אין דעם שכנותדיקן וועלדל, כדי איבערצוווארטן דארט די נאכט. אחוצדעם האבן מיר געוואלט פאקן די ווידלטיר ביים ווייבן, באקלאגן זיך, געוויסנסביסן וכדומה.

— דו האסט מיך פארלאזט, מיין טייערסטער! ביסט ניטא!

אזוי מסתמא באקלאגט זי זיך, די ווידלטיר. אבער ווער איז עס דער טייערסטער? יעדער פון אונז האט צו זיך געזאגט:

— דאס בין איך...

מיר האבן שטילערהייט זיך פארגנבעט און זיינען געקומען אונ-

טערן מויער פון גאָרטן. (א לייכטער אומרו האָט זיך אויפגעוועקט אין אונזערע הערצער). דאָס הויז איז געווען באַגאָסן מיט לבנה-שיין. ביי דער ווייזלטירס פענסטער איז אראָפּגעהאָנגען א צווייג פון א עפּל-בוים, און אויף איר... זאָל דאָס זיין אן עפּל? ניין... גרויסער גאָט.:: דאָס איז דאָך דעם מילנערס הוט!

זאָל איך נאָך דערציילן, וואָס שפּעטער איז געווען?

גיריס האָט ווי אַ ווילדער חזיר זיך אַ וואָרף געטאָן פאָראויס און מיט איין הירשענעם שפּרונג (ער האָט דאָך אפילו הערנער געהאַט) האָט ער זיך געפונען אויפן מויער, דערנאָך אויפן עפּל-בוים און איז אריין דורכן פענסטער אין שטוב, פון וואנען ס'האָבן אונגערן זיך געלאָזן הערן שרעקלעכע קולות, קרעכצן, יאָמערן פון אַ קעלבל, ווען מען שעכט עס, קללות...

— אויסוואורף! רוצח! כלב! שווינדלער! צו הילף! ראַטעוועט! האָרנבאָק! צבועק! תליה-יונג! איך וועל דיך ווי א הונט גלייך לייגן! פּאָליציי!... געוואלט...

א געוויש, א מהומה, עס פליען שויבן, עס קלינגען די צעב-בראָכענע טעפּ, א קלאַפּ פון קערפּערס, וואָס פאַלן אויף דער ערד, אַ געפּילדער און יללה פון אַ פרוי, אַ בילן פון אַ הינט...

ס'איז זיך לייכט משער צו זיין, אַז די אַלע קולות האָבן אויפ-געוועקט אַלעמען און די גאַנצע געגנט איז זיך צונויפגעלאָפן אונטער דער ווייזלטירס הויזס פענסטער. איך האָב אויפן המשך נישט געוואַרט, כ'האָב שוין געטראַכט. איך בין אוועק אין דער זייט, פון וואנען מיר זיינען נאָר וואָס געהאַט געקומען. איין אויג האָט געלאַכט, דאָס אנדערע האָט געוויינט, די נאָז איז געווען אראָפּגעלאָזט אויף אן ארשין, און די אויערן טויט.

— אָט האָט זיך דיר איינגעגעבן, קאָליאַ! — האָב איך איינס נאָך דאָס אנדערע געהזרט.

אין דער טיף אָבער פון דער נשמה בין איך געווען טרויעריק, כ'האָב אָבער געמאַכט פון זיך אַליין חוזק. איך האָב זיך דערמאָנט אָן דעם גאַנצן סקאַנדאַל, איך האָב נאָכגעשפּעט דאָ איינעם, דאָ דעם צווייטן, דאָ ווידער דעם מילנער און דעם מיידל, און דערביי שווער געטאָטעמט, ווי איך וואָלט געהאַלטן ביי גסיסה.

— ליידער! — האָב איך צו זיך געזאָגט. — ס'איז אַזוי אַמוזאַנט די גאַנצע מעשה, אַז מען קען פּגרן פון געלעכטער... ניין, ריכטיקער פון יסורים. און די ממזרת האָט מיך שיר נישט אַרונטער־גענומען אוטערן פּאַנטאָפל. פּיינע הערנער וואָלט איך עס געטראָגן? הגם ווער ווייס, אפשר וואָלט זיך געלוינט... סוף כל סוף וואָלט איך דאָך זי כאָטש געהאַט... אוי, דלילה... דלילה... טראַמטאַראַראַ!

איך האָב צוויי וואָכן צייט זיך געוואַקלט צווישן געלעכטער און געוויין... דערנאָך... מיינע ליבע, מיר בורגונדער זיינען מענטשן פון מעשים. מיר האָבן גאָרנישט קיין סך געמיינזאַמס מיט העלדן פון ראָמאַנען. קיינער האָט מיך נישט געפרעגט קיין דעה, צי איך וויל קומען אויף דער וועלט, צי ניין... און כ'בין אייך ערוב, אַז כ'וואָלט זיך פון דעם תענוג געוועז אָפּגעזאָגט, ווען כ'זאָל נאָר געווען קענען. איך לעב דאָך אָבער, מוז איך זיך רעכענען מיט דעם פאַקט, איך דאַרף די וועלט און די וועלט מיך. אַז מען איז אַ בורגונדער, האָט מען נישט קיין צייט צו טראַכטן וועגן טויט. נאָך אַ פינף זעקס חדשים, ווען כ'האָב שוין געהאַט אַדורכגעמאַכט אַ ריי הייזער, איז מיין שווערע משא פאַרבליבן ערגעץ אויפן צווייטן ברעג און איך האָב צו זיך אַזוי געזאָגט:

— מאָל זיך, אַז דו האָסט זי שוין געהאַט!

אָ, שיין, ליב ווייזלטיר! ניין... ניין... נישט קוקנדיק אויף אַלץ, קען איך זיך דאָס נישט מאָלן. געהאַט האָט זי זשופּלאַר... ער האָט זי, פּעסטעט זי און שפּילט זיך מיט איר... שוין העכער צוואַנציק יאָר... עטלעכע און צוואַנציק יאָר... רבונו של עולם... ער האָט שוין מסתמא אָנגעזעט זיין ערשטן דאָרשט? ווי מען האָט מיר געזאָגט, האָט ער זי נישט אַגב שוין פון דעם היסטאָרישן טאָג אָן, וואָס ער איז געצוואונגען געווען מיט איר חתונה צו האָבן. פאַר אַזאַ נאַשער פאַרלירט אַ נאַשעריי, וואָס ווערט איינמאָל פאַרזוכט, דעם גאַנצן טעם.

איבעריקנס, דער מילנער האָט לחלוטין נישט געהאַט קיין שום חתונה־כוונות און ווען נישט דער סקאַנדאַל מיט פינגערן, וואָלט זיין גראָבער פינגער קיינמאָל נישט געווען געטראָפן אין דער ווייזל־

טירס קליין קרושין-רייפל. ער איז אריינגעפאלן אין א לאָקער, וועלנדיק כאַפּן דאָס מיידעל, און האָט זיך דעם עק צוגעדריקט. אלע האָבן זיך דערמאָלט געכאַפּט: ער, זי און... איך! לאך, ברעניאן... ס'איז דאָ פון וואָס..

*

* *

גראָד, ווען איך האָב זיך צעלאכט, האָב איך דערזען אויף א מהלך פון פינף און צוואנציק טריט, אין דער טיף פון א שורהביימער (רבונו של עולם... איז עס מעגלעך, איך זאָל העכער צוויי שעה האלטן אין איין ברייען?) א הויז מיט א רויטן דאך, מיט גרינע פענסטער און ווייסע ווענט, וואָס זיינען געווען באדעקט באַשיידן מיט וויינטרויבנבלעטער. די טיר איז געווען אָפן, און איך האָב דערזען לעבן איר, אונטער א ברייטן נוסנבוים ביים ברונעם מיט א שטיינערנער שעפ, א באקאנטע פרוי, וואָס האָט געשעפּט וואסער, אָ, א גוט באקאנטע (הגם אזוי פיל יאָרן נישט געזעענע) פרוי. ביי דעם בילד האָבן זיך די פיס אונטער מיר ארונטערגעבויגן.

איך בין שיר ניט אנטלאָפן געוואָרן. זי האָט געקוקט רויק, נישט אויפהערנדיק צו שעפּן וואסער... פּלוצלונג... זי האָט מיך דערקענט! זי האָט קיין שום באוועגונג נישט געמאכט, קיין געשריי נישט געטאָן... איר שטאָלץ האָט עס איר נישט ערלויבט... די קאַן האָט זיך בלויז אויסגעגליטשט פון איר האנט און איז אריינגעפאלן אין ברונעם. בשעת איך בין צוגעגאַן נענטער, האָט זי א זאָג געטאָן:

— פון וואנען נעמסטו זיך?

איך האָב געענטפערט:

— איך זע, אז דו האָסט אויף מיר געווארט! — האָב איך געענטפערט מיט גאווה.

— דו רעדסט שטותים! איך האָב שוין פארגעסן אפילו, ווי דו זעסט אויס!

— בנאמנות, איך אויך! אָ, דאָס איז אויסגעצייכנט... איז דאָך אלץ אין בעסטן אָרדענונג...

— איז וואָס?

מיר זיינען געשטאנען איינער קעגן אנדערן. אירע הענט זיינען געווען נאס פון וואסער, זי איז געשטאנען און זיך געהאלטן פאר די זייטן, איך האב זיך אויך אונטערגעלענט און געמאכט א פרייען אנשטעל. מיר האבן געקוקט איינער אויפן אנדערן, און זיך נישט געזען. אונזערע אויגן האבן ערגעץ־וואו געבלאנזשעט... די קאן אינם ברונעם איז דערווייל געווארן פול מיט וואסער...

— גיי אריין אויף א ווײלע! — האט זי א זאג געטון.

— סיידן אויף א ווײלע... איך האב נישט קיין צייט!

— גוט... גוט... ווי קומסטו עס אהער?

— איך? גאר־נישט! — האב איך אויסגעשריען — איך האב סתם זיך דורכשפאצירט.

— ביסטו דאך רייך?

— אָ, יאָ... קיין געלט במזומנים האב איך אפילו נישט, אבער פאנטאזיע אָן א שיעור און אן ערך.

— האסט זיך גארנישט געביטן! תמיד דערזעלבער משוגענער!

— ווער עס רעדט קינדרוויז נישט צו דער זאך, בייט אויף דער עלטער זיך גאר נישט קיין סך!

מיר זיינען אריין אין הויף. זי האט פארמאכט די טיר. מיר זיינען געשטאנען לחלוטין אליין צווישן צעקוואקעטע הינער. אלע לייט פון דער פערמע זיינען געווען אין פעלד. נישט וויסנדיק, וואס זי האט צו טאן, איז זי צו צו דער טיר פון שייער און פארקלאפט זי (אפשר געעפנט, איך ווייס אליין נישט...) און א וואָרטשע געטאן אויפן אָרעמען מעדאָר נעבעך. איך ווידער, וועלנדיק צו זיך קומען האב איך אנגעהויבן ריידן וועגן איר הויז, וועגן די הינער, טויבן, האָן, הונט, קאץ, קאטשקעס, חזירל. איך וואלט געוועזן אויסגע־רעכנט נחס גאנצע תיבה ווען זי וואלט מיך נישט געוועזן איבערהאקן. פלוצלונג האט זי זיך אנגערופן:

— ברעניאן..

ס'האט מיר פארשפארט דער אָטעם.

— ברעניאן! — האט זי איבערגעחזרט.

זי האט מיר געקוקט אין די אויגן, דערנאך א זאג געטאן:

— גיב מיר א קוש!

איך האָב זיך לאַנג נישט געלאָזט בעטן! אז מען איז אלט, מוז מען זיך ערלויבן. דאָס מאכט אמאָל אפילו גוט... (עס מאכט אלעמאָל גוט...) איך האָב דערפילט אויף מיינע בארשטיקע, געוונצלטע באקן דאניצעלאָס אָפּגעוועלקטע בעקלעך און פּלוצלונג זיינען מיר די אויגן, וואָס האָבן זיך אָנגעפילט מיט טרערן, פול געוואָרן מיט שיין. איך האָב איצט ערשט דערפילט די טרערן, נאָר איך האָב, פארשטייט זיך, נישט צעוויינט זיך.

— דיין באָרד שטעכט! — האָט זי אַ זאָג געטאָן.

— אַ שאָד וואָס איך האָב אינדערפרי נישט געוואוסט, אז איך וועל דיך קושן — האָב איך געענטפערט — איך וואָלט זיך געוועןן אָפּגעגאָלט. מיט דרייסיק יאָר צוריק איז מיין באָרד געווען אַ ווייכערע, און דעמאָלט וואָלט זי זיך גערן געוועןן געריבן אין דיין קיילעכדיק, ראָז פּנימל!

— דו טראכסט נאָך אלץ וועגן דעם?

— ניין... איך טראכט קיינמאָל נישט!

מיר האָבן איינס אויף דאָס אנדערע אַ קוק געטאָן און זיך צעלאכט. קיינער פון אונז וואָלט פאר קיין פּרייז איצט נישט אראָפּגעלאָזט פון אנדערן די אויגן.

— חוצפּהניק! עקשן! האָלאָדריגע! וואָס אמת איז, מיין טייערער ברעניאַן, ביסט גאָרנישט שענער געוואָרן, האָסט טאָרבעלעך אונטער די אויגן, דיין קרומע נאָז האָט זיך דיר נאָך מער אויפגעבלאָזן, היות אָבער ביסט קיינמאָל נישט געוועןן קיין שיינהייט, איז עס נישט נאָר קיין גרויסער היזק. קיין איין האָר קריכט דיר פון קאָפּ נישט ארויס, דו אַלטער בעל-עבירהניק... בלויז ערטערוויי-זעען זיך אָן זילבערנע פעדים.

איך האָב געענטפערט:

— אַ נארישער קאָפּ קריגט נישט קיין פליך!

— וואָס פעלט אייך, מאַנסלייט? איר זאָרגט אייך קיינמאָל נישט, איר לעבט אַ טאָג און פאר דאָס ווערן מיר, פרויען, גיך אַלט, שוין פאר אייך אויך. גיב נאָר אַ קוק אויף מיר, איך בין דאָך אַ פולקומע חורבה. וואו איז אהינגעקומען מיין קערנדיק לייב, מיין רייצנדער נאקן, מיינע בריסטן, די היפטן, די מילכיקע הויט פון מיין געזיכט, מיט איין וואָרט אלץ, וואָס עס האָט מיר געמאכט

ענלעך צו א שמעקעדיקע, צייטיקע פּרי? אָ, אלץ איז געגאַנגען לאיבוד... איך ווייס נישט, צי דו וואָלסט מיך דערקענט, ווען זאָלסט מיך טרעפן אויף עפּעס א מארק?

— איך וואָלט דיך דערקענט צווישן טויזנטער פרויען און דערצו מיט פארמאכטע אויגן!

— מיט פאַרמאַכטע? יאָ... אפשר... אָבער מיט אָפענע ניכער נישט. גיב נאָר א קוק אויף די איינגעפאלענע באקן, אויף די קינען און ציין, אויף דער דינער נאָז, וואָס זעט אויס, ווי א האקן, אויף די רויטע אויגן, אויפן אָפּגעוועלקטן נאקן, אויף די דין געוואָרענע, אויסגעטריקנטע בריסטן, אויף דעם פאַרמלאָזן בויך..

איך האָב געענטפערט (אזוי איז ליידער געווען, ווי זי האָט געזאָגט):

— געדענקסט דאָס ווערטל? אזוי צו זיבעציק, ווי צו זיבן... א וויזלטיר ביסטו פאָרט געבליבן!

— האָב איך זיך גאָרנישט געענדערט?

— איך האָב א גוטן קוק, וויזלטיר?

— אָ, וואָס פון דיין וויזלטיר איז געוואָרן! — האָט זי שווער אָפּגעזיפצט.

— זי איז אַרומגעלאָפן... כ'געדענק... איצט האָט זי זיך ערגעץ באהאלטן, איך וועל קיינמאָל נישט פארגעסן איר שארף פּיסקל, אירע שפּיזיקע, ממזרישע אויגן, וואָס האָבן געמאכט אזא חוזק, און זיינען גלייכצייטיק געווען אזוי פול מיט חן. זי האָט אָפּגעשטויסן און צו-נעצויגן אין איר גרובן.

— קענסט אריינגיין, חשובער פוקס... וועסט גאָרנישט ריזיקירן, וועסט דאָ דעם עק אין לאָקער נישט פארלירן. הא... הא... איך זע, אז די ליבע-אנטטוישונג האָט דיין גוף גאָר-נישט געשאַדט!

— ווייסט, מיין טייערע, א וואָרעם קען מען נישט דערטרינקען. ער שווימט תמיד קאָפּויר. עגמת-נפש דאַרף מען לאָזן אָן א זייט. וואָרעם וואָס איז ווערט דאָס לעבן אָן עמאָציעס!

— אויסגעצייכנט! מיר מוזן אָבער געבן דעם וואָרעם צו טרינקען. מיר זיינען אריין אין שטוב און זיך געזעצט צום טיש. איך

גערענק שוין נישט, וואָס איך האָב געגעסן און געטרונקען. מיין נשמה איז געווען שטאַרק פאַרנומען, אָבער די ציין און די קעל האָבן זיך אַליין געהיטן און ראָבן קיין איין ביסן, קיין איין שטיק נישט פאַרלאָרן. זי האָט געקוקט אויף מיר, אָנגעלענט דעם עלנבויגן אָן דעם טיש, דערנאָך האָט זי מיט חוזק אַ זאָג געטאָן:

— איצט אַרט דיך דיין האַרץ-ווייטאָג ווייניקער?

— פאַרשטייט זיך, קענסט דאָך דאָס ווערטל:

איז דאָס האַרץ צעריסן,
נעם אַ פעטן ביסן...
ווערט אַ פרוי נישט דיין,
נעם אַ ביסל וויין!

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן, זי איז נישט בכוח געווען ווייטער חוזק צו מאַכן. איך האָב ווייטער געשפּאַסט, געשיט וויצן, אָבער די אויגן אונזערע האָבן זיך איינס דאָס אַנדערע אָנגעקוקט, און די נשמות האָבן געטראַכט וועגן עבר. פּלוצלונג האָט זי אַ זאָג געטאָן:

— ברעניאַן... דו ווייסט? איך האָב עס קיינעם נישט געזאָגט... איצט מעג איך שוין, ס'איז דאָך פאַרפאַלן... איך האָב בלויז דיך ליב געהאַט!

איך האָב געענטפערט:

— איך ווייס און האָב עס געוואוסט...

— דו האָסט געוואוסט, אויסוואורף איינער! פאַרוואָס-זשע האָסטו עס מיר נישט געזאָגט?

— בלויז אויס חשק זיך צו רייצן: וואָלסטו געווען געזאָגט, אַז ס'איז נישט אמת!

— מילא, איז וואָס? איך האָב אַנדערש געפילט. מען קושט דאָך סוף כל סוף נישט די ווערטער פון מויל, נאָר דאָס מויל גופא.

— דיינע ליפּן האָבן זיך נישט באַגנוגנט. איך בין די נאַכט, וואָס דו האָסט אַריינגעלאָזט צו זיך דעם מילנער, געווען... לעבן דיין הויז.

— ביסט דיר אַליין שולדיק. די מיל האָט געוואַרט אויף דיר. אמת, איך בין אויך שולדיק געווען, כ'האָב עס אָבער גוט אויסגעקרענקט. דו ווייסט אַגב אַלץ. דו ווייסט אָבער נישט, אַז כ'האָב

אים געגומען מחמת יאוש, בשעת איך האָב זיך דערוואוסט וועגן דיין אוועקגיין. אָ, ווי איך האָב דיך געגארט. איך האָב דיך געגארט פון דעם טאָג אָן, וואָס דו האָסט מיך פאראכט...

— איך... דיך פאראכט?

— יאָ... יאָ... אידיאָט איינער... איך בין געשלאָפן אויפן שוועל פון הויז... דו ביסט געקומען... דערנאָך ביסטו אנטלאָפן. אָפּשטויסנדיק מיך מיט עקל.

איך האָב א געשריי געטאָן פון כעס און דערנאָך ערקלערט די סבות דערפון

— איך פארשטיי... איך פארשטיי. באמי זיך נישט צו פאר-טיידיקן, שוטה איינער... פאר וואָס-זשע האָסטו נישט באמיט זיך דאָס צו פארריכטן?

— איך וועל זיך פארריכטן!

— א טיפש דו ביסט! איך האָב דיר נאָך ליבער געקריגן און זיך אָנגעהויבן פייניקן. איך האָב בלויז ניט געקאָנט פאלן דערויף אַז דו וועסט אָפּלאָזן דעם האטטשיק, אָנשטאָט אים אריינצושלינגען (אָ, ווי געמיין איר מאנסלייט זייט!).

— א שיינעם דאנק. א האטשיק איז געשמאַק, מען קען אים אבער נישט פארדייען, ווייל ער מאַכט א תל פון די קישקעס.

זי האָט א שמייכל געטאָן מיט די עקן פון מויל און ווייטער גערעדט: בשעת איך האָב זיך דערוואוסט וועגן דיין געשלעג מיט דעם בונטן עקסל, האָב איך גראָד געוואשן וועש אויפן טייך. מען האָט מיר געזאָגט, אַז ער וואַרגט דיך (איך האָב שוין פארגעסן, ווי מ'האָט אים גערופן), האָב איך א וואָרף געטאָן די קיענקע, וואָס דער שטראָם האָט מיטגעריסן און טרעטנדיק אויף גרעט, אומקערנדיק ווייבער, וואָס זיינען געשטאַנען אויפן וועג, בין איך א מטורפע, פאר-לוירנדיק די אַרבעט איבערן וועג, א באָרוועסע געלאָפן צו דיר. כ'האָב געוואָלט שרייען: ברעניאָן, שוטה איינער, וואָס טוסטו, דו ווייסט דאָך, אַז כ'האָב דיך ליב! לאָז זיך נישט ארויסרייסן קיין שטיקער ליב, ווייל כ'וויל האָבן א מאַן, וואָס זאָל זיין אויף אַלע אברים גאַנץ! וואָס איז אָבער געשען? דו, מיין טייערער... ביסט צוזאַמען מיט דעם נאָזהאָרן געקראָכן אין שענק אריין, האָסט תיכף פארגעסן,

פּאַרוואָס דו האָסט זיך געשלאָגן, דערנאָך בּיסטו געאַרעמט מיט דיין פריינט זיך אווען! (א געמיינער וואָלף דאָס איז, וואָס אנטלויפט פאַר אַ שעפעלע...) בּרעניאַן... פון דער רגע אָן האָב איך דיך פיינט געקריגן תכלית שׂנאה! פאַרשטייט זיך, אַז היינט קומט מיר אַלץ אויס קאָמיש. איך וואָלט פון דיר יענעם טאָג די הויט געווים אַראָפּ־געשונדן, לעבּעדיקערהייט אָפּגעבּראָטן, די ציין אויסגעהאַקט... נישט קענענדיק אָבּער דיך בּאַשטראָפן, האָבּ איך זיך אַליין בּאַשטראָפט... גראָד איז מיר אונטערגעקומען דער מילנער: אין כעס, אומבּאַ־וואוסטזיניק פון בּאָסט, האָב איך זיך אים אָפּגעגעבּן. איך וואָלט יענע נאַכט יעדן איינעם געוועזן אָנגענומען... אַלץ איינס וועמען! פון איין מת וועט קיין לאָך אין הימל נישט זיין. איך האָב זיך נוקם געוועזן... די גאַנצע צייט, וואָס ער האָט... האָב איך געטראַכט נאָך וועגן דיר:

— רייד ווייטער...

— בּשעת ער האָט זיך אין דיר נוקם געוועזן... פאַר מיר. איך האָב זיך געטראַכט: זאָל ער איצט קומען און זען! א מצוה אויף דיר, בּרעניאַן... און דו בּיסט געקומען... גיכער אפילו, ווי איך האָבּ זיך אַליין גערעכט. דו ווייסט, וואָס עס איז שפּעטער געוועזן. איך האָב אויפן גאַנצן לעבן זיך פאַראייניקט מיט דעם אייזל פון דער מיל ארוים:

זי איז אנטשוויגן געוואָרן. דערמאָלט האָב איך א זאָג געטאָן:

— בּיסט לכל הפּחות צופרידן?

— אָט, אַזוי זיך! — האָט זי געענטפערט, צוקנדיק מיט די אַקסל.

— צו אַלדע רוחות: דאָס הויז וואָלט געקאָנט זיין א גן־עדן!

— יאָ... יאָ! — האָט זי געענטפערט און זיך צעלאַכט.

מיר האָבּן אָנגעהויבּן ריידן וועגן עפּעס אַנדערש, וועגן פעלד, מענטשן, חיות, קינדער, אַלע ווײַלע האָבּן מיר זיך אָבּער אומגעקערט צו די אַלטע זכרונות. איך האָב איר געוואָלט דערציילן אַלע סודות פון מיין משפחה־לעבּן, איך האָבּ אָבּער בּאַמערקט (די נייגעריקייט פון זיען איז ממש שרעקלעך), אַז זי ווייסט אַלץ מיט די קלענסטע פּרטים. פאַרשטייט זיך, אַז ווייבּער האָבּן איר, ווי תמיד, צוגע־

טראָגן די ידיעות. מיר האָבן אָנגעהויבן וואַרפן זיך מיט ווערטלעך, וויצן, קאַטאָוועסלעך, ביז מיר האָבן זיך אַזש פאַרכלינעט פון זיי. יעדער קיכעלע איז תיכף, ווי ס'איז נאָר אַרויס פון אויוון, הייסער־הייט פאַרצוקט געוואָרן.

איך האָב געקייכט פון געלעכטער. פלוצלונג, אָפּווישנדיק די טרערן פון געלעכטער, הער איך... עס קלינגט שוין זעקס אויפן שכנותדיקן קלויסטער.

— האַ... האַ... איך מוז שוין גיין! — האָב איך אַ זאָג געטאָן.

— האָסט נאָך צייט!

— אינגיכן קומט דיין מאַן. איך האָב נישט קיין חשק זיך מיט אים צו טרעפן!

— איך אויך נישט! — האָט זי אויפדיכטיק געענטפערט.

דורכן קיך־פענסטער האָב איך דערזען, ווי שאָטנס הייבן זיך שוין אָן שפּרייטן איבער די לאָנקעס. קרומע שטראַלן האָבן באַגילדט טויזנטער בערגעלעך גראָז, דאָס גרינס און די קוסטן. אַ קו האָט מיט התלהבות געלעקט די קאָרע פון אַ ווערבע, ווייטער אַ ביסל זיינען געשטאַנען צוויי פערד. איינס אַ שוואַרצס מיט אַ שטערנדל אויפן שטערן, דאָס צווייטע אַ ווייס, מיט פּראַכטפול טונקעלע פלעקן. זיי זיינען געשטאַנען, אָנגעלענט די קעפּ איינס אויף דאָס אַנדערע, אין טרוים פון בין־השמשות, זאַטע און שטילע. דער ריח פון בלומען האָט זיך פאַרשפּרייט כוואַלעוועיז... ס'איז געווען אַזוי זיס. איך האָב אַ קוק געטאָן אויפן טעלערל מיט בורגונדישע מאכלים, מיט וויינ־פערלעך־זשעלע און אַ זאָג געטאָן:

— ווי גוט דאָ איז!

זי האָט מיך אַ נעם געטאָן פאַר דער האַנט און געענטפערט:

— ס'האָט דאָס גאַנצע לעבן געקענט אַזוי זיין...

ס'איז מיר געקומען אויפן רעיון, אַז איך דאַרף זי נישט לאָזן אַ באַצערטע און איך האָב דעריבער אָנגעהויבן:

— ע... טייערע ווילזלטיר, אפשר איז עס גאָר צום גוטן אַזוי! קיין סך פאַרלאָרן האָסטו סיי ווי סיי נישט. גוט וואָלט אונז געווען די ערשטע עטלעכע טעג. אָבער אַ גאַנץ לעבן... האַ, האַ, האַ! איך

קען זיך גוט... אוי, קען איך זיך און זאָג דיר: וואָלסט געגוג צרות געהאַט! איך בּין אַ פלאַטער־קאָפּ, אַ ליידיקגייער, אַ בעל־גאוה, אַ שכור, אַ זולל־וסובא, אַ פלוישער, אַן עקשן, אַ רשע, אַ קריגער, אַ טרוימער, אַ גאַליקער פארשוין, אַ לונאַטיקער... מיט איין וואָרט, מיין טייערע וויזלטיר, וואָלסט געווען פשוט אומגליקלעך און וואָלסט זיך נוקם געווען אָן מיר פאַר דיין אַנטטוישונג. ווען איך גיב אַ טראַכט וועגן דעם, שטעלן זיך מיר די האָר קאַפּויר. דער רבונו של עולם ווייסט, וואָס ער טוט! איך זאָג דיר... ס'איז בעסער אַזוי!

זי האָט ערנסט אויף מיר געקוקט און אין אַ ווײַלע אַרום, אויפהויבּנדיק דעם קאָפּ, אַ זאָג געטאָן:

— דאָס איז אמת. איך ווייס דערפון... דו ביסט אַ גרויסער גאָר-נישט! (זי האָט געהאַט גאָר אַן אַנדערע מיינונג). איך קען זיך וועטן, אַז דו וואָלסט מיך געשלאָגן, און איך דיך פאַרראַטן. אָבער דאָס שלאָגן און דאָס פאַרראַטן איז אַ מענטשלעכע זאַך... וואָלט דען נישט בעסער געווען צווישן זיך דאָס צו טאָן.

— אַוודאי... — האָב איך געענטפערט — אַוודאי...

— דו שלאָגסט זיך מיט דער דעה?

— אָ ניין... ניין! נאָר פאַרפאַלן, מיר מוזן זיך באַגיין אָן די אַלע תענוגים.

איך האָב זיך אויפגעהויבּן און צום שלום אַ זאָג געטאָן:

— זאָל־זשע דיר קיין זאַך נישט אַ שאָד זיין, טייערע וויזלטיר! געדענק, אַז סיי מיר האָבן זיך יאָ ליב געהאַט, סיי נישט, האָט עס איצט קיין שום ווערט נישט... ס'איז אַוועק פאַרביי... און וואָס ס'איז אַ וועק, איז דערפון אָן עק!

— געמיינער כזבן! — האָט זי אויסגעשריען. (און זי איז גערעכט געווען...)

* * *

*

איך בין צוריקגעקומען קיין קלאַמסי זייער שפּעט. וואַסער

קבלת-פּנים איך האָב געהאַט, וועל איך ליבערשט נישט דערמאָנען.
איך בין אוועק אין שפּייכלער, וואו איך האָב אַ צימער און איך
פאַרשרייב אויפן פּאַפּיר אַלץ, וואָס מען דאַרף און מען דאַרף
נישט, און שרייבנדיק, דריי איך מיט דער נאָז, פּייף זיך צו, שטעל
אַרויס די צונג און קוויק זיך מיט מיינע איבערלעבונגען, הן פריי-
לעכע, הן טרויעריקע, מחמת:

אַלץ, וואָס געווען אין לעבן,
איז אַ מחיה איבערצוגעבן...

## VI

# וואַנדערפייגל

## אָדער די סערענאַדע פון אנוא.

נעכטן אינדערפרי זיינען מיר געוואָר געוואָרן, אַז דורך קלאַמסי זיינען דורכגעפאָרן צוויי באַרימטע רייזנדער, פריילין דע טערם און גראַף דע מאַלבוא. זיי האָבן זיך אפילו נישט פארהאַלטן און זיינען גלייך אוועק אין שלאָס פון אנוא, וואו זיי האָבן ברעה געהאט צו פארברענגען עטלעכע וואָכן צייט. דער ראט פון שטאָט-בייזיצער האָט באשלאָסן, מען זאָל לויטן אלטן מנהג, תיכף צומאָרגנס שיקן צו דעם זעלטענעם פאָר-פאָלק א ספעציעלע פייגעלעך דעלעגאַציע, וואָס זאָל אין נאָמען פון דער שטאָט זיי באגריסן אין צוזאמענהאנג מיט דער גליקלעכער נסיעה זייערער.

(גיט נאָר אַ טראַכט, וואָס מענטשן האַלטן פאַר אַ נס: אַז אזעלכע חיהלעך קומען פון פאריז קיין נעווער און האָבן צוריקגעבראכט פון וועג גאנצע ביינער). לויטן מנהג האָט דער ראט באשלאָסן, די דעלעגאַציע זאָל די חשובע גאָרנישטן ברענגען צוטראָגן א ביסל שטאָטישע נאשערייען, דער עיקר ביסקוויט און קיכלעך, וואָס געהערן צו אונזער ספעציאַליטעט.

מיין איידעם פלאַרימאַנד האָט נעהייסן מאכן דריי טוץ. די הערן ראטמענער האָבן אפילו מודיע געווען, אַז עס וועלן קלעקן צוויי טוץ, פלאַרימאַנד אָבער, וואָס איז אליין אויך א בייזיצער, טוט אלץ אין גרויסן מאסשטאב. א שטיק האָט געקאָסט זעכצן סאָלד, און דעם חשבון האָט באַדאַרפט צאָלן די געמיינדע.

מען האָט זיך דערמאָנט, אַז עסן שמעקט בעסער מיט מוזיק (איך דאַרף עס לחלוטין נישט האָבן), האָט מען אויסגעקליבן פיר קלעזמער, צוויי פידלער און צוויי וואַלטאָרניסטן, מען האָט זיי צוגעגעבן אַ טאַמבוריניסט און מען האָט זיי אַרויפגעזעצט אויף אַ פור

צוזאמען מיט די געבעקסן. זיי האָבן באדארפט פאר די גרויסע לייט אויפשפּילן א סערענאדע, בעת מען וועט זיי דערלאנגען די מתנה.

איך האָב גענומען מיין קלארנעט און אומגעבעטענערהייט מיט מיט דער חברה. איך האָב נישט געקאָנט אויסמיידן די געלעגנהייט גישט צו זען נייע מענטשן, בפרט, ווען דאָ האָט זיך געהאנדלט אין הויף־דרויב. דאָס איז גאָר אַן אנדער מין דרויב, ווי אונזער געוויינלעכס, הגם מיר פלעגן אָפּטמאָל אויסקומען צו מאכן וואונדער־לעכע פארגלייכונגען. סאַר אַ מינעס, סאַר אַ פּאָכן מיט די פליגל, סאַר אַ גראַציעזע וויגן זיך, סאַר אַ שאָקלען מיטן קאָפּ און פררייסן די נאָז... אָבער שטיל, שאַ! איך בין, כידוע, א זון פון פּאנדארע און איך מוז כסדר אריינשטעקן מיין נאָז אין שפּע, אויפהייבן ביי אלע פּודעלעך די דעקלעך, זיך צוקוקן צו כלערליי נפשותלעך, ווייסע, שמוציקע, דארע, פעטע... אחוץ דעם, אָבער דאָס איז שוין אַן אנדער ענין. ס'איז גוט צו בינדן דאָס נוצלעכע מיטן אנגענעמען. דעריבער האָב איך אויסגענוצט די געלגנהייט און אַרויפגעלייגט אויף דער אומזיסטער פור פון די קלעזמער צוויי געשניצטע וואנט־פּאנאָס, וואָס איך האָב טאקע געהאט פארענדיקט פארן שלאָס אין אנוא. כדי אינגאנצן שוין אויסצונוצן די געלעגנהייט, האָב איך מיט זיך מיטגענומען מיין טייערע קלאטעלע, פלארימאנדס טאכטער. איין בייזיצער האָט אויך מיטגענומען זיין זונדל.

פונקט אזא חכם האָט זיך אויסגעוויזן אויך אונזער אפּטייקער און האָט ארויפגעלייגט אויף דער פור זיינע אויסארבעטונגען, דהיינו: זאַפטן, קרייטעכצער־וויינען, האָניקן און אייגגעמאַכטסן. ער האָט בדעה געהאט עס פאַרצולייגן די געקומענע לייט, פארשטייט זיך, אויך אויפן חשבון פון שטאָט קלאַמסי. איך מוז מוסיף זיין, אַז מיין איידעם האָט עס געהאלטן פאר נישט פאסיק און קעגן דער טראַדיציע. ווען יעדער בעל מלאכה, האָט ער זיך אויסגעדריקט, ווי א קצב, א בעקער, א שוסטער, א פריזירער וכדומה זאָל דאָס זעלבע טאָן, וואָלט מען די שטאָט מיט אלע בירגער בדלות געשטעלט. ער איז אָן שום ספק גערעכט געווען, מחמת דער אפּטייקער איז אויך געווען א בייזיצער... קליינע מענטשעלעך וואַרפן זיך אונטער דעם געזעץ... גרויסע מענטשן שאַפן דאָס געזעץ.

ס'האָט זיך אויסגעוויזן, אַז מען דאַרף האָבן צוויי פורן. זיי זיינען אַוועק פולע, איך ווידער בּין אַוועק צופוס. זאָלן זיך דאָרט געליימטע פּאָרן, ווי קעלבער צו דער שחיטה. אויפן הימל האָבן זיך נעצויגן שווערע כמארעס, אין דער לופטן איז געהאָנגען אַ שטורעם. ס'איז געווען אַ שרעקלעכע היץ און די בּרענענדיקע זון־שטראַלן האָבן געשלאָגן אין קאָפּ און אין נאַקן. איבּערן שליאַך איז געבּליבּן הענגען אַ וואָלקן שטויב, פליגן זיינען געפלויגן אין פּנים אַריין: אחוץ פלאַרימאַנדן, וואָס האָט געזאָרגט וועגן זיין הויט פון געזיכט, ווי אַ מיידל, זיינען אַלע געווען צופרידן.

כל־זמן עס האָט זיך נאָך אָנגעזען דער טורעם פון הייליקן מאַרטין, האָבן אַלע געהאַט זייער ווערדיקע מינעס, תיכף אָבּער ווי מיר זיינען געקומען הונטער דער שטאָט, שוין פרייע פון נייגיריקע און קריטישע בליקן, זיינען אַלע פריילעכער געוואָרן, און די מוחות פון דער גאַנצער עדה מענטשן האָבּן זיך אויסגעטאָן נעגליזש, זיי האָבּן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די שוואַרצע פרעק און געבליבן, ווי איך, אין בלויזן העמד.

מ'האָט קודם כל זיך דערציילט עטלעכע פעטע וויצן. (אַזוי אַרום רופן מיר געוויינלעך אַרויס אַפּעטיט). דערנאָך האָט מען אָנגעהויבּן בּסירוגין זינגען, שפּעטער... אַ וואָונדער, האָבן די גרעסטע פּני מיט גרויס חשק אונז מכבד געווען מיט קופּלעטן, איך ווידער האָב גע־שפּילט אויפן קלאַרנעט. איך האָבּ געוואָרפן דעם לאָזונג און די קלעזמער האָבּן זיך אַ נעם געטאָן צו דער אַרבּעט. ס'איז געוואָרן אַ געפּילדער, אָבּער איבּער אַלע קולות האָט זיך געהערט דער קליינער קלאַטעלעם קוויטשעריי, וואָס האָט געקרייעט, געמיאַאוטשעט, גע־פייפט, ווי אַן אַמזל און געטשוויטשערט, ווי אַ שפּערל:

מיר זיינען נישט זייער שנעל געפאָרן. די פערד האָבּן זיך אָפּ־געשטעלט אַליין ביי יעדן בּערגל, געסאַפּעט, געשאָקלט מיט די קעפּ... זיך אויסגעליידיקט... מען האָט באַדאַרפט וואַרטן בּיז זיי וועלן זיך ערליידיקן און זיך ווייטער לאָזן אין וועג אַריין: אונטער דעם אָרט בּאַיאַל האָט אונזער נאָטאַריוס דאַלאַרו געפּאָדערט, מען זאָל אַביסל אַראָפּ פון וועג אין אַ זייט. (מען האָט אים נישט געקענט אָפּזאָגן, מחמת ער איינער האָט, הגם ער איז געווען אַ בּייזיצער,

קיין געשעפט על רגל אחת אין דער ראזיקער נסיעה נישט געמאכט).
דער נאטאריוס האט געוואלט, אז מען זאל אגב זיך ארויפכאפן צו זיינס א קליענט, וואס האט באדארפט מאכן א צוואה.
אלע האבן אים געגעבן גערעכט, ס'האט אבער די זאך צו לאנג געדויערט און פלארימאנד האט עס צוזאמען מיטן אפטייקער געהאלטן פה אחד פאר נישט פאסיק.
סוף כל סוף זיינען מיר געקומען אויפן ארט. פארשטייט זיך, יעדע זאך מוז סוף כל סוף קומען אויפן ארט, ווי מושטארדע נאכן עסן. אונזערע חשובע פייגל האבן גראד פארענדיקט פיקן דאס עסן, בעת עס איז אין דער רעכטער צייט געקומען דער געבראכטער דעסערט: ס'האט זיך אבער געענדיקט מיט א דאנק.
די הערן ראטמענער האבן דערנענטערט זיך צום שלאס און אנגעטאן זייערע בגדי כהונה, וואס זיינען ביז אהער געווען גוט אויס-באהאלטן פון דער זון און שטויב. זיי זיינען באמת געווען שיין, געגלאנצט, האבן גערייצט דאס אויג און געפרייט דאס הארץ. דער מער האט אנגעטאן גרינע זיידענע מלבושים, די פיר בייזיצער געלע קליידער. זיי האבן צוזאמען אויסגעזען, ווי א אוגערקע מיט פיר שטיקלעך קירבעס אויפן טעלער. מיר זיינען אריין אונטער די קלאנגען פונם ארקעסטער
אויף דעם קול האבן זיך ארויסגעבויגן פון די פענסטער די צו-געקעמטע קעפ פון די לאקאיען, וואס האבן זיך ארומגעדרייט ליידיק. די אוגערקע איז צוזאמען מיט זיין סוויטע אוועק צום אריינגאנג, און באותו הרגע האט מען געעפנט די טיר, און אין דער טיף האבן זיך באוויזן צוויי קעפ, באצירטע מיט בענדער, ווי די שעפעלעך אויף די פאסטוך-בילדער. מיר, ס'הייסט חברה קלעזמער, האבן זיך פארהאלטן אינמיטן הויף און דעריבער האב איך נישט געקאנט הערן די הערלעכע לאטיינישע דרשה, וואס דער נאטאריוס האט געהאלטן. איך האב זיך אבער געטרייסט, אז אן שום ספק פארשטייט זי בלויז דער רעדנער אליין. איך האב פאר דאס נישט אראפגעלאזט אויף קיין רגע מיין קלאטעלען פון אויג. זי האט מיט קליינע טריטעלעך זיך ארויפגעכאפט דורך די טרעפ צו דער טיר פון פארטאל, צודריקנדיק צום בייכל מיט ביידע קליינטשינקע הענטעלעך א גרויסן קויש, אין

װעלכן ס'האָבּן זיך אױפגעהױבּן אין דער הײך בּערג בּיסקװיט, אַזױ הױך, אַז זײ האָבּן כּמעט איבּערגעשטײגט איר קעפּל. זי האָט קײן אײנס פון זײ נישט פארלױרן, געהיט זײ מיט די אױגן, אַרומגענו-מען מיט די הענטעלעך... די קלײנע כּלבטע איז אַ נאַשערין... געװוען איז זי אַזױ שײן... אַזױ שײן...

דער קינדישער חן פאַרמאָגט אין זיך עפּעס פון מוזיק, ער פאַנגט דאָס האַרץ, איז גובר די גאװה און מאַכט אַלע מענטשן גלײך. פרײלין דע טערם האָט אַ שמײכעל געטאָ צו קלאַטעלען, איר אַ קוש געטאָן, זי אַרױפגעזעצט אױף אירע קני, אַנגענומען פאַר דעם גאָמבּעלע און איבּערבּרעכנדיק אױף דער העלפט אַ בּיסקװיט, אַ זאָג געטאָן:

— עפּן דאָס שנעבּעלע! מיר װעלן זיך טײלן!

זי האָט אַרײנגעלײגט קלאַטעלען אין מײלעכל אַרײן אַ שטיק בּיסקװיט, און איך האָבּ פאַר גרױס שמחה זיך נישט געקענט בּאַ-הערשן און אַ געשרײ געטאָן:

— זאָל לעבּן דאָס גוטע און שײנע ניװערנאַיער בּלימל!

און דער קלאַרנעט מײנער האָט אַ װאָרף געטאָן אין דער לופט אַ רױשיקע פאַנפאַרע, װאָס האָט, װי אַ שװאַלבּ, דורכגעשניטן דעם האָריזאָנט.

אַלע האָבּן זיך צעלאַכט מיט אַ כּאָר, װענדנדיק זיך אין מײן זײט אַרײן, קלאַטעלע װידער האָט אַ פּאַטש געטאָן אין די הענטע-לעך און אױסגעשריען:

— דאָס איז דער זײדע!

הער ד'אַנואַ האָט מיך צוגערופן.

— דאָס איז דער משוגענער בּרעניאָן! — האָט ער ערקלערט. (ער קען זיך דערױף, מחמת ער איז אַלײן אױך משוגע...)

איך האָבּ זיך דערנענטערט, האַלטנדיק דעם קלאַרנעט אונטערן אָרעם, און בּין אַרױף אױף די טרעפּ און זיך פאַרנײגט.

מיט היטל, הכנעה, בּרױט אױי זאַלץ,
נעמט מען לײטן מער װי מיט אַלץ...

איך האָבּ כּפי דעם װערטל מיט מײן גאַנצן גוף און מיטן היטל זיך גענײגט אױף רעכטס, לינקס, אױף צוריק, פאָראױס, בּאַ-

גריסנדיק אלץ, וואס עס האט ארום מיר געלעבט. בשעת מעשה אבער האב איך שטילערהייט באטראכט דאס מיידל, וואס איז געווען אויסגעשטאפט לויט דער מאדע און איז ממש געזונקען אין איר אומגעהייערן טואלעט. איך האב זי אויסגעטאן (פארשטייט זיך, אז ברעיון בלויז), באמערקט, אז זי איז דאר, מאגער און זיך צעלאכט פון דעם סוכארל. זי איז געווען הויך, שטאלט, געהאט אביסל א טונקעלע הויט פון פנים, וואס איז געווען גוט אויסגע־ווייסט מיט פודער, שיינע, פינקלדיקע אייגלעך, ווי די קוילן, א נייגעריק נעזעלע און גירינקע ליפעלעך, אז... מען האט נאר באדארפט קושן די פוכלע און קיילעכדיקע בעקלעך, אויף וועלכע עס האבן זיך געדרייט רינגלעך לאקן.

דערזעענדיק מיך, האט זי גנעדיק א פרעג געטאן:

— ס'איז אייער טעכטערל, דאס שיינע קינדעלע?

איך האב שטאלץ געענטפערט:

— ניין... גנעדיקע פרוי! אט איז מיין איידעם... זאל ער ענט־פערן... איך וויל אים ניט גיין אין וועג אריין. אלנפאלס רעכן זיי ביידע צו מיין שטובינקן אינוועטאר. קינדער, דאס איז עשירות פון ארעמע לייט.

דער ד'אנוא האט זיך צעלאכט אויפן קול, דאס מיידל ווי־דער האט א קרים געטאן דאס שנעבעלע. פלארימאנד האט אויך דאס זעלבע געטאן אויף זיין זויערן שטייגער, איך אליין בלויז בין גע־בליבן ערנסט. דעמאלט האט דער הער מיט די בענדער און דאס אויסגעשטאפטע מיידל א פרעג געטאן, וואס פאר א הכנסה עס ברענגט מיר איין מיין פאך (זיי האבן אוודאי געמיינט, אז איך בין א קלעזמער). איך האב געענטפערט, ווי דער אמת איז:

— כמעט גארניט.

איך האב ניט געזאגט, מיט וואס איך פארנעם זיך אויסער דעם קלארנעט, מחמת קיינער האט מיך עס ניט געפרעגט. איך האב געוואַרט און זיך זעלטן־גוט געווײַלט. ס'איז אומגעהייער קא־מיש די פאראכטונגסלעכע גנעדיקייט, מיט וועלכן די גדולים פון דער וועלט, די שיינהייטן און גבירים זיינען מזכה די אביונים. ווי זיי וואלטן כסדר געהאלטן זיי אין לערנען. נעבעך, ווי א קינד...

אחוצדעם (איך זאָג עס ניט, נאָר איך טראַכט אַזוי)... דאָס איז זיין אייגענע שולד! דער אייבערשטער האָט אים מעניש געווען... און ער האָט גוט געטאָן. דעם רבונו של עולמס משפט איז גערעכט!

ווי איך וואָלט איינגאַנצן ניט געווען, האָט הער מאַיבואַ זיך הויך אַ רוף אָפּ געטאָן צו זיין דאַמע:

— היות מיר האָבן אַזוי אויך ניט וואָס צו טאָן, לאָמיר אויס-נוצן די געלעגנהייט, וואָס דער אָרעמאַן איז דאָ. ער זעט אפילו אויס אַ גענוג באַגרענעצטער, שלעפּנדיק זיך אָבער אום איבער אַלע שענקען און אכסניהס, מוז ער אַוודאי וויסן, וואָס די באַ-פעלקערונג פון דער פּראָווינץ טראַכט... אויב זי טראַכט בכלל...

— שטילער!

— ...אויב זי טראַכט בכלל וועגן עפּעס, אחוץ די פּערזענלעכע דאגות.

מען האָט מיך דעמאָלט אַ פרעג געטאָן:

— זיי זשע מוחל, פריינד, און דערציייל אונז, וואָסערע שטי-מונגען עס הערשן אין די מוחות אין לאַנד?

איך מאַך אַ אידיאָטישע מינע און חזר איבער:

— שטימונגען אין די מוחות...

בשעת מעשה אָבער ווינק איך מיט די אויגן זיך איבער מיט הער ד'אַנוּאַ, וואָס צופּט זיין בערדל און פאַרשטעלט מיט דער האַנט דאָס מויל, ער זאָל פאַרבאָרגן זיין פריילעכן שמייכל.

— משמעות די מוחות אַרבעטן ניט אין דער פּראָווינץ! — זאָגט דער גרויסער פריץ מיט איראָניע. — זאָג אונז, טייערער מענטש, וואָס טראַכטן זיך לייטן? צי האַלטן זיי זיך ביי דער קאַ-טוילישער אמונה, אָדער זיי שטייען שטאָל און אייזן אויפן צד פון קיניג?

איך ענטפער:

— דער אייבערשטער איז גרויס, און דער קיניג איז זייער גרויס מיר האָבן ביידע גלייך ליב!

— און וואָס זאָגסטו צו די פירשטן?

— אָ, דאָס זיינען זייער, זייער גרויסע לייט!

— זייט איר אויף זייער צד?

— יאָ... יאָ... הויכגעבוירענער האַר!

— זייט איר אַלזאָ געגנער פון קרוטשיני?

— אָ ניין, מיר האַלטן פאַר אים אויך!

— ווי הייסט? ס'איז דאָך אוממעגלעך... דאָס זיינען דאָך דם־שונאים...

— מעגלעך, אז זיי האָבן זיך ניט זייער ליב... אָבער מיר האַלטן מיט ביידע...

— אום גאָטס ווילן... איר מוזט דאָך אויסקלויבן!

— מען דאַרף עס דווקא אויסקלויבן? מ'קען זיך דען דערפון ניט אָפּהאַלטן, אייער הויכגעבוירנשאַפט? הא, אויב עס מוז דווקא אזוי זיין, וועל איך זיך מיישב זיין... איך וועל באַשליסן די צווייטע וואָך... אזוי, אָן ערך דאָנערשטאָג!

— צו וואָס אזוי לאַנג זיך מיישב זיין?

— ווי הייסט! איך מוז דאָך, הויכגעבוירענער האַר, זען, וועמעס צד ס'איז שטאַרקער!

— ווי שעמסטו זיך ניט? דו קענסט ניט אונטערשיידן פון טאָג ביז נאַכט... דעם קיניג פון זיינע שונאים?

— אויף מיין וואָרט... הויכגעבוירענער האַר... איך קען ניט. דאָס איז איבער מיינע כוחות. איך זע, דער טאָג איז ליכטיק, איך בין ניט קיין סגי־נהור, אָבער, בשעת עס גייט אין דעם קיניגס אָנהענגער און דעם פירשטס אָנהענגער, איז דער אויסוואַל באמת אַ שווערער, מחמת איך ווייס ניט, ווער פון זיי עס טרינקט מער און מאַכט מער אַ תל פון לאַנד. כ'וויל ניט באַליידיקן קיין פּאַרטיי, זאָלן זיי זיך אַלע זיין געזונט און האָבן אַ גוטן אַפּעטיט. דעם הויכגעבוירענעם האַר ווינטש איך אויך געזונט מיט אַפּעטיט און לאַנג לעבן... איך האָב ליב מענטשן, וואָס האַלטן פון עסן, מחמת איך אַליין קריג דערפאַר די ניכפּה. אָפן גערעדט אָבער האָב איך ליבער מיינע גוטע פריינד, וואָס זיינען אויף קעסט ביי יענעם.

— ביסטו אַלזאָ ניט פעיק עמעצן ליב צו האָבן?

— מיין הער! איך האָב ליב דאָס, וואָס איך פאַרמאָג!

— וואָלסט ניט מסוגל געווען מקריב צו זיין דיין פאַרמעגן פאַרן קיניג און האַר דיינעם?

— אדרבא... איך טו דאָס מיט גרויס חשק, אויב עס לאָזט זיך ניט אויסמיידן קיין קרבנות. איך וואָלט אָבער אַ בּעלן גע־ווען וויסן, צי דאַרף מען עס דווקא זיך אָפּזאָגן פון די געליבּטע פעלדער און ווייגערטענער, כּדי זיין מאַיעסטעט דער קיניג זאָל האָבּן אַ פולן טיש? וואָלט מען עס ניט געקענט מאַכן אַזוי, אַז איין... מלאכה... זאָל דער אַנדערער ניט קריכן אין וועג אריין? לאָזט אונז איבּער די ערד, און מיר וועלן אייך לאָזן די פּאָליטיק. עס גייען אונז ניט אָן... די אַזוי גערופענע איבּערצייגונגען... מיר זיינען דאָך טפּשים און פּטור.

מיר קענען בּלויז, ווי אונזער פאָטער אדם הראשון (איך זאָג, אַז ער איז אויך געווען אייער הויכגעבּוירנשאַפטס פאָטער, און גלייבּ ניט... גיכער אפשר... אַ געשוועסטער־קינד אייערס...) מיר בּאַאַרבּעטן פון אָדם־הראשונס אָן די ערד, בּאַפרוכפּערן זי, מיר גראָבּן זי, זייען, מאַכן וואַקסן האָבּער, ווייץ, קאָרן, פלאַנצן וויינ־טרויבּן, קאָסיען לאָנקעס, דרעשן תבואה, האַקן אויס ביימער, האַקן שטיינער, שערן וואָל, מאַכן לייוונט, גאַרבּן לעדער, גיסן אייזן, מאַכן מעבּעל און בּויען הייזער, פלאַסטערן וועגן, קאַנאַלן און שטעלן בּריקן, בּויען שטעט און קלויסטערס... מיט איין וואָרט מיר מאַכן דאָס גאַנצע לאַנד אין אָרדענונג, גאַנץ פראַנקרייך... און מער קענען מיר ניט בּפועל ממש! מיר קענען זיך ניט אויף קיין שום — העכערע קונסט! מיר האָבּן ניט קיין השגה וועגן אַזוי גערופענע געזעלשאַפטלעכע ענינים, סכסוכים פון פירשטן, דעם הייליקן שליחות פון מלכים, פּאָליטישן שפּיל און אַנדערע מאַ־גישע צי מעטאַפיזישע קונסטן.

הויכגעבּוירענער האַר! מען דאַרף ניט פאַרגעסן וועגן דעם בּעל־גאוהס גורל, וואָס האָט, בּמחילה... געהאַט... איבּערן קאָפּ!... מיר זיינען אין תוך געגומען בּונטע אָקסן און אונזער רוקן איז געוואוינט צו שמיץ... מסכּים! אָבער אייער הויכגעבּוירנשאַפט פרעגט זיך: זאָג מיר, אָקס, וועלכע פויסט ווילסטו בּעסער, וועל־כע בייטש שמייסט בּעסער איבּער דיינע ריפּן... חא... חא... ס'איז אַ וויכטיקע שאלה! דאָס איז כּדאי צו בּאַטראַכטן, האָבּ איך גע־זאָגט... איך מוז זיך מיישב זיין... וואָרעם היינט, למשל, וואָלט

איך געקענט זאָגן אַ ניט-דורכגעטראַכטע מיינונג. היינט שמעקט מיר למשל קיין שום בייטש ניט. מען וואָלט באַדאַרפט איידער מען גיט אַ תשובה נעמען אין די אייגענע הענט אריין די בייטש און... פרובן... איינס... צוויי... אָט אַזוי! היות אָבער,, דאָס פּאַסט ניט... מוז מען האָבן געדולד... געדולד! לאָמיר ליידן, ליידן, בונטע עקס־לעך, לאָמיר שלעפּן דעם וואָגן, כל־זמן ס'איז דאָ כח און היי... און זאָל זיך דאָרט דערוויייל... דער האַמער טאַנצן אויף דער קאָוואַדלע!

דער פּריץ האָט געהערט, ניט ווייסנדיק וואָס צו טראַכטן וועגן מיינע ווערטער. ער האָט זיך פּאַרקרימט, ניט ווייסנדיק, צי ער זאָל לאַכן, אָדער זיין אין כעס. פּלוצלונג איז צוגעגאַנגען עפּעס אַ הער פון דער סוויטע, וואָס פּלעגט מיך זען אויפן הויף פון פאַרשטאָרבע־נעם פּירשט דע נעווער און אַ זאָג געטאָן:

— הויכגעבוירענער האַר! איך קען אים, ער איז אַ גרויסער לץ, אַ גלענצנדער בעל-מלאכה און פּעיקער שניצער, און דערצו — אַ שרעקלעכער פּלאַפּלער. זיינע שניצערייען געפינען זיך אין אַ סך פּאַלאַצן און שלעסער.

דער פּריץ האָט אפילו ניט קיין ציטער געטאָן. די באַקומענע ידיעה, ווייזט אויס, האָט ניט געקענט בייטן זיין מיינונג וועגן דעם מאָגערן (איך זאָג דאָס בלויז בדרך משל, מחמת איך וועג זיך מיינע 150 פונט) מענטשל, וואָס שטייט פאַר זיין ליכטיק פּנים און האָט ערשט דעמאָלט זיך פּאַראינטערעסירט מיט מיר, ווען דער באַלעבאָס האָט אים געוויזן מיינע אַרבעטן אין שלאָס אַנוא, וואָס האָבן גע־צוינגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון דעם און דעם... פּירשט, גראַף אָדער אַנדערן גרויסן מאַן.

ער האָט דעמאָלט מיט גרויס אָנערקענונג זיך אויסגעדריסט וועגן דעם געשטעל פון ברונעם אויפן הויף. איך האָב דאָרט אויס־געשניצט אַ קרייזל וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ יונג מיידל מיט אַ אויפגעהויבן קליידל, וואָס טראָגט אין פאַרטוך צוויי קאַטשקעס מיט אָפענע מיילער און צעשפּרייטע פליגל. דערנאָך האָט ער אין פּאַלאַץ באַקוקט מיין מעבל און די פּאַנאָ, וואָס באַצירן די ווענט: הער ד'אַנוא האָט זיך געבלאָזן ווי אַ פּאַווע.

סאַר אַ טפּשים די גבירים זיינען? זיי דאַכט זיך, ווען זיי

באַצאָלן פאַר אַ קונסט-ווערק, אז זיי האָבן עס אַליין געמאַכט! מאַלבואַ האָט, ווערלנדיק מיר אָפּגעבן כבוד, זיך אָנגעהויבן חידושן, וואָס אַזאַ גרויסער קינסטלער זיצט ערגעץ פאַרשטעקט אין אַ לאָך, אָפּגעשניטן פון דער גאַנצער וועלט, ווייט פון גרויסן לעבן פון דער הויפּט-שטאָט, אַז ער איז צוגעשמידט צו די קליניקייטן, רע-אַלע זאַכן, וואָס האָבן ניט בעל כרחו קיין שוואונג און כאַראַקטער, אַז ער האָט בלויז באַאָבאַכטונג פאַר זיך, און קען קיין גרעסערע אידעע ניט שאַפן, ניט קיין סימבאָל, אַלעגאָריע, פילאָסאָפיש ווערק, מיטאָלאָגישס, מיט איין וואָרט קען קיין מבין ניט באַשענקען — מיט אַ גרויסע, מאָנומענטאַלע סקולפּטור (אַ גרויסער מאַן וויל האָבן אַלץ גרויס!).

איך האָב באַשיידן געענטפערט, אַז איך קען מיין קליינע ווערט און ווייס גוט, אין וואָסערע גרענעצן איך זאָל זיך דרייען. אַ קליין מענטשל, וואָס האָט קיין זאַך ניט געזען, וועגן קיין זאַך ניט געהערט, קיין העכערע איינדרוקן ניט איבערגעלעבט, איז מחויב צו בלייבן אויף דער נידעריקערער מדרגה פון פּאַרנאַס און ניט האָבן קיין תשוקה צו גרויסע און פיינע זאַכן. זיין ־שכל ווענדט זיך, אַ באַגרענעצטער דורך די באַדינגונגען פון לעבן, צו טאָג-טעג-לעכע און נוצלעכע זאַכן. די קונסט פון טאָג-טעגלעכן לעבן, אָט דאָס איז זיין אַרבעט.

— די קונסט פון טאָג-טעגלעכן לעבן? — האָט זיך פאַר-חידושט דער הויכגעבוירענער לץ. — דאָס איז דאָך אַ סתירה! קונסט קאָן זיין בלויז דאָס, וואָס עס איז ניט טאָג-טעגלעך, וואָכע-דיק און נוצלעך!

— הייליקע ווערטער! — האָב איך אויסגעשריען מיט התלהבות. — הייליקע און אמתע! אומעטום, אין לעבן און אין קונסט, איז שיין בלויז... אַ בריליאַנט... אַ פירשט... אַ קיניג... און אַ בלום!

ער האָט זיך דערווייטערט פון מיר זייער אַ צופרידענער און דער ד'אַנוא האָט מיך גענומען אונטער'ן אָרעם און אַ שעפּטשע גע-טאָן:

— פאַרשאָלטענער פלאַפלער! דער רוח האָט מיך שיר ניט גע-

כאפּט פון געלעכטער. האסט זיך פיין חוזק געמאכט פון דעם פּאַ־ריזער יאָלד. איך זאָג דיר אָבער... מיך ריר ניט! ווען זאָלסט זיך וואגן מיך נעמען אויף דער צונג... איז ווי צו דיינע יאָרן!

איך האָב לעבהאפט גענומען פּראָטעסטירן.

— אייער גנעדיקייט... וואו וואָלט איך עס געוואגט... א ביס צו טאָן מיינע בעל־טובות, מיין פּראָטעקטאָר? איז דען ברעניאָן פּעיק אויף אזא שווינערייַ? אָבער עס גייט ניט אין שווינערייַ... דאָס מאכט זיך... עס גייט אין עפּעס אַנדערש... איך וואָלט פּשוט געווען א חמור. אייער הויכ־געבוירנשאַפט וועט אזוי גוט זיין זיך ניט באליידיקן, גלייכנדיק זיך מיט הער דע מאלבוא. אייער הויכגעבוירנשאפט האָט מער געפיל פאר קונסט אין קליינעם פינגערל פון לינקן פוס, ווי ער אונטערן שייטל. לגבי אייך בין איך בלויז א קליין פּיקסל, לגבי א וואָלף אין זיין אייגענער הייל... ברעניאָן מעג זיך זיין משוגע... קיין שוטה איז ער אָבער ניט... ניין!

ער האָט געשטראַלט! קיין זאך פרייט ניט אזוי א מענטש, ווי בעת ער דערהערט, אז עמעץ לויבט אזש אין הימל אריין די מעלות זיינע, וואָס ער פאַרמאָגט לחלוטין ניט.

— גוט... גוט... ליבער ברעניאָן... לאָמיר לאָזן צורו מיין זעקל, ווייז נאָר אָקאָרשט, וואָס דו האָסט אין דיינעם? איך ווייס פאָראויס, אז דו קומסט קיינמאָל ניט אָן א ציל און מיט פּוסטע הענט.

— האָ... האָ... תמיד זיך משער... אייער הויכגעבוירנשאַפט האָט א קוק פון א קלאָרזעער! דער מענטש איז ווי פון גלאָז, דער ליבער גראף זעט אים דורך די ווענט!

איך האָב אויסגעפּאַקט מיינע צוויי דעקאָראַטיווע פאַנאָס און איין איטאַליענישע סקולפּטור (דעם גורל אויף א ראָד, וואָס איך האָב געקויפט אמאָל אין מאַנטוע): די דאָזיקע סקולפּטור... כ׳ווייס אליין ניט פאַרוואָס, אָט סתם אזוי, צוליב מיין איינגעבוירן גע־פיל פון טאָן אויף צו להכעיס... האָב איך אויסגעגעבן פאר מיינע אָן אייגענע. זי האָט געהאט א מיטלמעסיקן ערפאָלג. דערנאָך... (משמעות על פּי טעות) האָב איך געוויזן מיינע אייגענע צוויי אר־

בּעטן, ערקלערנדיק, אַז זיי האָט זיך מיר איינגעגעבּן צו קויפן אין איטאַליע.

עס האָבּן זיך געלאָזט הערן אויסגעשרייען, שבחים, התלהבות... האָ... האָ און האָ... האָ! אַלע האָבּן זיך געשאָקלט אַזש פון גדולה. מאַלבּואַ האָט געעפנט דאָס מויל, ווי אַ טויער, און האָט ערקלערט, אַז ער זעט דאָרט דעם אָפּגלאַנץ פון איטאַליענישן הימל, פילט דעם ריח פון דער דריי-מאָל געבּענטשטער הייליקער ערד, וואָס איז בּאַשטראַלט דורך די טריט פון די געטער פון אָלימפּ.

*

*     *

דער ד'אַנואַ האָט, רעוועדיק פון גערירטקייט און קושנדיק מיך, אַרויסגעלייגט אויפן טיש, פאַר דער ערשטער זאַך... דריי דוקאַטן... פאַר די לעצטע צוויי... זעקס און דרייסיק!

*

*     *

אין אָוונט זיינען מיר אַוועק אַהיים. כדי צו ווייזן די געזעלשאַפט האָבּ איך דערציילט, ווי פירשט דע בּעלזאַרד איז איינמאָל געקומען קיין קלאַמסי אויף געיעג. דער וואוילער פירשט איז געווען כמעט אינגאַנצן שוין אַ סגי-נהור. מען האָט מיר בּאַפוילן כ'זאָל געשיקט און גלייכצייטיק אַרונטעררוקן אויף דעם אָרט, וואו ער האָט געפעלט, אַ שטיק, וואָס האָט געבּאַפּט אַ קויל גלייך אין האַרצן. מען האָט פריילעך געלאַכט און יעדער איינער האָט אַרויסגעצויגן פון בּוזעם עפּעס אַ וויץ וועגן די פירשטן און גדולים פון דער וועלט. וואוילע מענטשן די פירשטן. זיי איז אייגנטליך לאַנגווייליק אין זייער מאָנאָטאָן לעבּן פון טאָג-טעגלע-

כער פראכט, פאַר אונז אָרעמע-לייט אָבער זיינען זיי אַן אומדער-שעפּלעכער קוואַל פון געלעכטער און וויצן.

בעת די טיר פון הויז האָט זיך אָבער הינטער אונז שוין פאַר-מאַכט, האָב איך דערציילט די מעשה מיט די סקולפּטורן. פלאָ-רימאָנד האָט מיר אָנגעהויבן מאַכן ביטערע פאָרוואורפן... ער האָט ניט געקענט תופס זיין, פאַרוואָס איך האָב אַזוי ביליק פאַרקויפט די איטאַליענישע סקולפּטור, אויסגעבנדיק זי פאַר מיינע אַן איי-גענע. הער ד'אַנוא וואָלט דאָך אַלס בעלן אויף אַזעלכע זאַכן געוועזן באַצאָלט פאַר זיי דריי מאָל אַזוי פיל. איך האָב געענט-פערט, אַז איך מעג זיך פון די גרויסע פּריצים מאַכן חוכא וטלולא, כ'האָב אָבער ניט בדעה זיי אָרומצופּליקן.

ער האָט עס ניט תופס געווען בשום אופן און האָט זיך גע-פרעגט, ווי קען עס הנאה טאָן חוזק-מאַכן, וואָס ברענגט ניט קיין ריווח?

דעמאָלט האָט מאַרטינעטעלע גענומען אַ וואָרט און אַ זאָג געטאָן אָט-אָ-די קלוגע ווערטער:

— דווקא די וויצן און קאַטאָוועסלעך, ביי וועלכע מען טראַכט וועגן קיין זאַך ניט, נאָר וועגן פרייַלעכקייט, זיינען די בעסטע זאַך ס'איז ניט גוט צו זיין תמיד דורכגעטראַכט און פּראַקטיש. לאָז צורו, מיין טייערער, און געדענק, אַז דו אַליין געווינסט פון אונ-זער איינגעבוירענעם חשק צו אומשולדיקע וויצן... דעם האָסטו אפילו צו פאַרדאַנקען, וואָס דו האָסט ניט אויפן קאָפּ קיין הער-נער, נאָר בלויזע האָר. דער געדאַנק, אַז איך וואָלט דיך געקענט אָפּנאַרן דריי מאָל אַ טאָג, ווייַלט מיך אַזוי, אַז איך באַגנוגן זיך מיט דער שמחה. כמורע ניט דעם שטערן... מאַך זיך דערפון גאָר-ניט און נעם אָן דעם גוטן רצון פאַר מעשים. באַהאַלט די הער-נער, שנעק... עס דערנענטערט זיך עפּעס אַ שאָטן...

## VII

# די פּעסט.

ניט בחינם זאָגט מען: דאָס אומגליק קומט צו פליען אויף אַ פערד! ווי אַ שטאַפּעט אויף צעיושעטע פערד איז עס געקומען צו אונז מיט אַ וויזיט. פאַראַכטאָגן מאָנטאָג האָט מען פאַרשלעפּט פון ערגעץ די פּעסט און ס'איז געשען דאָס ערשטע אומגליק אין סען פאַרזשאַ.׳ אַ שלעכט קערנדל גייט שנעל אויף. סוף וואָך האָבן מיר אין דער אומגעגענט געהאַט שוין צען לוויות. זי האָט זיך וואָס אַמאָל מער צו אונז דערנענטערט, און נעכטן איז די מגפה אויסגעבראָכן אין קולאַנזש־לאַוויוליס.

ס'האָט אָנגעהויבן קאָכן. מענטשן האָבן גענומען מאַכן פּליטה. מיר האָבן אַרויפגעזעצט די ווייבער מיט די קינדער אויף פורן און האָבן זיי משלח געווען ווייט אין די געגנטן פון מאָנטנואַסאָן; און ס'האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס אומגליק האָט זיך זיינע גוטע זייטן אויך. אין מיין הויז איז שטיל, קיינער קוואָקעט ניט, קיינער מאַכט ניט קיין קולות. פלאָרימאָנד, דער געמיינער קאָפּ־האָן איז אַוועק צוזאַמען מיט די ווייבער, ניט וועלנדיק, ווי ער האָט געזאָגט, פאַרלאָזן מאַרטינעלען, וואָס האָט באַדאַרפט געלעגן ווערן. די רייכערע, פעטערע בירגער זיינען געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז דאָס וועטער איז אַ הערלעכס, און ס'איז דאָ די בעסטע געלעגנהייט זיך אַ ביסל איבערצופאָרן איבער די ברייטע פעלדער און זען, ווי דער שניט גייט. זיי זיינען אַוועק.

די, וואָס זיינען פאַרבליבן, דאָס הייסט... מיר... האָבן געמאַכט חוזק פון דער גאַנצער פּעסט און פון די, וואָס האָבן זיך קעגן איר באַוואָרנט. די הערן בייזיצערס האָבן צעשטעלט שומרים ביי די טויערן פון שטאָט און אויף דעם וועג קיין אָקסום און מען

האָט זיי שטרענג געהייסן אָפּטרייבן אָרעמע-לייט, שלעפּערס און בכלל יעדן איינעם, וואָס וועט זיך וועלן אַריינכאַפּן. וואָס שייך אַנדערע פאַרבייפאָרער, אויב די בייטלען זייערע זיינען נאָר גע-ווען פול, זיינען קענען זיי אַרויסגעגעבן געוואָרן לייכטערע תקנות. זיי האָבן געמוזט דורכגיין אַ מעדיצינישע אונטערזוכונג פון אונ-זערע דריי דאָקטוירים, דהיינו, הער סטעפאַן לואַזאַ, מאַרטין פּראָטיע און פולבערט דע וואָ. אַלע דריי זיינען געווען אויף אַ געהעריקן אופן באַוואָרנט קעגן דער פּעסט. יעדער פון זיי האָט גע-האַט אַ קינסטלעכע נאָז, וואָס איז פול געווען מיט דעזינפעקציע-שטאָף, אַ מאַסקע און גרויסע ברילן. מיר האָבן פון זיי געלאַכט ביז צום פּלאַצן.

מאַרטין פּראָטיע... אַן אייזערנער יאַט... האָט ניט געקענט זיך פאַרהאַלטן ערנסט. ער האָט אַ ריס אַראָפּ געטאָן די קינסט-לעכע נאָז, זי אַ שליידער געגעבן אָן דער ערד און ערקלערט, אַז עס קלעקט אים זיין אייגענע, בפרט, ווען עס איז ניטאָ קיין נקבות. מיר האָבן מסכים געווען מיט אים... ער איז אָבער, ליידער איינגיכן געשטאָרבן! אמת, מאַגיסטער סטעפאַן לואַזאַ, וואָס האָט פאַנאַטיש געגלייבט אין זיין דעזינפעקציע נאָז, איז אויך גע-שטאָרבן. בלויז איין הער, פולבערט דע וואָ, האָט אַראָפּגענו-מען זיך אַ מוסר פון זיינע חברים, און אַוועקגעוואָרפן די נאָז... מיט זיין שטעלע...

הא, איך געפין זיך פּלוצלונג ביים סאַמע סוף מעשה, בשעת איך האַלט ערשט קוים ביים אָנהייב. דו מוזט דעריבער, ברו-דערקע, זיך אומקערן צוריק און אָנכאַפּן די ציג פון דער באָרד... אָט אַזוי!...

ווי איך האָב געזאָגט, האָט יעדער איינער פון אונז געמאַכט דעם אָנשטעל פון ריטשאַרד דאָס לייבנהאַרץ. מיר זיינען זיכער געווען, אַז די מגפה וועט צו אונז ניט צוקומען, אַז זי וועט אונז ניט באַערן מיט איר באַזוך. זי האָט כידוע אַ גוטן חוש-הריח, און קען דעם ריח פון אונזערע דעמבענע וועלדער ניט פאַרטראָגן. (ניטאָ קיין געזונטערע זאַך ווי דאָמב... דאָס איז דאָך באַוואוסט). בשעת זי האָט צום לעצטן מאָל אין 1580 יאָר (איך בין דעמאָלט

אַלט געווען 14 יאָר, ווי אַן אַלטער אָקס) זיך באַוויזן אין לאַנד, איז זי ניט אריין אין אונזערע טויערן, נאָר אַ שמעק געטאָן, אַ שנאַפּ געטאָן און זיך אָפּגעטראָגן!

גראָד טאַקע אין יענער צייט איז געשען אַ זאַך, פון וועל־כער מען האָט אַ לאַנגע צייט גערעדט. די איינוואוינער פון שאַ־טעל־סיסואַר האָבן, אומצופרידענע פון זייער אפּוטרופּוס, דעם גרויסן הייליקן פּאָטענציאָן, וואָס האָט זיי שלעכט באַשיצט, אים פּראָסט־פּשוט פאַר דער טיר אַרויסגעשטעלט, דערנאָך האָבן זיי גענומען אויף אַ פּרווו אַ צווייטן, וואָס האָט זיי פאַרפירט, אַ דריטן און אַזוי ווייטער, לסוף, בעת זיי האָבן שוין געהאַט אויסגע־נוצט אַ האַלב שאָק אָרטיקע הייליקע, האָבן זיי זיך אומגעקערט צום ערשטן, וועלנדיק אים אָבער טאָן צו להכעיס, האָבן זיי אים באַשטימט פאַר אַן אַפּוטרופּוס אונטערן נאָמען די הייליקע פּאָ־טענציאָנע. ווי מען שמועסט, זאָל האָבן די סגולה געראַטעוועט די לאַגע און די ניי באַשטימטע הייליקע האָט אָנגעהויבן זיך צו פירן ווי עס באַדאַרף צו זיין.

אַזוי האָבן מיר זיך חוזק געמאַכט פון דער מגפה צוזאַמען מיט זיך אַליין, און אונזער מוט איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. וועלנדיק ברענגען אַ ראיה, אַז מיר האָבן פאַר קיין זאַך קיין מורא ניט, אַז מיר פייפן אויף אַלע אָבערגלויבענישן, דאָקטוירים, בייזיצערס וכדומה, זיינען מיר צוגעגאַן צו די מויערן און דורך דעם פעסטונגס־ריוו זיך דורכגעשמועסט מיט די אַלע, וואָס דאָס מזל האָט זיי איבערגעלאָזט אויפן צווייטן ברעג. עס זיינען געווען אַזעלכע דרייסטע חברה־לייט, וואָס האָבן באַוויזן זיך אַרויסצוכאַפּן פון שטאָט אין דער שכנותדיקער קרעטשמע אריין. זיי האָבן דאָרט פאַרטרונקען דעם ענין מיט די פאַרטריבענע פון גן־עדן און זיך אויסגעפרעגט וועגן נייס ביי דער שמירה פון די וועגן, וואָס האָט אַגב ניט זייער ערנסט זיך באַצויגן צו אירע פליכטן.

פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב זיך אויך געפּלעגט אַרויסכאַפּן. האָב איך דען זיי געקענט לאָזן אין ווידל? קען מען דען אויס־האַלטן, ווען אַנדערע ווייזן זיך, מאַכן זיך פריילעך, ריידן אַרום נייס און נעמען אַביסל ווייַן? איך וואָלט געפּגרט פון קנאה. דער־

זענדיק איינמאָל אויף יענער זייט א באַקאַנטן פאַרמער פון מאַי־לי־לע־שאַטאָ, א געוויסן גראָטאָפען, בין איך אַרויס פון שטאָט און מיר האָבן צוזאַמען גענומען צו ביסעלעך. דאָס איז געווען א הויכער, ברייט־פּלייציקער, פריילעכער יונג, מיט א רויט פּרצוף, וואָס איז געווען פול מיט געזונט און כוחות. ער האָט חוזק גע־מאַכט און געלאַכט פון דער מגפה נאָך מער פאַר מיר און ער־קלערט, אַז דאָס האָבן אויסגעטראַכט די רופאים. עס גלייבט אין איר בלויז א טיפּש, און שטאַרבן שטאַרבט מען ניט פון דער מגפה. נאָר פון שרעק.

ער האָט געזאָגט צו מיר אזוי:

איך גיב דיר בחינם א וואוילע רפואה:
די פיס האַלט אין וואַרעם, דעם קאָפּ אין דער קעלט,
ניט פרעס, ווי א חזיר, ניט זויף אויך קיין וויין,
ניט קריך צו קיין מיידן אין בעט נאָר אַריין, —
וועט טויט דיך מיידן אויס אויף דער וועלט...

— די דאָזיקע רפואה איז גוט געווען אויף דער צייט פון פּעסט, דער עיקר דערפאַר נאָך, וואָס מיר האָבן משלח געווען פון שטאָט אַלע נשים, די פליי, דאָס קליינוואַרג, די קאַטשקעס, פלאָרימאָנדן און, צום באַדויערן, אויך די מיידלעך. אויף נאָרמאַ־לע צייטן האָב איך אַן אַנדערע, פריילעכערע רפואה.

ס׳רוישט אין קאָפּ ביי מיר מיט האַסט,
וואו א שענק, בין איך א גאַסט,
פול מיין בויך איז ווי א שייער,
כ׳ליב אַנעט — מאַרי איז טייער...
פרעסט דער וואָרעם אונז אין נויט,
חי־געלעבט איז ביזן טויט!

מיר האָבן שטאַרק געטרונקען, זיך געקושט אַלע ווײַלע, זיך צוגענייגט איינער צום אַנדערן און גערעדט מיט גרויס הנאה ניבול־פה. ער ווידער האָט לויט זיין מנהג מיך געקלאַפּט אין אַקסל און

נעקניפּן אין דיקן פליייש. איך האָב דערויף קיין אַכט ניט געלייגט. ליידער האָט די זאַך אויסגעזען אַנדערש אויף צומאָרגנס.

די ערשטע ווערטער, וואָס איך האָב דערהערט אין דער פרי אין וואַרשטאַט, זיינען גאָרניט געווען קיין אַנגענעמע.

— הער מייסטער — האָט מיר אַ זאָג געטאָן צום גוט-מאָרגן מיינס אַ לערן-יינגל — איר ווייסט, אַז גראָטאָפּען איז די נאַכט געשטאָרבן?

אואוף! ווי ניט היימלעך מיר איז געוואָרן! איך האָב דער-פילט אַ קאַלטן שוידער, און דערנאָך טראָפּנס שוויים אויפן שטערן. איך האָב אַ זאָג געטאָן צו זיך.

— מיין פריינד, פּוץ זיך אָפּ די שיך אין וועג אריין אויף יענער וועלט... יאָ... יאָ, שוין נאָך דיר... די מגפה וועט נאָך היינט זיך מעלדן!

איך האָב געאַרבעט אַביסל אין וואַרשטאַט, כּדי זיך צו צע-שטרייען, איר קענט אייך אָבער מאַלן, וועגן וואָס איך האָב גע-טראַכט.

— דו בּונטער אָקס... וועסט שוין זיין אָנגעלערנט אויפן גאַנצן לעבן! — האָב איך צו זיך אַ זאָג געטאָן.

מיר, בּורגונדער אָבער זיינען זיך לאַנג ניט מישב וועגן דעם, וואָס מען דאַרף טאָן און מיר בּאַשליסן שנעל בּיי יעדער גע-לעגנהייט בּאַזונדער. אויפן הייליקן מאַרטינען... איז בּיי אונז תמיד אַ גוטע מינע! לאָמיר זיך ווערן! דער שונא זיצט שוין אויפן קאַרק, ער איז אָבער נאָך הינטער די מויערן פון שטאָט. עס איז מיר אַ רגע איינגעפאַלן זיך אַריינצוכאַפּן אין דער הייליקער קאָסמעס געוועלבל (צום דאָקטאָר, פאַרשטייט זיך). איך האָב זיך אָבער שנעל צוריק געכאַפּט... צום ערגסטן איז, ווען מען הייבט אָן מיט דער געמיינער חברה. ניט קוקנדיג אויף דער שרעק, האָב איך נאָך דעם שכל ניט פאַרלאָרן, און איך האָב דעריבּער צו זיך אַ זאָג געטאָן בּזו הלשון:

— חשובער מת! די דאָקטוירים זענען טיפּשים, זיי וועלן בּיי דיר אויסנאַרן די מטבע און אַוועקפירן אין אַ שפּיטאָל פאַר פאַר-פּעסטע, וואו דו וועסט ערשט כאַפּן דאָס אמתע חולאת און...

מען וועט דיך מקבר זיין און פאַרגיסן מיט וואַפּנע. האָסט ניט ליב די ווייסע פּליסיקייט, אמת? פאַרשטאָפּ־זשע דאָס מויל! פאַר־שטייסט? זיי ניט קיין משוגענער. אויב עס גייט וועגן טויט, וועלן מיר זיך אַן עצה געבן אָן דאָקטוירים אויך! עס קען זיך דאָך אויך טרעפן, יעזוס דער האר זאָל אַ זאָג טאָן: וועסט לעבן, קאָלעבל, אַלע רופאים אויף צעפּיקעניש:

ניט קוקנדיק אויף די אַלע מעשיות, די אַלע וויצן, האָב איך פונדעסטוועגן וואָס אמאָל מער געפילט, אַז מיט מיין בויך איז עפּעס אַ ביסל... דאָסיק... ווי איך וואָלט אַ פור מיט שטיינער אַראָפּ־געשלונגען... עס האָט זיך דאָרט עפּעס גערירט, געדרייט... איך האָב זיך באַטאַפּט דאָ... דאָרט... אוואו! שלעכט... די פּעסט, די ממזורת, האָט זיך שוין אַריינגעכאַפּט אין שטאָט גופא.

דאָס ערגסטע איז, וואָס ס'איז שוין מיטאָג־צייט. איך בין געזעסן פאַר אַ גרויסן טאָפּ גוט פאַרווייסטע רויטע צוקער־ביבער און געזאַלצן חזיר־פלייש, וואָס זיינען געווען געקאָכט אין וויין (עד־היום וויין איך נאָך פון צער, ווען איך טראַכט וועגן דעם)... איך בין געזעסן, האָב געהיט עס און ניט געהאַט קיין מוט דאָס מויל צו עפענען. איך האָב מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ געטראַכט:

— שוין נאָך מיר! כ'האָב פאַרלאָרן דורכן פּלוצלונגן טויט דעם גאַנצן אַפּעטיט... ס'איז שוין דער אָנהייב פון סוף...

מען דאַרף לכל הפּחות מאַכן אין אָרדענונג די געשעפטן. אויב איך וועל זיך ערלויבן שטאַרבן אינדערהיים, וועלן די בייזיצערס די געמיינע לייט, הייסן פאַרברענען מיין הויז, כלומרשט צו פאַר־טרייבן די פּעסט. אַ שאָד דאָס הויז, איך האָב עס דאָך נאָר וואָס אויסגעבויט. סאַר אַ שלעכטע און נאַרישע וועלט דאָס איז! מען קען אַפילו ניט שטאַרבן ביי זיך אינדערהיים. איך וועל זיך אָבער אַן עצה געבן... כ'מוז זיך נאָר איילן.

איך הייב זיך אויף, טו זיך אָן די ערגסטע מלבושים, נעם מיט עטלעכע גוטע ביכלעך, אַפּאַריזמען פון גרויסע לייט, פּעטע גאַלישע וויצן, איין זאַך וועגן דעם אַלטן רוים. „קאַטאָנס גאָלדענע ווערטער" בושעס „סצענעס", זשול קאָראָזועטס „נייעם פּלוטאַרך" און פּאַק זיי איין אין אַ זאַק צו־

זאַמען מיט אַ ליכט, מיט אַ לייכטער און לעפל בּרויט. דערנאָך געזעגן איך זיך מיט די לערנייִנגלעך. פאַרמאַך די דירה און גיי זיך מוטיק צו זיך אין מיין בּיידל אין וויינ־שטאָק, וואָס ליגט ווייט הינטער דער שטאָט בּיים שליאַך, וועלכער גייט קיין בּאָמאָן. ס'איז אַ קליין בּיידל, וואָס איז צונויפגעקלאַפּט פון העלצער, וועלכע זיינען באַשלאָגן מיט ברעטער. עס דינט מיר פאַר אַ לאַגער פאַר מיינע מכשירים. איך האָב דאָ אַ אויסגע־שטאָפּטן מיט שטרוי זאַק און אַ געלעכערט בּענקל. אויב מען וועט עס פאַרבּרענען, וועט אויך קיין גרויסער היזק ניט זיין.

תיכף ווי איך בּין נאָר געקומען, האָבּן מיר אָנגעהויבּן קלאַפּן די ציין, ווי אַ קראָ מיטן שנאָבּל. עס האָט מיך גענומען שווינדלען, כ'האָבּ דערפילט אַ שטעכונג אין מאָגן, אין גאָרגל ווידער האָט מיך אָנגעהויבּן שרעקלעך שטיקן. וואָס האָט מען געזאָלט טאָן? ס'איז בּאמת שווער צו מאַכן אַ רשימה פון די אַלע העלדישע מעשים און גרויסמוט, וואָס איך האָבּ אָפּגעטאָן. ווי אַלע גרויסע לייט פון ספּאַרטע און רוים, האָב איך תחילת געקעמפט פאַר לעבּן און טויט מיט דעם אינעווייניקסטן שונא.. מיט דעם בּויך־ווייטאָג. איך בּין גע־ווען אַליין, קיינער האָט מיך ניט געזען. מיינט איר, אַז כ'האָבּ לאַנג געקענט מאַכן דעם אָנשטעל פון רעגירן אונטער די מויערן פון רוים? איך האָבּ זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן שטרויזאַק און אָנגעהויבּן כלי־פּען. איר האָט ניט געהערט. כ'האָבּ שרעקלעך געבּליפּעט...

— רבּונו של עולם! — האָבּ איך געשריען. — וואָס האָסטו זיך אָנגעזעצט אויף אַ מענטשן נעבעך, וועלכער האָט דיר קיין שום שלעכטס ניט געטאָן?... אָ... מיין קאָפּ! אָ... מיין בּויך! ווי אומ־אַנגענעם עס איז צו פאַרלאָזן די ערד אין די בּעסטע יאָרן! גייט דיר דען אין לעבּן, איך זאָל קומען צו דיר אַזוי פרי? אָאָ... מיין רוקן! פאַרשטייט זיך, אַז דיין רוף איז פאַר מיר אַ גרויסער כבוד... איך וועל דעם וויזיט פאַרשרייבּן אויף אַ בּכבוד אָרט אין מיין נאָ... אוי־וויי מיר!... נעם אָבּער אין אַכט, אַז מיר וועלן זיך סיי־ווי זען... צו וואָס־זשע איז דאָס געיעג? האַ... האַ... מיין מילץ! איך איל זיך ניט... רבּונו של עולם שפּאַר זיך ניט איין... וואָס דאַרפסטו דען מיך? איך בּין דאָך אַ נישטיק ווערעמעל... איז דען ניט בּע־

סער צו כאַפּן אַ שמועס מיט עפּעס אַ פירשט?... אויב עס קען אָבער בשום אופן אַנדערש ניט זיין — זאָל זשע דיין רצון מקויים ווערן! דו זעסט דאָך אַליין, רבונו של עולם, ווי פול ,מיט יאוש, הכנעהדיק, שטיל איך בין... צו אַלדע רוחות! עס שטעכט מיר ווי־דער אין זייט! זאָל עס די ניכפּה כאַפּן!

איך האָב זיך אויסגעשריען, און הגם די יסורים האָבן ניט אויפגעהערט, האָב איך אויסגעלאָדן אַ גרויסן סכום ענערגיע און דאָס האָט מיך באַרויקט.

— דו פאַרלירסט בלויז צייט! — האָב איך צו זיך געזאָגט— אָדער ער האָט לגמרי ניט, אָדער דאָס גייט אים בכלל ניט אָן. ס'איז אַ שאָד דעריבער די לונגען. עס וועט דיר סיי ווי קלעקן לעבן און געזונט ,ניט מער, ווי אויף אַ שעה־צוויי, צו וואָס־זשע זיי פּטרן? נוץ אויס די רעשטלעך שכל, וואָס זיצן נאָך אין דיין מוח, מחמת אינגיכן וועסטו זיך שוין מוזן מיט אים שיידן. איבע־ריקנס, שטאַרבן — שטאַרבט מען נאָר איין מאָל! שטיל, כל־זמן עס איז צייט, דיין נייגיר און די תשוקה צום ווויסן. גיב אַכטונג גוט, ווי אַזוי מען קריכט אַרויס פון דער אייגענער הויט... גיב גוט אַכטונג, מחמת דאָס וועט זיך שוין נאָכאַמאָל ניט איבערחזרן!

נאָך אַלס קינד, פלעג איך מאַכן פייפערלעך פון ווערבע און ס'איז ניט געווען קיין גלייכנס צו מיר אין קענען אָנשניצן צווייגן, אַראָפּנעמען די קאָרע און אויסשניידן לעכלעך. איצט האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז דאָס, וואָס איך האָב געטאָן מיט דער קאָרע, טוט איצט דער בורא עולם מיט מיין אייגענער הויט. ער זיצט זיך ערגעץ אינדערהייך אויף אַ צווייג און שניידט אונטער די צווייג פון מיין לעבן. אאו! ניט קיין שלעכטער שניט... די הויט רירט זיך שוין! שטייט עס דען אָבער אָן אַ מענטש אין די יאָרן זיך שפּילן אין אַזאַ קינדערשפּיל? מאַך ניט קיין פאַרגלייכונגען, מיין ברעניאָן, נאָר קוק זיך גוט צו, ווי מען מאַכט פון דיר אַ פייפער... קוק זיך צו, כל־זמן די קאָרע האַלט זיך נאָך אויפן בוים און פאַרצייכן דיי־נע באַאָבאַכטונגען.

איך האָב מיט גרויס אָנשטרענגונג דערמאָלט גענומען נאָכ־קוקן יעדן קאָרטש, יעדן שטאָך, מיט איין וואָרט יעדער סימן, יע־

דע באַוועגונג. פון צייט צו צייט האָב איך אַרויסגעגעבן אַן אומ־מענטשלעך געשריי, אין וועלכן איך האָב זיך באַמיט אָפּצושליסן די רעזולטאַטן פון די באַאָבאַכטונגען. די נאַכט איז מיר שרעקלעך לאַנג געווען, איך האָב אָנגעצונדן אַ ליכט, און עס אַריינגעזעצט אין העלזל פון אַ פלאַש. זי האָט געשמעקט מיט ווייַנפּערלעך זאַפּט, וואָס איז שוין דאָרט אָבער ניט געווען. איך וועל מאָרגן שוין אויך ניט זיין, האָב איך אַ טראַכט געטאָן, וואָס־זשע פאַר אַ ריח וועל איך נאָך זיך לאָזן?

דרייענדיק זיך אויפן שטרויזאַק, האָב איך געפּרוווט לייענען. די אַפאָריזמען פון די רוימישע העלדן האָבן אויף מיר קיין שום איינדרוק ניט געמאַכט. כאַפּט זיי דער טייוול, די טיפּשים! — האָב איך אויסגעשריען. — אַלע וועגן פירן דאָך אין שעכטהויז... האָט אַמאָל געזאָגט אַן אַלטער אָקס. ס'איז מיר ליבער מיט אייגענע ווערטער זיך צו טרייסטן, אָדער באַקלאָגן, בשעת עס נעמט מיך שטעכן! אָבער בשעת די הפסקות וויל איך אַ ביסל לאַכן!

און איך האָב גענומען לאַכן! דו וועסט דאָך ניט גלייבן, ס'איז אָבער אַן אמת. איך האָב געעפנט אונזער טייערן בושעס וויצן און די בליקן מיינע זיינען געפאַלן אויף אַזאַ אומדערהערט, פוכלע, פעט, פעפערדיק, ממזריש מעשהלע, אַז כ'האָב אַזש אַ רעווע געטאָן פון אמתדיק געלעכטער.

— לאַך ניט, בהמה! — האָב איך צו זיך געזאָגט. — ס'וועט דיר נאָך שאָדן.

איך האָב אָבער ניט געקענט אויפהערן. איך האָב געלאַכט און געלאַכט, רעווענדיק פון צייט צו צייט צו. דערנאָך האָב איך ערשט ווידער געלאַכט... אָ, ווי איך האָב עס זיך אָנגעלאַכט, ווי איך האָב עס זיך אָנגערעוועט אין משך פון איין נאַכט?

ווען ס'האָט אָנגעהויבן טאָגן, האָב איך זיך געפונען אין אַזאַ מעמד, אַז נאָר גיין און זיך לייגן אין קבר אַריין. איך האָב זיך פּשוט אויף די פיס ניט געקענט האַלטן. איך האָב אויף די קני זיך אַריינגעשלעפּט צו איין פענסטער, וואָס גייט אַרויס אויפן שליאַך. איך האָב אַ רוף געטאָן איין פאַרבייגייער מיט ממש אַ שטים פון יענער וועלט. ער האָט שוין ניט באַדאַרפט הערן קיין ווערטער,

ס'איז געוווס געוועז, ער זאל אויף מיר א קוק טאן, און ער איז א שפרונג געטאן אויף צוריק, זיך אפגעצלמט און אנטלאפן ווי א משוגענער.

ס'איז ניט אוועק קיין פערטל שעה און פאר מיין הויז איז שוין געווען אן ערן-וואך, וואס האט מיר מודיע געווען, אז איך טאר ניט איבערטרעטן די שוועל פון מיין ביידל. היות סאיז דארט קיין שוועל בכלל ניט געווען, און כ'האב לעת-עתה ניט געהאט וואס איבערצוטרעטן, האב איך זיך געהאלטן ביים געזעץ. איך האב בלויז געבעטן, מען זאל רופן מיין אלטן פריינד, דעם נאטאריוס פאיאר, מחמת איך וויל אים דיקטירן מיין צוואה. די שומרים האבן אבער זיך דערשראקן משמעות פאר מיינע רייד, מחמת זיי האבן זיך מויל און אויערן פארשטאפט.

צום גליק איז געקומען עפעס א קליינער יאט, א פאסטוך פון גענז. דער וואוילער בחור האט מיך ליב דאס לעבן, ווארעם עס איז אים אריין אין זין, ווי איך האב אים געפאקט איינמאל אויף א קארשנבוים און אנשטאט אפצושינדן פון אים די הויט, האב איך אים געבעטן, ער זאל פאר מיר אויך... קוים זיצט ער שוין אויף דער צווייג, אראפוואַרפן עטלעכע גארשטשלעך.

— הער ברעניאן! איך לויף נאכן נאטאריום! — האט ער אויסגעשריען און האט ווי א הינטל א פלי געטאן דורך די פעלדער קיין דארמעסי.

איך געדענק ניט אט וואס ס'איז געשען דערנאך. איך האב מסתמא זיך געדרייט אויפן שטרויזאק, געדעוועט, ארויסגעשטעקט די צונג, ווי א קעלבל, געקלאפט מיט די ציין... פלוצלונג האב איך דערהערט א קנאק פון א בייטש, א קלינגען פון גלעקלעך און א באקאנט, גראב קול. אהא! — טראכט איך זיך און וויל זיך אויפ-הייבן. א גאט! ס'האט זיך מיר געדאכט, אז איך טראג די קאטעד-רע פון הייליקן מארטין צוזאמען מיטן טורעם און גאנץ זאנבאר אויפן קאפ.

איך האב אבער באשלאסן מיינס אויסצופירן.

עס איז אויך געגאנגען אין אזעלכע פונקטן אין דער צוואה, וואס זאלן אן שום היזק פאר די בנים, זיין זייער נוצלעך פאר מאר-

טינעטען און קלאַטעלען. איך האָב דעריבּער אַרויסגעשטעקט דורכן פענסטער מיין קאָפּ, וואָס האָט אוודאי געוואוינט מער פון „היינ-ריכן", דעם גרויסן גלאָק פון הייליקן מאַרטין, און זיך געשאָקלט אַזוי ווי ער אויף רעכטס און אויף לינקס.

פּלוצלונג דערזע איך אויפן שליאַך צוויי באַקאַנטע, וואוילע געשטאַלטן. פּאַיאַר מיטן פּראָבּסט שאַמאַי קוקן אויף מיר און גלאָצן אויס פון שרעק די אויגן. זיי האָבּן ביידע געאיילט מיטן גאַנצן כוח פונם פערד, זיי זאָלן מיך נאָך זען אַ לעבּעדיקן. איך מוז זיך מודה זיין, אַז זייער התלהבות איז שטאַרק אָפּגעקילט גע-וואָרן, בעת זיי האָבּן מיך דערזען. זיי האָבּן מסתמא, כדי בעסער אויפצופּאַסן דאָס גאַנצע בּילד, אַ שפּרונג געטאָן דריי טריט צוריק. וועלנדיק מיר צוגעבּן קוראַזש, האָט שאַמאַי געחזרט איינס נאָך דאָס אַנדערע:

— ווי דו זעסט עס אויס! ווי דו זעסט עס אויס! נעבעך... נעבעך... בּיסט דאָך גאָר אַ מת!

ס'האָט מיך אָנגעכאַפּט אַ כעס, און איך האָב דערבּיי זיך עפּעס בּעסער אָנגעהויבּן פילן, און געענטפערט:

— אפשר וועט איר אַזוי גוט זין מיך באַזוכן אין קבר? ניין... איר האָט ניט קיין חשק?

— אָ, ניין... ניין... האָבּן ביידע אויסגעשריען מיטאַמאָל, ס'איז אונז דאָ זייער גוט!

אונטערשטרייכנדיק זייער צוריקטריט, האָבּן זיי זיך געשטעלט לעבּן וועגעלע, שאַמאַי ווידער, וואָס איז געוואוינט געווען צו ריידן מיט שטאַרבּנדיקע, האָט, שאָקלענדיק פון אומווילן מיט די לייצן, אַ פרעג געטאָן:

— נו, ווי זשע פילסטו זיך, מין טייערער?

— ווי איך פיל זיך? ס'איז גוט, אַז איך פיל זיך נאָך בכלל.

— זעסטו, ברעניאָן, וואָס אַ מענטש איז! — האָט אָנגעהויבּן דער פּראָבּסט. — דו געדענקסט, איך פּלעג דאָס תמיד טענהן. דער רבּונו של עולם אַליין איז בּלויז מעכטיק! מיר ווידרע זיינען בּלויז עפר ואפר... גאָר-ניט! היינט לעבּט מען, מאָרגן פעלט מען, היינט אויפן פערד, מאָרגן אין דער ערד. האָסט ניט געוואָלט גלייבּן, זיך

געפרייט מיטן לעבן... האָסט געטרונקען, געזונגען... און איצט, מיין טייערער, קומט אויף דיר אויך אַ סוף. גאָט רופט דיך. ס'איז אַ גרויסער כבוד, דו מוזט אָבער אהינקומען אין חתונה־מלבושים. איך מוז דיך אָפּוואַשן פון שמוץ פון דיינע זינד... גרייט זיך, זינ־דיקער!

— מיר האָבן צייט! — האָב איך געענטפערט, — וואַרט צו, פּראָבסט!

— פון וואַנען ווייסטו עס? קיין טאָג, קיין שעה אפילו...

— איז ניט... איך זאָג, מיר האָבן צייט... און אויב דער אָמ־ניבוס וועט אוועק אין הימל אַריין אָן מיר, וועל איך זיך לאָזן צו־פוס!

ער האָט אָנגעהויבן מאַכן מיט די הענט:

— ברעניאָן, פריינד טייערער! איך זע, אַז איצט נאָך אפילו האַלט דיך דער שטן פאַר דער פּאָלע. וואָס איז דאָס פאַר אַ ליצנות... וואָס ווילסטו עס נאָך האָבן פון דער וועלט? באַטראַכט נאָר, ס'איז דאָך אַלץ הבל הבלים... אייטלקייט... גאָרניט!

— דו נודעסט מיך, שאַמאַי! — האָב איך אויסגעשריען, — וואַרט, וועלן מיר ביידע צוזאַמען זיך לאָזן אויף יענער וועלט. עס וואָלט אפילו אַ סך אָנגענעמער געווען צוזאַמען, בפרט נאָך מיט דיר!

— די צייט גייט אַוועק! — האָט דער פּראָבסט אַ געשריי געטאָן הויך. — הער אויף צו טרייבן ליצנות. דער טייוול זיצט דיר שוין אויפן קאַרק! ווילסטו דען, ער זאָל דיין שוואַרצע נשמה אויפ־כאַפּן? נו, קאָלעכל, שטעל זיך אויף די קני און מאַך אַ חשבון הנפש! איך וועל מתפלל זיין... יאָ... יאָ, טו עס פאַר מיר... איך בעט דיך זייער!

— גוט! איך וועל טאָן, וואָס מען דאַרף. איך וויל דעם רבונו של עולם ניט באַליידיקן... איך מוז אָבער קודם־כל זאָגן עטלעכע ווערטער פּאַיאַרן. עס גייט אין אַ צוואה...

— וועסטו נאָכדעם זאָגן!

— ניין! פּאַיאַר איז בילכער!

— שטעלסטו דען אויפן צווייטן אָרט דאָס אייביקע גליק?

— יאָ! וואָס ס'איז אייביק, וועט ניט אַנטלויפן, און די וועלט קען דערוויַיל דער רוח כאַפּן. איך געזעגן זיך מיט דער וועלט, און די העפלעכקייט אַליין אפילו פאַרלאַנגט עס, אַז איך זאָל איר געבן אַן אַיידיענץ, אײדער איך מעלד זיך איין אין פאָדערצימער פון רבונו של עולם.

ער האָט געפּאָדערט, געשריען, געדראָט, איך בין אָבער ניט אָפּגעטראָטן. דער נאָטאַריוס האָט אַרויסגענומען די פּאַפּירן, אַ פּען און זיצנדיק אויף עפּעס אַ פּעסל, אָפּגעשריבן מיין צוואה. עס האָבן זיך צוגעהערט פאַרשיידענע פּוסט-און-פּאַסניקעס, וואָס האָבן זיך צונויפגעזאַמלט, פאַרבייגייער און היימלאָזע הינט. נאָכדעם ווי איך האָב געברענגט אין אָרדענונג די ערדישע עסקים, האָב איך געמאַכט אַן אָרדענונג מיט די גייסטיקע, און ווען אַלץ איז שוין געווען געענדיקט, האָט שאַמאַי אויפדאָסניי אָנגעהויבן זיין דרשה.

— מיין פריינד! — האָב איך געזאָגט. — דו ביסט דאָך שוין מיד. אַלץ, וואָס דו זאָגסט, איז טאַקע זייער דערהויבן און וויכטיק אָבער פאַר אַ מענטשן, וואָס איז פאַרמאַטערט פון אַ קראַנקהייט וואָלט צונוץ געקומען עפּעס אַנדערש. מיין נשמה איז גרייט זיך צו זעצן אויפן פערד. האַלטסטו דען ניט פאַר פּאַסיק צו געבן איר אַ פערד-יונגל? קריסטלעכע נשמות, זעט צו קריגן אַ פלעשל!

אָ, ווי גוט זיי האָבן מיך פאַרשטאַנען! זיי זיינען ביידע גע-ווען ניט נאָר קריסטן, קאַטוילן, נאָך דערצו נאָך בורגונדער. אָנ-שטאָט איינס האָבן זיי געבראַכט מיר דריי פלעשלעך: שאַבלי... פּאַנילי... און... איראַנסי. פון דעם פענסטער פון מיין שיף-קאַיוטע, וואָס האָט אַ ליאַדע רגע געזאָלט אויפהייבן דעם אַנקער, האָב איך אַ שליידער געטאָן די לינע. דאָס וואוילע געניז-פּאַסטוכל, וואָס האָט עפּיס גאָר קיין מורא ניט געהאַט פאַר דער מגפה, האָט צוגע-בונדן צו איר עק אַן אַלט קיישל, און איך האָב מיט די רעשטלעך כוחות אַרויפגעצויגן אויף דער דעק די לעצטע דריי פריינד און פּאַ-סאַזשירן.

איך האָב נאָכן פּראָבסטס און נאָטאַריוס אָפּפּאָר זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן שטרוויזאַק. איך האָב זיך איצט געפילט וויניקער איינזאַם. איך וועל ניט דערציילן אייך, וואָס עס האָט זיך מיט מיר

אָפּגעטאָן אין משך פון די ווייטערדיקע שעהן. איך ווייס ניט פאַר־וואָס, נאָר דער זכרון דינט מיר עפּעס ניט אויף דעם אָרט. אין נאָענטער פריינטשאַפט מיט די דריי פלעשער, אָדער ריכטיקער מיט די גייסטער, וואָס זיינען געווען אין זיי אָפּגעשלאָסן, האָב איך משמעות געוואַנדערט אויף אַזעלכע מרחקים, אַז איך האָב פאַרלאָרן וועלכע עס איז פאַרבינדונג מיט דער ערד.

האַלב נאַכט האָב איך באַמערקט, אַז איך זיץ אין מיין אייגענעם גאָרטן אויף אַ בייטל טרוסקאַווקעס און צעקוועטש מיטן הינטער־חלק די פליישיקע, קאַלטע פּרות און דערביי געקוקט אין הימל אריין, וואָס האָט זיך אָנגעזען דורך די צווייגן פון פּרוכטנבוימער. איך האָב באַוואונדערט דעם קאָנטראַסט צווישן גלאַנץ פון הימל און דעם שאָטן פון דער ערד, און די לבנה האָט געטאַרטשעט מיר איבערן קאָפּ, ווי אַ האָרן. דערלעבן האָט זיך געשוואַרצט אַ שלאַנגענקרייז פאַרפּלאָנטערטע. לאַנגע וואָרצלען פון וויינטרויבן. זיי האָבן אויסגעזען ווי ברואים פון גהינום ארויס, אָדער שלאַנגען, וואָס האָבן געלויערט אויפן זינדיקנס נשמה, בעת עס וועט פאַרלאָזן דעם גוף.

פון וואַנען איך האָב זיך דאָ גענומען, ווייס איך ניט. איך האָב מסתמא געוואָלט פאַרן טויט, לויטן מנהג פון די רוימישע העלדן, האַלטן אַ דרשה! אַ רוימער שטאַרבט ניט אויפן הינטער־חלק! *Sursum Corda!* איך האָב זיך געמוזט אויפהייבן און זיך געלאָזט זוכן צוהערער דאָרט, וואו עס וואַקסט קרויט. אמת, עס האָט נאָך קיין קעפּ ניט געהאַט... נאָר מילא... אפשר האָב איך אויך ברעה געהאַט זוכן קנאָבל. מען זאָגט, אַז אויס מאַנגל אין וויין, איז די בעסטע סגולה קעגן אַ מגפה קנאָבל.

הכלל, תיכף ווי איך האָב זיך געפונען אין גאָרטן, האָט מיך באַהערשט דער כישוף פון דער נאַכט. דער הימל האָט זיך געוועלבט איבער מיר אַזוי וואונדערלעך, ווי עפּעס אַ גרויסע קרוין פון ביימער און אויף די צווייגן האָבן געהאָנגען מיליאָנען פּרות. וואונדערלעכע שטערן, ווי גאָלדענע עפּל, האָבן זיך געצייטיקט אין עפּעס אַ האַלבשיין. די פּרות האָבן מיר אויסגעזען ווי שטערן, זיך איינגעבויגן צו מיר, געקוקט מיר אין די אויגן און געזאָגט: דו לעבסט נאָך.

שכור איינער? נו, גוט! מיליאָנען אויגן האָבן געקוקט צי איך לעב נאָך, און עפּעס אַ שטיל געלעכטערל האָט פריינטלעך געגרוישט צווישן די בּייטלעך טרוסקאַווקעס. ערגעץ אינדערהייך האָט עפּעס געזונגען... אַ שטערן, צי אַן עפּל... כ׳ווייס שוין אַליין ניט...

שלינדעלע, קינדעלע,
מאַך נאָר אַ מינעלע!
אין ד׳ערד און אין גראָז,
די וואָרצלען פאַרלאָז
לאָז זיך ניט... לאָז!
דערנאָך אינדערהויך,
די האָר צעלאָז אויך,
ביז די וואָלקענעס רויך!
שלינדעלע, קינדעלע,
וויין טרינק געשווינדעלע!
מאַך איצט אַ מינעלע!

דאָס אַלץ האָט אייגנטלעך קיין שום זין ניט געהאַט (אחוץ דער באַמערקונג וועגן וויין), אַלע צווייגן אָבער פון וויינשטאָק, פון די ביימער פון דער ערד און פון הימל האָבן זיך ריטמיש אָנ-געהויבּן וויגן און אויפגעזונגען מיט אַ כאָר:

קינדעלע!
שלינדעלע!
די וואָרצלען פאַרלאָז!...
לאָז זיך ניט, לאָז!...

עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז זיי ריידן גלייך צו מיר, איך האָבּ דעריבּער אַריינגעלאָזט די הענט אין דער פּולכיקער, פּע-טער ערד און פאַרזונקן געוואָרן, און זי האָט זיך זיך זייער פיין געעפנט אונטער מיר און מיך אַריינגענומען אין אירע אָרעמס. אין אַ ווײַלע אַרום בּין איך זיך באַקוועם געלעגן און אָנגעהויבּן זיך צודעקן מיט דער ערד, ווי מיט אַ וואַרעמער קאָלדרע. בלויז דאָס פּרצוף איז געווען אָפּן, און די שטערן האָבן זיך געשלאָסן צונויף

אין הענגלעך ווײַנטרויבן און געבליבן איבער מײַן מויל... אזעלכע געשמאקע, אזעלכע פרישע. די יולי-נאכט האָט אָנגעהויבן איצט ציען איר גרויס ליד, ווי א משוגע פעלדפערדל, ניט קוקנדיק אויף איר שוואך געזונט, און געזונגען הארט איבער מײַן אויער...

ווי ס'וואָלט זײַן עפּעס אַ סימן פון דער פײַערונג האָבן אַלע שטערן זיך פארוואנדלט אין גלעקער... דין, דין, דין, מיליאָנען גלעקער... הא... סאַר אַ וואונדערלעכע לוויה! ס'האַרץ האָט מיר געקלאַפּט, ווי א האמער, אין די אויערן האָט מיר גערוישט פון דעם קלינגען.

פּלוצלינג האָב איך דורך דער טיף פון מײַן לאָך דערזען אן אתרוג-בוים: תיכף לעבן מיר איז פון דער ערד אַרויסגעוואַקסן אַ ריזיקער פּיען פון ווײַנטרויבן... נײַן... ניט דערלעבן...! אמת.. ער איז ארויסגעוואקסן גלײַך פון מיר, פון מײַן אייגענעם בויך ארויס און צעשיקט פאַרשיידענע צווײַגלעך צום הימעל צו. ס'איז עפּעס אזוי געשען, אז ניט רירנדיק זיך פון אָרט, האָב איך זיך אָנגעהויבן איבער די צווײַגן ארויפצוכאפּן וואָס אמאָל העכער, און דערבײַ אויפן גאַנצן קול געזונגען:

דער זיידע נח איז א צדיק געוועזן,
געגאנגען תמיד פאַר גאָט נאָר אליין...
געציטערט פאַר וואַסער, ממש, ווי פײַער,
און פון עמערס געטרונקען דעריבער נאָר ווײַן!...

איך האָב אזוי אין משך פון אַ גרויסן טייל נאַכט זיך גע-מוזט ארויפכאפּן און זינגען, מחמת, ווי מען האָט מיר דערנאָך גע-זאָגט, האָב איך דורכגעזונגען עטלעכע בענדער פון כלערליי ווערק איך האָב געזונגען הייליקע און וועלטלעכע לידער, **de profundis** ווײַנאכט-לידער, **Laudate**, פאַנפאַרן, וואלסן, לידער פאר גרויסן פאָסט, קאבארעט-לידלעך, כ'האָב געפּישטשעט, געמאכט ווי אַ פליים, געפּויקט אויף אַ פּויק און געשפּילט אויף אַ טרומייט.

די שכנים זײַנען זיך צונויפגעלאָפן פון אלע זייטן, האָבן ארומגערינגלט דעם ווײַנשטאָק און גערעדט צו זיך מיט צער:

— סאַר אַ קולות! דאָס שטאַרבט קאָלעבל... קאָלעבל נעבעך... ער איז משוגע געוואָרן פאַרן טויט!

צומאָרגנס האָב איך זיך אויפגעכאַפּט אקעגן מיטאָג צייט.

איך האָט, מיינע ליבע, קיין השגה גאָר ניט, סאַר אַ תענוג דאָס איז זיך אויפצוכאַפּן אויף דער ערד, אויפן אייגענעם מיסט. אמת, עס האָט מיך נאָך שרעקלעך געשניטן אין בויך, סאַר אַ חיות ס'איז אָבער צו וויסן, אַז מען האָט נאָך אַ בויך! אָאָ... ברעניאַן טייערער בחור... איך זע, דו ביסט אַראָפּ פון וועג!... אויסגעצייכנט... אהער די צורה! איך באַטאַפּ זיך דאָס גאַנצע לייב... ס'איז דאָ... ס'איז דאָ... ס'איז דאָ!.. ווי גוט דאָס איז, וואָס אַלץ איז נאָך דאָ! אָאָ... מיין גאָרטן איז נאָך אויך דאָ? ס'קאַצל קומט! מיינע טייערע מאַלי-נעס... זיי זיינען נאָך גרין, אָבער אינגיכן וועלן זיי שוין אָנהייבן זיך גילדן.

איך האָב אָנגעהויבן פריילעך זיך צו פאַרטיפן אין רעיונות, עס האָט מיך אָבער אַרויסגעריסן פון מיינע מחשבות אַ רוף. צוויי מענטשן האָבן פון הינטער אַ מויער עפּעס געברעוועט.

— ברעניאַן... ברעניאַן! ביסט שוין געשטאָרבן?

דאָס האָבן פּאַיאַר מיט שאַמאַיען זיך צוגעהערט, צי כ'וועל ניט אַרויסגעבן קיין סימן פון לעבן, און ניט קענענדיק זיך דער-וואַרטן, שוין אָנגעהויבן לויבן מיינע מעלות טובות און זאָגן אַ שבח נאָך דעם נפטר.

איך הייב זיך פּאַמעלעך אויף... (צו אַלדע רוחות, מיין בויך!) איך הייב זיך אויף און דערנענטער זיך פּאַמעלעך צו זיי, דערנאָך שטעק איך פּלוצלונג אַרויס דעם קאָפּ און גיב אַ געשריי:

— אַ קוקו!

זיי האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צוריק:

— ברעניאַן... בחור טייערער... ביסטו ניט געשטאָרבן?

זיי לאַכן און וויינען פון שמחה, איך ווידער שטעק זיי אַרויס די צונג.

— איך לעב נאָך, ליבע מענטשן!

מאַלט אייך, אַז די אויסוואורפן האָבן מיך נאָך צוויי וואָכן צייט געהאַלט אין מיין קלאָגעדיק ביידל, ביז זיי האָבן זיך קלאָר ניט איבערצייגט, אַז כ'בין לחלוטין געזונט. איך מוז זיך מודה זיין, אַז זיי האָבן מיך ניט געלאָזט ליידן קיין נויט. איך האָב געהאַט פּיי מן סיי וואַסער (וואַסער פון נחס שטיין), און אפילו ידיעות

פון גאָר דער וועלט יעדן טאָג, מחמת זיי האָבן מיר, שטייענדיק אונטערן פענסטער, פון אַלעם דערציילט.

בשעת איך בין אַרויס, האָט שאַמאַי צו מיר אַ זאָג געטאָן:

— ברעניאָן, ווייסט ווער עס האָט דיך מציל געווען? מיין גרויסער הייליקער ראָק. דו דאַרפסט אים דאַנקען!

— מיר דאַכט זיך, אַז דריי הייליקע האָבן מיך מציל געווען... דהיינו, דער הייליקער שאַבּלי, דער הייליקער פּוי און דער הייליקער איראַנסי... איר האָט דאָך מיר אַליין געבראַכט פון זיי רפואות.

— זאָל זיין אַזוי, ברעניאָן! פאַר אָבער מיט מיר, איך מוז דיר אָן שום תירוץ באַווייזן פאַר מיין הייליקן!

— מסכים, אַבי זאָלסט מיר דערנאָך ווייזן דיינע דריי הייליקע אויך!

מיר זיינען אַוועק צום פּראָבסט און ווידער זיך געזעצט זאַלבּעדריט ביי אַ ביסל וויין.

— האַ... האַ... טייערע פריינט מיינע! — האָב איך אויסגעשריען. מיר זיצן עפּעס נענטער צו זיך, ווי יענעם טאָג, ווען איך האָב אייך געבעטן וועגן אַ פערד־יונג אויפן וועג! איר האָט דעמאָלט אפילו ניט געוואָלט מאַכן מיט מיר קיין לחיים!

— זיי מיר מוחל, מיין פריינד! — האָט זיך מודה געווען פּאַיאַר. איך האָב דיך ליב, אָבער מער נאָך זיך אַליין. דערמאָן דעם ווערטל: דאָס לייב איז נענטער ווי דאָס העמד...

— Uela culpa! Uela culpa! האָט זיך געשלאָגן אין ברוסט דער פּראָבסט... איך בין אַ פּחדן... דאָס איז שוין מיין טבע אַזאַ!

— אַך! ווי גוט דאָס איז אָבער צו לעבן, טייערע פריינד מיינע! — האָב איך אויסגעשריען מיט אַ זיפץ. מיר האָבן זיך האַרציק צעקושט און אַ זאָג געטאָן איינער צום אַנדערן:

— יעדער אָרנטלעכער מענטש האָט זיך זיינע חסרונות, ער איז אָבער אַזוי אויך אַן אוצר, אַ מתנה פון הימל, און כידוע איז דאָך: אַ געשענקטן פערד קוקט מען ניט אין די ציינער!

---

## VIII

# זי איז געשטאָרבן...

די לעבנסלוסט האָט וואָס אמאָל מער פון מיר ארויסגעשפּארט. איך האָב אָן שום מי זיך אומגעקערט צום לעבן, מיט גרויס חשק, אין דעם זייט איר אוודאי ניט מסופק. איך פיל אָבער, אַז עס איז הונדערט מאָל בעסער, פולער, זיסער, גאָלדענער, ראָזער, מערבי־קער, און עס צעגייט ממש אויף דער צונג. איך האָב געהאט אן אפּעטיט פון א מענטש, וואָס איז אויפגעשטאנען תחית המתים... אך... ווי דער הייליקער לאַזאַר האָט עס געמוזט א ביסל פּרעסן, ווען ער איז ארויס פון קבר!

איינמאָל, בעת איך האָב מיט חשק געארבעט אין ווארשטאט און דערנאָך זיך געפּרוווט אויך מאַכן אַ כוסע, ווי שמשון הגבור, מיט סיינע באקאנטע, גראד, ווען מיר זיינען אלע געווען אין דער בעסטער שטימונג, איז געקומען צו גיין עפּעס א דאָרפסמאַן פון מארלואן.

— מייסטער! — האָט ער צו מיר א זאָג געטאָן — כ'האָב נעכטן געזען אייער ווייב!

— האָ... האָ... האָסטו עס אַ ביסל הנאה געהאַט, ברודערקע!— האָב איך געענטפערט. — נו, וואָס הערט מען עס דאָרט ביי איר?

— אָט, גאָרניט... אַלץ אין אָרדענונג. מער ניט, זי קלויבט זיך אין וועג ארייַן!

— וואוהין?

— זי איילט זיך, מייסטער, צום רבונו של עולם!

— איך בין זי מיט דעם וויזיט ניט מקנא! — האָב איך

א זאָג געטאָן אין א שפּאַס: — דער הימל וועט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ גיהנום!

איינער ווידער פון די חברים האָט צוגעגעבן:

— זי גייט אַוועק, דו ביסט געבליבן! זעסט קאָלעבל, דאָס גליק גייט תמיד זאַלבענאַנד!

ווענדיק זיך צופּאַסן צו די איבעריקע (ניט קוקנדיק אויף מיין גערירטקייט) האָב איך געענטפערט:

— אויב אַזוי, לאָמיר זאָגן, ברידערלעך, אַנשיכורן, דער רבונו של עולם איז אַ גוטער, ער נעמט אַוועק די אשה ביי אַ יונג, ווען יענער ווייסט שוין ניט, וואָס מיט איר צו טאָן!

פּלוצלונג האָט דער וויין זיך מיר אויסגעוויזן עפּעס ביטער. איך האָב ניט געקענט ענדיקן דאָס גלאָז. איך האָב גענומען אַ שטעקן אין האַנט און בין אַוועק, ניט געזעגנטערהייט. זיי האָבן מיר נאָכגעשריען:

— היי... וואוהין גייסטו עס? וואָס איז דיר געשען?

איך בין שוין געווען ווייט, כ'האָב זיך געאיילט מיט אַלע כוחות, און דאָס האַרץ האָט מיר פאַרקלעמט פון יסורים. אַזוי... אַזוי! מען מעג ניט ליב האָבן דאָס ווייב, מען מעג זיך מיט איר בייסן, ווי א הונט מיט א קאַץ אין משך פון פינף און צוואַנציק יאָר... מען קען דאָך אָבער ניט פאַרגעסן, אַז מען האָט אַמאָל געלעבט צווישן זיך, געהאַט קינדער, געשאַפן א נייעם דור, געטאָן א זאַך, וואָס שטאַמט פון באַפעלן פון יענער וועלט... ניין... ניין... זי שטאַרבט... עס גייט אַוועק אַ שטיק אייגענער איך מיינער... און איצט, שטאַרקער גאָט... ערשט איצט פילט א מענטש דעם צער און עפּעס... עפּעס... ווי ליבע!

איך בין געקומען אויפן אָרט צומאָרגנס בין השמשות. פונם ערשטן בליק אָן האָב איך דערקענט, אז דער גרויסער סקולפּטאָר פון טויט האָט שוין אָפּגעטאָן דאָס זייניקע. דאָס פּנים, וואָס איז געווען דורכגעזעצט מיט טיפע רונצלען און צוגערעקט מיט פאַלבן פון הויט, האָט אויסגעזען טראַגיש. אַחוצדעם, איז געשען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט נאָך מער אונטערגעשטראָכן, אז דער טויט איז נאָענט. בעת זי האָט מיך דערזען, האָט זי מילד א פרעג געטאָן:

מיין טייערער נעבעך, האָסט זיך אוודאי שטאַרק פאַרמאַטערט... אזא מהלך רב:...

איך בין געוועזן טיף געריהרט און האָב א טראַכט געטאָן:

— אהא! שוין נאָך איר... זי איז געוואָרן מילד!...

איך האָב זיך געזעצט אויפן בעט און זי אָנגענומען פאר דער האַנט. זי איז ניט בכוח געווען צו ריידן, נאָר געדאַנקט בלויז מיטן בליק פאַר מיין קומען: וועלנדיק זי פרייליך מאַכן, האָב איך געפּרוּווט זיך וויצלען און איר דערציילט אין אַ לייכטער פאָרם, ווי די פּעסט איז צו מיר געקומען מיט א וויזיט, און ווי איך האָב דעם אומגעבעטענעם גאַסט ארויסגעשטעלט פאַר דער טיר: זי האָט וועגן דעם לחלוטין ניט געוואוסט און דאָס האָט זי אַזוי געריהרט (סאַר אַ אומפאָרזיכטיקייט אין אַנטפּלעקן געפילן), אַז זי איז שיר ניט געשטאָרבן.

ווען זי איז צו זיך געקומען, האָט זי אָנגעהויבן ריידן (געלויבט איז גאָט, זי וועט נאָך לעבן, האָב איך געטראַכט) און ס'האָט זיך איר אומגעקערט איר רשעות. זי האָט זיך געזעצט און גענומען שיטן זידל-ווערטער אויף מיין קאָפּ. זי האָט געזאָגט, אַז דאָס איז געמיינהייט פון מיין זייט, וואָס כ'האָב זי ניט מודיע געווען, אז איך האָב קיין הארץ ניט, אז איך בין ערגער ווי א הונט, אז איך וואָלט באַדאַרפט פּגרן ווי א כלב איינזאַם און פאַרלאָזן אויף א קופּע מיסט. זי איז געווען אומדערשעפּט, און איר באַסט האָט נאָך נעטאָפּלט דאָס, וואָס איר צונג האָט זיך איר געפּלאָנטערט און די ווערטער זיינען ארויסגעקומען צעדרייטע און ציטערדיקע פון איר מויל. מען האָט זי געוואָלט באַרויקן און מיר געזאָגט:

— גיי זיך! זעסט דאָך, אז דאָס שאַדט איר:. גיי כאָטש אויף א ווײַלע אוועק!

איך האָב זיך אָבער צעלאַכט און אן איינגעבויגענער איבערן בעט האָב איך א זאָג געטאָן:

— געלויבט איז גאָט! געלויבט איז גאָט! וועסט נאָך זיין געזונט... איצט וועט זיך דיר אומקערן דער הומאָר... רייד ווייטער, אַלטע... רייד!

איך האָב אַריינגענומען אין בּיידע הענט דעם טרייסלענדיקן קאָפּ

געבעך פון דער מרשעת און פון גאַנצן האַרץ איר אַ קוש געטאָן אין ביידע באַקן.

ביים צווייטן קוש האָט זי זיך צעוויינט.

מיר זיינען געזעסן אָן ווערטער אַליין, מחמת אַלע זיינען אַוועק אין צווייטן חדר אַריין, און מיר האָבן זיך צוגעהערט צום גרילן פון אַ גריל ערגעץ אין אַ שפּאַרע פון דיל. פּלוצלונג האָב איך דערפילט, אַז זי וויל ריידן:

— שטרענג זיך ניט אָן! — האָב איך אַ זאָג געטאָן — מיר האָבן פינף און צוואַנציק יאָר צייט זיך געגנוג אָנגערעדט. מיר פאַרשטייען זיך אָן ווערטער.

— איך האָב דיר נאָך קיין זאַך ניט געזאָגט! — האָט זי אַ מורמל געטאָן — איך מוז זיך מודה זיין אין אַלעם, אַניט וועל איך אין גן-עדן ניט אַריין...

— וועסט אַריין, — האָב איך פאַרזיכערט — וועסט אָן שום ספק אַריין!

— אויב איך וועל אפילו אַריין... — האָט זי זיך איינגעשפּאַרט — וועט ער מיר אויסזען ערגער ווי דאָס גיהנום! איך מוז זיך מודה זיין, אַז איך בין צו דיר, קאָלעכל, געווען שלעכט און פאַרסממט דיר דאָס לעבן...

— דאָס איז גאָרניט... דאָס איז גאָרניט! אַ ביסל זויערס דאַרף מען האָבן, אַ ביסל צום געזונט...

— ...איך בין געווען אייפערזיכטיק, קריגעריש, ברויזיק, פאַרעקשנט, תמיד אָנגעבלאָזן, איך האָב דאָס גאַנצע הויז אָנגעפילט מיט מיינע קולות... איך האָב דיר געגאָסן פעטס אונטער דער הויט...

איך האָב איר אַ גלעט געטאָן די אַקסל.

— דאָס איז גאָרניט... דאָס איז גאָרניט! — האָב איך זי פאַרזיכערט. — פעטס קומט תמיד צונויץ אונטער דער הויט, אַנב איז דער הויט אויך קיין שלעכטס ניט געשען!

— איך האָב דיך אָבער תמיד ליב געהאַט! — האָט זי אויסגעשריען.

— איך וויים וועגן דעם און האָב תמיד עס געוואוסט! —

האָב איך פריילעך געענטפערט, — יעדער אנטפּלעקט זיך די ליבע אויף זיין שטייגער. ס'איז אַ שאָד בלויז, וואָס האָסט עס ניט גע־זאָגט מיר אָפן. איך האָב זיך ניט געקענט משער זיין...

— איך האָב דיך ליב געהאַט! — האָט זי איבערגעחזרט, — דו אָבער האָסט מיך לחלוטין ניט ליב געהאַט. דערפאַר ביסטו געווען גוט, און איך שלעכט. איך האָב דיך פיינט געהאַט, וואָס דו האָסט מיך ניט ליב, און דו האָסט דיר דערפון גאָרניט געמאַכט. האָסט געלאַכט... דו לאַכסט נאָך איצט אפילו..: גאָט מיינער! וויפל איך האָב זיך עס אָנגעליטן צוליב דעם געלעכטער דיינעם! דו האָסט זיך באַהאַלטן אין דעם געלעכטער, ווי אין א אומדורכ־נעצלעכן מאַנטל, און מיין רעגן און שטורעם האָבן צו דיר קיינמאָל ניט געקענט צוקומען... ווי איך האָב עס געליטן, קאָלעכל... עטלע־כע מאָל בין איך שוין געווען נאָענט צום טויט...

— מיין טייערע! — האָב איך צו איר א זאָג געטאָן, — ביסט געווען אַן ערלעכע, טיכטיקע און געטרייע פרוי, איז עס דען נאָך ווייניק? ס'קען זיין ביסט ניט געווען יעדן טאָג ליבנסווירדיק. ס'איז דאָך אָבער ניטאָ קיין מענטש אָן חסרונות. בלויז דער בורא עולם אליין איז א מושלם בכל המעלות, אזוי לכל הפחות זאָגן די גלחים. דו האָסט מוטיק געקעמפט מיט די צרות פון גורל, זיך קיינמאָל אויפן מזל ניט באַקלאָגט, און אין שלעכטע מינוטן ביסטו תמיד געשטאַנען ביי דער זייט מיינער און אויף קיין טריט ניט אָפּגעטרעטן. דאָס איז געווען ממש הערלעך, העלדיש! לאָמיר אָבּער ניט דאגהן פאַר דעם עבר! אונזערע זכרונות זיינען ריין, מיר האָבן אָפּגעהיטן די טהרת המשפחה, מיר האָבן זיך ניט געבויגן, ניט גערופן קיין הילף און האָבן ניט קיין פלעק אויף זיך: וואָס ס'איז געשען, קען מען ניט ענדערן: דו האָסט דיין משא דערטראָגן ביזן סוף, זאָל זי איצט דער רבונו של עולם וועגן, דאָס איז זיין עובדה. דאָס גייט שוין אונז ניט אָן, מיר קענען שוין ביידע אָפּעטעמען. לאָמיר אויסגלייכן די רוקנס און זיך זעצן איבער דעם לאָך, וואָס ווערט אויסגעגראָבן אין דער ערד, וואו מיר וועלן אינגיכן רוען, כדי די הויט זיך אָפּצושיילן. **Requiescat in pace** שלום צו די מענטשן, וואָס האָבן זיך אָנגעאַרבעט אין דעם עמק הבכא!

זי האָט זיך צוגעהערט מיט פאַרמאַכטע אויגן. די הענט אירע זיינען געווען פאַרלייגט אויף דער ברוסט. בשעת איך האָב גע-ענדיקט, האָט זי אויפגעהויבן די וויעס, דערלאַנגט מיר די האַנט און דערנאָך א זאָג געטאָן:

— לייג זיך שלאָפן, מיין טייערער. וועסט מיך אויפוועקן אינ-דערפרי, וועלן מיר נאָך א שמועס טאָן.

ווי עס פּאַסט פאַר א פרוי, וואָס האָט ליב אָרדענונג, האָט זי זיך אויסגעצויגן גלייך אויפן בעט, אויסגעגלייכט די קאָלדרע, ארונטערגעצויגן אונטער זיך דאָס ליילעך ביז דער גאָמבע, אַזוי, אַז קיין פעלבל איז דערויף ניט געבליבן. זי איז געלעגן אזוי, צו-דריקנדיק דעם צלם אויף די אויסגעטריקנטע ברוסטן, מיט א פאַר-ביסענער שפּיציקער נאָז אינדערהויך, און געוואַרט א גרייטע און פאַריאָושטע.

ס'איז איר אָבער נאָך באַשערט געווען פאַרן טויט, כדי איבערצוקומען די לעצטע טהרה, א גהנום אויף דער ערד. גראָד אין דער רגע, ווען מיר האָבן געענדיקט אונזער געזעגענען זיך, איז אַריינגעפּאַלן אין חדר די באַלעבאָסטע פון הויז און ווענדנדיק זיך צו מיר אויסגעשריען:

— הער קאַליאַ!... הער מייסטער! קומט נאָר... שנעל... שנעל!

ניט פאַרשטייענדיק, אין וואָס עס גייט, האָב איך א פרעג געטאָן:

— וואָס איז געשען? הערט זייט מוחל א ביסל שטילער!

מיין אַלטע, וואָס איז געזעסן ווי אין א גרויסן אָמניבוס, וואָס האָט זיך געלאָזט אין הימלישן וועג אַריין, האָט משמעות פון איר געזעם באַמערקט עפּעס מער, מחמת זי האָט זיך אויפגעהויבן און אויסציענדיק די הענט צו דער אָפענער טיר, אויסגעשריען מיט א הויכער שטים:

— קלאָטעלע... מיין קלאָטעלע!

איצט האָב איך אויך שוין תופס געווען, מחמת איך האָב דערהערט א מוראדיק געשריי אינם שכנותדיקן צימער. איך האָב אין א שרעקלעכן מצב געפונען מיין טייער לאַרכעלע. קלאָטעלע

האָט זיך געשטיקט: די שרעקלעכע קראַנקהייט האָט אַריינגענומען אין צוואַנגען איר אָרעם העלזעלע נעבעך, און בחינם האָט זיך דאָס עופעלע באַמיט מיט די הענטעלעך לוויזער צו מאַכן דעם טויט־קנופּ. זי האָט בלויז מיט די אייגעלעך געטופן הילף און זיך געוואָרפן, ווי אַ פאַרוואונדערטער פויגל.

ס'איז געווען אַ שרעקלעכע נאַכט. היינט נאָך, הגם ס'איז שוין פינף טעג אַוועק, קען איך זיך אין דעם ניט דערמאָנען אָן אַ ציטער. אַז דערוואַקסענע מענטשן קענען ליידן פאַר עפּעס, מענטשן שטאַרקע, וואָס זיינען פעיק זיך צו פאַרטיידיקן, פאַרשטיי איך, אָבער פאַרוואָס יאָגט דאָס אומגליק נאָך קליינע שוצלאָזע באַשעפענישן? דאָס וועט פאַר מיר תמיד בלייבן אַ סוד פון יושר פון יענער וועלט.

איך בין אַ גאַנצע נאַכט אויף געווען לעבן קלאָטעלען צוזאַמען מיט דער וואוילער בעלעבאָסטע פון הויז. מאַרטינעטע איז געבליבן אין דאָרנעסי, מחמת זי האָט שוין דערפילט ווייען. פאַרטאָג האָט דאָס קינד אָנגעהויבן גוססן. מיר האָבן דעריבער אָנגענומען דעם לעצטן באַשלוס. איך האָב גענומען די קליינע אויף דער האַנט און אַ רוק אַרויס געטאָן דורכן פענסטער. ס'איז געגאַנגען אַ געדיכטער רעגן און ס'האָט געבלאָזן אַ שטאַרקער ווינט. אַ רויז אויף אַ לאַנג שטענגל האָט זיך באַמיט אַריינצורוקן אין חדר אַריין. דאָס איז אַן אָנזאָג אויפן טויט, האָב איך אַ טראַכט געטאָן. איך האָב זיך איבערגעצלמט און ניט קוקנדיק אויף דעם שלעכט״ן וועטער בין איך אַרויס פון שטוב.

קלאָטעלע איז געבליבן הענגען ביי מיר אויף דער האַנט, ווי זי וואָלט שוין האָבן געשטאָרבן. איך האָב זאָרגפול פאַרשטעלט איר קעפּעלע נעבעך. פאַראויס איז געגאַן די באַלעבאָסטע, טראָגנדיק מתנות פאַר די גייסטער. מיר האָבן איינגיכן זיך געפונען אין וואַלד ביים וועג און מיר האָבן איבערן זומפּ באַמערקט אַן אַלטע עספּע. זי האָט געהערשט אויף דעם קליינעם פּליין אַ הויכע, גלייכע, ווי אַ טורעם. מיר האָבן דריי מאָל זיך אַרומגעדרייט אַרום דעם בוים. דאָס קינד האָט געקרעכצט און געקלאַפּט מיט די ציין.

מיר האָבן צוגעבונדן צו קלאָטעלעס הענטעלע אַ בענדעלע,

דעם צווייטן עק ווידער צו א צווייג, דערנאך האט די באלעבאסטע מיט דעם אנציייניקן מויל צוזאמען מיט מיר אנגעהויבן זאגן דעם שפרוך:

אסינע, אסינע, הארינטע פיינע,
נאדיר אוועק די צינזן דיינע!
אסינע, אסינע... וויי און ווינד —
האב רחמנות אויפן קליינעם קינד!
נעם אוועק די פארשאלטענע קרענק...
אין נאמען פון הייליקן דריילינג, געדענק...
אסינע, אסינע, שפאר זיך ניט איין,
זיסטן גייט מען אין וואלד באלד אריין
זיסטן רופט מען די רוחות אראפ
זיי זאלן האקן אפ דיר דיין קאפ!

דערנאך האט די באלעבאסטע געמאכט א לאך צווישן די וואָרצלען פון בוים, אריינגעגאסן אהין א שאל וויין, אריינגעלייגט צוויי צייגדלעך קנאבל און א לעפל פעטס. דערנאך האבן מיר אנגעפילט אונזערע היטל מיט גראז און אים דריי מאל ארומגעגאנגען. דאס דריטע מאל האבן מיר אין אים אריינגעשפיגן און געזאגט אזא שפרוך:

פראש, פראשעכע, פראשענער בלאטער,
זאל ווערן געשוואלן דער האלז דיר — און פטור.

לסוף האבן מיר זיך אומגעקערט אויפן וועג, מיר האבן אויסגעזוכט א קוסט דערנער, זיך געשטעלט אויף די קני, אוועקגעלייגט דאס קינד אויף דער ערד און תפילה געטאן צום אייבערשטן הילף צוליב די דערנער, וואס האבן פארוואונדעט זיין זונס קאפ.

בשעת מיר זיינען געקומען צוריק אהיים, האט אויסגעזען, אז דאס קינד לעבט שוין ניט. פארפאלן, מיר האבן געטאן אלץ, וואס ליגט אין די מענטשלעכע כוחות.

מיין אלטע האט פאר דער גאנצער צייט ניט געוואלט אפילו הערן וועגן טויט. די ליבע צו קלאטעלען האט זי אויף דער ערד אויפגעהאלטן. זי איז געווען אין כעס, האט זיך געווארפן אין בעט און געשריען:

— איך וועל ניט גיין, איך וועל ניט גיין! רבונו של עולם, וואַרט־צו! איך מוז זיך דערוויסן, וואָס עס וועט זיין... ווי אַזוי... צי אַזוי... איך וואָלט משוגע געוואָרן פון יאוש! צי זי וועט ארויס דערפון? הא, זי וועט ארויס... איך וויל אזוי! אזוי מוז געשען... עס מוז... עס מוז! די זאך איז ערליידיקט!

די זאך איז נאָך ניט געווען ערליידיקט, מחמת אין אַ ווײַלע ארום האָבן זיך ווידער דערהערט ווילדע קולות... הא... הא... סאַר אַ קולעכל! און איך טיפּש האָב געמיינט, אַז זי לאָזט שוין ארויס דעם לעצטן אָטעם! נו, אויב דאָס האָט געזאָלט זיין די לעצטע סעריע אקאָרדן... איז דער סוף געווען ממש א גרויסארטיקער:

זי האָט וואָס אמאָל העכער געיעלהט, אז ס'איז פּשוט אומ־מעגלעך געווען זי צו הערן. איך האָב זי בּארויקט, גערעדט צו איר, ווי צו א קראַנק קינד, צוגעדעקט מיטן צודעק. זי האָט זיך ארויסגעריסן, אוועקגעשליידערט פון זיך דאָס בעט־געוואַנט און מיטן גרעסטן בּאָסט געשריען.

— אויסוואורף! מיאוסער אויסוואורף און עגאָיסט! אַ שאָד! וואָס דו ביסט כלומרשט א מאַנסביל, און ביסט אפילו ניט מסוגל אַ קינד צו ראַטעווען. פאַרשאָלטענער עגאָיסט. פאַר זיך האָסטו געפונען אן עצה... הא? דו האָסט בעסער בּאַדאַרפט שטאַרבן, ניט זי!

— ביסט גערעכט! — האָב איך געענטפערט. — ביסט פול־קום גערעכט! ווען זיין ליבער נאָמען זאָל וועלן מאכן א בייט, וואָלט איך תיכף ומיד מיין הייטל פון זיך אראָפּגעצויגן און געשיקט עס אין הימל ארײַן א מתנה, אָבער דאָס עסק, דאכט זיך, לאָזט זיך ניט מאכן. הגם מיין נשמה איז ערשט ניט לאַנג געוואָרן אויסגע־וואַשן דורך שאַמאַיען, האָט זי שוין גענוג פלעקן אויף זיך. מיר האָבן שוין ביידע שטאַרק חרובע מטלטלים, און ס'איז דעריבּער אַ סבּרא צו וואַרטן און ליידן. לאָמיר וואַרטן שווייגעדיקערהייט. אפשר וועלן מיר דורך דעם דאָזיקן קרבּן אויסבעטן רחמים ביי יעזוס דעם האַר.

זי איז אנטשוויגן געוואָרן, האָט אָנגעשפּאַרט איר קאָפּ אָן מיין קאָפּ און אונזערע געזאַלצענע טרערן האָבן זיך צונויפגעמישט.

ס'איז געוואָרן שטיל. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז עפּעס אַ שאָטן צע־לייגט זיך, ווי דאָס טרויער געוואַנט פון מלאך המותס פליגל.

פּלוצלונג איז עפּעס ליכטיק געוואָרן... דער מלאך איז פאַר־שוואונדן, ס'איז געשען אַ נס. פון וואַנען איז ער געקומען? פון הימל, פון וואַלד, צי פון יעזוס דעם האַר, דעם האַר פון רחמים, צי פון דער שרעקלעכער מאַמע ערד? צי האָבן דאָס געפּועלט די תפילות, צי דער מוראדיקער פּחד פון דער פרוי, אָדער אפשר האָט עס גאָר געשיקט דער עספּנבוים, וואָס מען האָט מפייס געווען מיט די צינזן אָדער וואָס האָט געציטערט פאַר איר קאָפּ?

מיר ווילן זיך קיינמאָל דאָס ניט דערוויסן, מען דאַרף אָבער זיין אין ניט זיכערע פאַלן פּאָרזיכטיק, און איך האָב דעריבער היים געדאַנקט אַלע כוחות, איך האָב דער גאַנצער חברה געשיקט מזל־טוב און צוגעגעבן עטלעכע ווערטער פאַר די אומבאַקאַנטע כוחות (זיי זענען אָפטמאָל די וויכטיקסטע).

א פאַקט, און דאָס איז דאָך דער עיקר, אַז פון דער מינוט אָן איז קלאָטעלען געוואָרן אַ סך לייכטער, די היץ איז אָפּגעפאַלן, און דער אָטעם האָט אָנגעהויבן פרייער דורכצוגיין דורכן העלדז.

דעמאָלט זיינען אונזערע אַלטע הערצער צעגאַנגען געוואָרן ווי פּוטער. מיר האָבן ביידע אָנגעהויבן ציען דעם ניגון

Nunc dimitte, Dominde...

און מיין מרשעת איז אַנידערגעפאַלן אויף אירע קישנס אין אָנמאַכט, בלופּענדיק פון שמחה. איר קאָפּ איז אַראָפּגעהאָנגען, ווי אַן אָפּגעהאַקטער און שווער געבליבן ליגן אויפן בעטציי.

— איצט קען איך גיין... — האָט זי אַרויסגעמורמלט. באותו הרגע איז איר בליק מוטנע געוואָרן, די באַקן זיינען איר איינגע־פאַלן, ווי עפּעס אַ פּלוצלונגער בלאָז פון אַ ווינט וואָלט איר לעבנס־פלעמל אויסגעלאָשן. איך האָב זיך איינגעבויגן איבער איר בעט, אין וועלכן זי איז שוין ניט געווען און האָב געקוקט, ווי אין גע־ווירבל אויפן וואַסער, אין חלל, וואו אין אַ רגע אַרום וועלן בלייבן פאָרמען פון לייב, וואָס פאַלט אַריין אין דער טיף, זייענדיק פאַר־לאָרן אין די צעגאָסענע קרייזן.

איך האָב איר צוגעמאַכט די אויגן, א קוש געטאָן אין וואַק־

סענעם שטערן, צונויפגעלייגט אויף די ברוסטן אירע אויסגעאַר־
בעטע הענט, וואָס האָבן קיינמאָל ניט גערוט און איבערלאָזנדיק דעם
לאָמפּ, וואָס איז אויסגעגאַנגען צוליב מאַנגל אין אייל, זיך געזעגנט
לעבן נייעם פלעמל, וואָס האָט פון איצט אָן באַדאַרפט באַלייכטן
דאָס הויז. איך האָב געקוקט אויף דעם שלאָפנדיקן קינד, בין אויף
געווען לעבן אים און געטראַכט... געטראַכט... קען מען זיך דען
אָפּהאַלטן פון טראַכטן?

IX

## דאָס פאַבּרענטע הויז.

זאָל איך פארצייכענען דעם היינטיקן טאָג? ס'איז א האַרט שטיקל פלייש און כ'האָב עס נאָך ניט געקענט פארדייען! מילא, פארפאלן! אפשר וועל איך אזוי ארום טאקע צוהעלפן דעם מאָגן!

מען זאָגט: וואָס ס'איז זומער פון הימל באַשערט, האָט פאַר לייטן א גרויסן ווערט. הא... הא! אויב אזוי, וואָלט איך שוין בּיז איצט באדארפט זיין א קרעזוס! וואָרעם א גאנצן זומער גיסט זיך מיר דער רעגן אריין אין קאָלנער. און דאָך שטיי איך פאַר אייך, מיינע ליבע, אָן א העמד און אָן שטיוול, הויל ווי א קאַטויל! איך האב קוים אויסגעהאלטן די צוויי נסיונות, אויסצוהיילן קלאַטעלעך פון איר קראנקהייט, און מיין אלטע פון די יסורים פון דער וועלט, האָבּן מיך תיכף גענומען שטורעמען די כוחות פון יענער וועלט, וואָס רעגירן מיטן מענטשלעכן גורל.

עס מוז דאָרט אוודאי זיצן אין הימל, אין איינעם פון די הויפּט-דעפּארטאַמענטן, עפּעס א משוגע׳נע אישה, וואס האט אויף מיר תרעומות. וואָס בין איך איר שולדיק? און אפשר האָט זי מיך ליב? ס'איז געווען, אז דער שלאָכט האָט זיך געענדיקט מיט מיין מפּלה. איך בין הויל ביזן לייב... און מיין גאנצע נחמה איז דאָס וואָס די הויט כאָטש איז געבליבן אויף מיר גאַנץ.

הגם מיין איינינקל איז שוין צו זיך געקומען, האָב איך זיך ניט געאיילט א היים. איך האָב עס אָפּגעלייגט פון טאָג צו טאָג און זיך ניט געקענט אלץ אָנזעטיקן מיט איר געזונט. א קינד ווערט געזונט, איז ווי ס'וואָלט א נייע וועלט זיך געעפנט. איך האָב זיך

דעריבּער ניט געריכט, כ'האָבּ בּלויז געמאַכט שפּאַצירגענג, גלייכ־גילטיק זיך צוגעהערט צו רכילותן, וואָס ווייבּער האָבּן געבּראַכט צו טראָגן אויפן מארק.

איין שיינעם פרימאָרגן האָב איך זיך אזוי צוגעהערט צו די מעשיות. אָן אייזלטרייבּער האָט געבּראַכט אַ ידיעה, אַז אין קלאַמ־סי, אין פאָרשטאָט פון בּיווראָן, איז אַ שׂרפה און הייזער בּרענען איינס נאָך דאָס אנדערע, ווי שטרוי. פון דער רגע אָן האָב איך זיך געפילט ווי אויף צעגליטע קוילן. בּחינם האָט מען מיר געזאָגט:

— בּארויק זיך! שלעכטע בּשׂורות גייען צו שנעל; די זאַך זאָל האָבּן צו דיר אַ שייכות, וואָלסטו באַקומען אַ ידיעה פון דיינע גוטע פריינד. ס'האָט דאָך קיינער וועגן דיין הויז ניט גערעדט... ניט איין אייזל איז דאָך אין בּיווראָן פאַראַן...

איך האָב ניט געקענט אויסהאלטן.

— יאָ... יאָ... מיין הויז ברענט עס... איך פיל דעם ריח.

איך האָב גענומען אין האנט דעם שטעקן און זיך געלאָזט אין וועג אריין.

— צו אלדע רוחות! — האָב איך זיך געטראַכט. — דאָס ערשטע מאָל בּין איך עס אַוועק פון קלאַמסי און ניט בּאַוואָרנט די זאכן. תמיד, בּיי יעדער מאָל זיך דערנענטערן פון שונא, אָדער אין אַן אנדער פאַל, פלעג איך זיך איבּערטראָגן אין שטח פון די מויערן פון שטאָט, אויף יענער זייט טייך מיט האק און פאַק, מזומנים, קונסטטווערק, וואָס זיינען מיין שטאָלץ, מכשירים, מעבל און כלערליי זאכן, וואָס זיינען אפשר ניט שיין, פארנעמען אַ סך אָרט, זיי האָבּן אָבּער אַ גרעסערע ווערט פאַר גאָלד, מחמת זיי זיינען אַן אנדענק פון גליקלעכע און פריידיקע מינוטן. דאָסמאָל האָב איך אלץ געלאָזט אויף הפקר...

איך האָבּ בּפירוש געהערט מיין אַלטערס געשרייען, וואָס האָט פון יענער וועלט זיך נוקם געווען פאַר מיין טיפּשות.

— דאָס איז דיין שולד, קליפּה! — האָבּ איך אויסגעשריען.— דאָס האָבּ איך צו דיר אַזוי געאײלט!

מיר האָבּן זיך אַ לאַנגע צייט געקריגט שן תחת שן (דאָס האָט בּיי מיר פאַרנומען אַ שטיק וועג — ) דערנאָך האָבּ איך בּאַמיט

זיך און זי איבערצוצייגן, אַז די שרעק איז בחינם. די מורא האָט אָבער ניט אָפּגעטרעטן, ווי אַ זלידנע פליג האָט זי זיך כסדר געזעצט אויף דער נאָז, איך האָב זי אָן אויפהער געזען, און אַ קאַלטער שווייס איז מיר אַראָפּגערונען איבערן רוקן און ברוסט אַזש ביזן בויך. איך בין געגאַן האַסטיק, כ'בין דורך די ווילִיע און אָנגעהויבן אַרויפצוגיין אויף דעם הויקערדיקן באַרג-פּאַס, ווי כ'האָב מיט-אַמאָל דערזען אַ קליין וועגעלע און דערינען דעם פֿאָטער זשאַ-זשאָ, דעם מילנער פון מוליאָ.

ער האָט מיך דערקענט, פאַרהאַלטן דאָס פערד און געגעבן אַ קנאַק מיט דער בייטש, אַ געשריי געטאָן:

— אָרעמער בחור נעבעך, איך פיל דיר האַרציק מיט!

עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז כ'האָב געקריגן אַ בריק אין סאַמע בויך. איך בין שטיין געבליבן איבערן ריוו מיט אַן אָפן מויל, ער ווידער האָט ווייטער גערעדט:

— וואוהין גייסטו? קער זיך אום, קאָליאַ. גיי ניט אין שטאָט אַריין! עס וועט דיר זיין צו אומאַנגענעם. אַלץ איז פאַרברענט און מיט דער ערד צו גלייך. ס'איז קיין זאַך ניט געבליבן!

ביי יעדער וואָרט האָט מיך אָנגעכאַפּט אַ ווייטאָג אין די קיש-קעס. איך האָב זיך געמאַכט פאַר אַ וואוילן יונג, אַראָפּגעשלונ-גען דאָס שפּייעכץ, זיך אויסגעגלייכט און אַ זאָג געטאָן:

— איך ווייס אַלץ!

— אויב אַזוי, — האָט ער איר געענטפערט — צו וואָס זשע גייסטו?

— איך וויל זען די חורבות! — האָב איך אַ זאָג געטאָן.

— איך זאָג דיר, אַז ס'איז גאָרניט געבליבן לחלוטין גאָרניט... קיין רעטעכל אפילו!

— ביסט מגזם, זשאָזשאַ! האָב איך אויסגעשריען. — ס'איז דאָך אוממעגלעך, מיינע לעריונגלעך און די וואוילע שכנים זאָלן רויק זיך צוקוקן צו דער שרפה און מיט קיין פינגער ניט רירן, ניט באַמיען זיך מציל צו זיין לכל-הפחות דאָס מעבל, די סקולפּטורן א. אז. וו ס'איז דאָך אַ פשוטע שכנישע טובה.

— די שכנים? — האָט אַ געשריי געטאָן זשאָזשאַ, דאָס האָבן דאָך טאַקע די שכנים דיינע דיך אונטערגעצונדן.

דער קלאַפּ האָט מיך צו דער רעשט דערהרגעט, ער ווידער האָט מיט טריומף אַ זאָג געטאָן:

— זעסטו, ווי דו ווייסט קיין זאַך ניט!

איך האָב ניט געוואָלט אָפּטרעטן, זשאָזשאַ אָבער, אַ זיכערער, אַז ער דערציילט מיר דער ערשטער די בייזע בשורה, האָט מיט גרויס הנאה אָנגעהויבן מיר דערציילן וועגן דער שׂרפה.

— אין אַלעם איז שולדיק געווען די פּעסט. אַלע זיינען משוגע געוואָרן. די בייזיצערס, באַאַמטע, דער פּראָקוראָר, מיט איין וואָרט די גאַנצע פאַרוואַלטונג פון קרייז האָט זיך אָפּגעטראָגן פון שטאָט, אַנטלויפנדיק פאַרן טויט. עס זיינען געבליבן שאָף אַן פּאַסטעכער און זיינען, פאַרשטייט זיך, ווי שאָף, געווען פול מיט שרעק. עס האָט זיך געטראָפן אַ פרישער פאַל פון פּעסט איבער ביוואָראַן, האָט מען תיכּף גענומען מאַכן קולות: לאָמיר פאַרברענען אַלע הייזער, וואו ס'איז געווען די מגפה! און ווי מען האָט באַ־שלאָסן, אַזוי האָט מען געטאָן. דו ביסט ניט געווען אין שטאָט, דעריבער איז דיין הייזל דאָס ערשטע אַוועק מיטן רויך. אַלע האָבן זיך ממש דערינען מוסר נפש געווען, מחמת זיי האָבן געגלייבט, אַז זיי אַרבעטן לטובת דער שטאָט. זיי האָבן איינס דאָס אַנדע־רע נאָך צוגעגעבן חשק זיך צו איילן. אַז אַ מענטש פאַרנעמט זיך צו מאַכן פון עפּעס אַ תּל, ווערט ער פּשוט משוגע, און ס'איז ניט מעגלעך אים אָפּצוהאַלטן. ווען דאָס הויז האָט געברענט, ווי אַ ליכט, האָט מען אָנגעהויבן טאַנצן אַרום דעם פייער... אַך, אַ שאָד דו האָסט עס ניט געזען! זיי זיינען משוגע געוואָרן... און דו אַליין וואָלסט אויך געווען געטאַנצט, ווי אַ משוגענער. דאָס האָלץ, וואָס האָסט געהאַט אין וואַרשטאַט, האָט געברענט מיט אַ קנאַק... מיט איין וואָרט עס איז געבליבן בלויז אַש!

— ס'האָט געמוזט זייער שיין אויסזען! — האָב איך גע־ענטפערט, — אַ שאָד, איך האָב ניט געזען!

בשעת מעשה אָבער האָב איך געטראַכט:

— שוין נאָך מיר! מען האָט מיך שוין צו דער רעשט דער־הרגעט!

איך האָב עס אָבער דעם אַלטן מילנער ניט געזאָגט.

— דו מאַכסט זיך עפּעס גאָרניט דערפון! — האָט זשאַ־זשאַ אַ זאָג געטאָן מיט אַ זויערער מינע.

דער אָרנטלעכסטער מענטש אפילו איז אַזאַ געמיינע בריאה, אַז עס טוט אים הנאה צו קוקן אויף די צרות פון אַ נאָענטן, אַבי זיך אַ ביסל צו פרייען.

איך האָב געענטפערט:

— אַ שאָד, זיי האָבן ניט געוואַרט ביזן הייליקן יאָהאַן מיט די זונענפייערן!

איך בין אַוועק צו דער שטאָט צו.

— קערסטו זיך פונדעסטוועגן אום?

— יאָ:.. זיי געזונט, זשאַזשאַ!

— אַ משונהדיקע בריאה דו ביסט!

ער האָט אַ טרייב געטאָן דאָס פערד.

איך בין ווייטער געגאַנגען, אָדער ריכטיקער, געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז איך גיי, ביז זשאַזשאַס וועגעלע איז ניט נעלם געוואָרן אויפן אויסבויג פון וועג. איצט האָב איך שוין ניט באַדאַרפט מאַכן פון זיך אַ וואַוילן יונג. איך האָב זיך געקענט אָפּגעבן די געדאַנ־קען וועגן מיין ביטער מזל... און כ'האָב זיך ניט געקאַרגט.

— איך האָב אַלץ פאַרלאָרן — האָב איך געטראַכט — ניט בלויז דאָס הויז, נאָר אויך די האָפענונג צו האָבן אַן אַנדערס, מחמת פון מיינע אָפּשפּאָרונגען, וואָס איך האָב אין משך פון יאָרן געקליבן, אַ פּרוטה צו אַ פּרוטה... איז מיר גאָרניט געבליבן. איך האָב אָבער פאַרלאָרן נאָך אַ וויכטיקערע זאַך, מיין פערזענלעכע פרייהייט. וואָס זאָל איך איצט טאָן. זאָל איך זיך אַריינציען צו איינס פון מיינע קינדער? כ'האָב דאָך געגעבן זיך אַ שבועה, כל־זמן איך וועל זיין בכוח, אויסצומיידן דאָס לעצטע מיטל, דאָס אמתע אומגליק. זיי האָבן מיך ליב און איך האָב זיי ליב... דאָס איז אמת! יעדער איינער איז אָבער מחוייב צו זיצן ביי זיך אין דעם נעסט, ס'איז דעריבער קיין חידוש ניט, וואָס יעדער פויגל דאַגהט מער וועגן

די אייער, וואָס ער האָט אַליין געלייגט, איידער וועגן דער שאָל, פון וועלכער ער האָט זיך אויסגעפּיקט. מען איז מקיים כבוד אב־ואם... דאָס איז אמת. כאַפּט אייך אָבער דער רוח מיטן כבוד אב־ואם! ס'איז אַ געמיינער סוראָגאַט. איך האָב אַליין געטאָן, וואָס איך בּין בּכוח, מיינע קינדער זאָלן מיך ניט ערלעך האַלטן. ס'איז מיר ליבּער מאַרטינעטעס און קלאָטעלעס אייגנוויליקע ליבּע.

איבּעריקנס, איך מוז זיין פריי, זיך פילן ווי אַ פריץ בּיי זיך, אַריינצוגיין און אַרויסצוגיין, ווען מיר געפעלט. איך טויג צו גאָר־ניט, בּעת כ'פיל זיך געבּונדן אוז נכנע... אָט, אַ צרה פאַר אַן אַלטן!

אַזוי האָב איך בּאַקלאָגט דעם פאַרלוסט פון מיינע ערדישע גי־טער און די גייסטיקע גיטער, וואָס זיינען מיט זיי פאַרבּונדן, און ניט געזען פאַר זיך קיין אויסוועג. פּלוצלונג האָב איך בּאַמערקט די טערעמלעך פון שלאָס קינסי, וואָס האָבּן זיך דורכגעזען דורך די צווייגן פון די בּיימער און האָב זיך דערמאָנט אָן אַלטע שניצע־רייען, וואָס איך האָב אין משך פון פינף און צוואַנציק יאָר גע־מאַכט פאַר דעם בּאַלעבּאָס, דעם וואוילן הער פולבּערט. דאָס איז געווען אַ שרעקלעכער פּרא־אדם און ניט איינמאָל האָב איך זיך אויף אים געבּייזערט. איינמאָל האָט ער מיך געהייסן קלעפּן זיינע געליבּטע אין חוהס קליידער און זיך אָדם־נאַקעט, אין כלי־זיין־זאָל ווידער האָט ער געהייסן בּיי אַלע הירשן מאַכן פּנימער, וואָס זאָלן גאָר געגוי דערמאָנען די מענער, וועלכע ווערן אָפּגע־נאַרט פון זייערע ווייבּער, וואָס זיינען בּאַקאַנט אין דער גאַנצער געגנט... מען האָט לאַנג דערפון געלאַכט. עס איז אָבער שווער גע־ווען אים צופרידן צו שטעלן. תיכף ווי איין זאַך פלעגט פאַרטיק ווערן, האָט ער שוין בּאַשטעלט אַ צווייטע, געצאָלט אָבער זעלטן־ווען. מילא, כ'בּין דאָס אייך שוין מוחל. ער האָט ליב געהאַט שיינע זאַכן, וואָס זאָלן זיין געשניצט אין האָלץ, ווי אין לייב, און די ליבּע האָט ער כמעט אויף דעמזעלבּן אופן אַנטפּלעקט.

איצט האָב איך געפונען בּיי אים אַ בּאַפרייאונג. בּשעת איך טרינק זיך, שווים איך דאָ אַרויס, און הגם דעם בּוים פון מיין עבר האָט פאַרבּרענט אַ פייער, זיינען די פּירות געבּליבּן גאַנץ

אויף א זיכער אָרט פאַר פראָסט און היץ. ס'האָט מיך אָנגעכאַפּט גרויס חשק אַריינצובייסן זיך אין זיי מיט די ציין, כדי צוריק צו באַקומען חשק צו לעבן.

אינגיכן בין איך געקומען אין שלאָס אַריין. מען האָט מיך דאָ גוט געקענט. דער באַלעבאָס איז ניט געווען, איך האָב אָבער געזאָגט א תירוץ, אַז איך וויל אַראָפּנעמען די מאָס אויף נייע סקולפּטורן, און געמאַכט א שפּאַציר איבער אַלע צימערן, וואו עס האָבן געוואוינט מיינע טייערע קינדערלעך. כ'האָב זיי שוין ניט געזען עטלעכע יאָר צייט א קינסטלער, בשעת ער פילט זיך פרוכט־באַר און גיט אַרויס די פּירות, טראַכט ניט וועגן דעם. וואָס ער האָט געשאַפן, נאָר שפּעטער ערשט...

געגנוג אָבער באַטראַכט. דער חשובער הער פולבערט האָט איין מאָל, בעת כ'האָב געוואָלט באַקוקן מיינע סקולפּטורן, מיר פאַר־ווערט אַריינצוקומען, און האָט דערביי מאָדנע געלאַכט. כ'האָב עס ניט געהאַלטן פאַר קיין עוולה. איך האָב געוואוסט, אַז ער איז משוגע און האָט ליב ווייבער. מסתמא האָט ער דאָרט עפּעס ווייבלעך. האָב איך געטראַכט, כאַפּט אים דער רוח!

איך בין אַרויף אויף די הויפּט-טרעפּ מלא שמחה, כ'האָב אָבער ניט באַוויזן צו מאַכן קיין צען טריט, ווי איך בין געוואָרן פאַרשטיינערט, ווי לוטס ווייב. די ענגלען וויינטרויבן, צווייגלעך, בינטלעך פערזשעכעס, וואָס האָבן באַצירט די אָנלענס... אַלץ איז געווען אונטערגעשניטן, אָפּגעהאַקט, א תל געמאַכט מיט עפּעס א העקל, אָדער א מעסער! איך האָב מיינע אויגן ניט געגלייבט און געשטעקט אַריין די פינגער אין די וואונדן, לעכער, און פון מיין ברוסט האָט זיך אַרויסגעריסן קרעכצן. איך בין ווייטער געגאַנגען און געציטערט ביים גערעדנק בלויז, מי יודע וואָס איך וועל זען אין די צימערן.

די חורבה איז גאָרניט געווען משיג צו זיין. אין עס-צימער, אין שלאָף-צימער, כלי-זיין-זאַל, זיינען אַלע פיגורלעך פון מעבל און שלעקלעך געווען אָן נעז, אָן הענט, אָן פיס, און אויף די פלאַכן פון קופערטס און שאַצלאַדער, אויף די ראַמען פון קאַמין און זיילן האָבן זיך אָנגעזען טיף אויסגעשניטענע אויפשריפטן, דעם באַלעבאָס

מאַנאַגראַמען, נאַרישע אַפאָריזמען און כּלערליי דאַטעס, וואָס האָבּן עדות געזאָגט וועלכן טאָג און שעה מען האָט געמאַכט דעם תּל... דעם באמת הערצאָסטראַטישן תּל.

אין דער טיף פון דער הויפּט־גאַלעריי האָט מיינס אַ הער־לעכע נימפע, וואָס איז געשטאַנען מיט איין פוס אָנגעשפּאַרט אָן דעם נאַקן פון אַ לייבּעכע, געמוזט דינען פאַר אַ ציל, מחמת זי האָט געהאַט אַ סך קוילן אין בּויך. ווי איך האָב נאָר אַ קוק גע־טאָן, האָבּן זיך אָנגעזען שניטן פון אַ האַק אָדער מעסער, לעכער, פלעקן פון טינט און ווײַן, וואָנסן, וואָס זײַנען אויסגעמאָלט אויף פרויען־געזיכטער און פאָרנאָגראַפישע שטיק, גראָב אָנגעשמירטע.

אַלץ, וואָס ס'האָט נאָר געקענט אויספּרעגלען דאָס טיפּשות פון אַן עושר אַ גאָרניט, וועלכער לאַנגווײַליגט זיך אין זײַן שלאָס, האָט זיך אויסגעלאָזט צו דער אַרבּעט פון מײַנע הענט און נשמה. ווען איך זאָל אים געווען טרעפן, מיין איך, אַז ער וואָלט קיין לעבּעדיקער פון מײַנע הענט ניט אַרויס. איך האָב געקרעכצט, גע־וויינט, געשלאָגן זיך קאָפּ אָן וואַנט, אַ לאַנגע ווײַלע ניט געקענט ריידן, און געפילט בּלויז, אַז דאָס בּלוט קומט מיר אין קאָפּ אַרײַן און די אויגן קריכן מיר פון די לעכער אַרויס. אין אַ צייט אַרום ערשט האָב איך פון מײַן פאַרקלעמטן האַלז אַרויסגעשליידערט אַ קללה. ס'איז געווען די העכסטע צייט, זיסט ווער ווייס, וואָס פון מיר וואָלט געווען.

נאָך דער ערשטער זײַנען אַוועק אַנדערע. איך האָב זיך צע־שריען ווי עס געהער צו זײַן. כ'האָב געקלאַפּט מיט די פויסטן אין דעם מעבּל, געדראָט פולבּערטן, געשיט טויטע קללות אויף דער אַרי־סטאָקראַטיע, מענטשלעכער טפשות און געמיינהייט, מיט איין וואָרט כ'האָב אָנגעמאַכט אַזאַ מהומה, אַז דער אַלטער לאַקיי אַנ־דאָש, וואָס האָט מיך געקענט און ליב געהאַט, איז געקומען און מיך געבּעטן, איך זאָל אויפהערן אויסצודריקן מײַנע יסורים אויפן קול:

— איז דען כּדאַי אַזוי זיך אויפצורעגן צוליבּ עטלעכע שטיק־לעך האָלץ? — האָט ער געפרעגט. וואָס וואָלסטו מייסטער, נאָך געטאָן, ווען ס'זאָל דיר, ווי מיר, אויסקומען כּסדר צו זײַן מיט

דעם משוגענעם? איז דען ניט בעסער זיך צו פאַרנעמען מיט דעם האַלץ, פאַר וועלכן ער האָט דיר אַגב באַצאָלט אוודאי, אַנשטאָט צו פייניקן אָרעמע קריסטלעכע נשמות, וואָס זיינען אים גאָרניט שולדיק?

— ניין... ניין, אַנדראָש! דו פאַרשטייסט מיך ניט! איך וואָלט מיט פאַרגעניגן מסכים געווען צו קריגן שמיץ פאַר שוינען דאָס האָלץ, וואָס איז אין מיינע הענט געוואָרן פול מיט לעבן. אַ מענטש איז גאָרניט, זיין ווערק איז הייליק! דער וואָס מאַכט אַ תל פון אַ אידעע, איז אַ טאָפּלטער רוצח!

איך וואָלט נאָך מאַריך געווען בלשון, כ'האָב אָבער באַמערקט, אַז מיין צוהערער פאַרשטייט קיין וואָרט ניט. איך האָב דערביי געפילט, אַז אַנדראָש האַלט מיך כמעט פאַר דעמזעלבן משוגענעם, ווי זיין באַלעבאָס. דער לאַקיי האָט מיך איידל און קוים־קוים געשטויסן צום אַרויסגאַנג.

איך האָב זיך פאַרהאַלטן אויף דער שוועל, און געוואָלט מיט איין בליק אַרומנעמען דאָס גאַנצע בילד פון חורבה, דעמאָלט איז אַנדראָש צו און מיט אַ ראַשער באַוועגונג אויסגעדרייט מיר מיין קאָפּ כמעט אינגאַנצן אויף צוריק. איך האָב די ערשטע מינוט אַ צעשראָקענער, זיך צעלאַכט דעם לאַקיי פאַר דער נאָז און בין אַרויס.

שוין אויפן וועג, האָב איך געזאָגט צו זיך אַזוי:

— איצט איז שוין אַ סוף צו אַלץ. איך האָב אַלץ פאַרלאָרן! כאָטש לייג זיך אין קבר אַריין. ס'איז מיר געבליבן שוין בלויז מיין אייגענע הויט און ביינער. יאָ, צו אַלדע רוחות... אמת, דאָס איז אָבער אויך עפּעס ווערט. איר ווייסט דאָך, מיינע ליבע, אַז אַזאַ ענטפער האָט געגעבן אַ קאָמענדאַנט פון אַ באַלאַגערטער פעסטונג, בשעת די באַלעגערער האָבן געדראָט, אַז אויב מען וועט זיך אַקעגנשטעלן, וועלן זיי אויפשעכטן די קינדער זייערע.

— שעכט אויס! מיר האָבן ביי זיך מכשירים צו מאַכן אַנדערע.

איך האָב אויך מיינע מכשירים... קיינער איז ניט בכוח זיי ביי מיר אַרויסצורייסן. די וועלט איז אַ טרוקענער מדבר, בלויז דאָ און דאָרט זעט זיך אַ קליין פּעלדל, וואָס איז פאַרזייט פון אונז.

קינסטלער. בּהמות קומען, פּרעסן אויף די געוויקסן, טרעטן מיט די פּיס די לאַנקעס, מחמת בּהמות קענען מער ווי דאָס ניט אויפ־טאָן. און מיר נעמען זיך אויפראַסניי פאַר דער אַרבּעט און דער שניט גיט כּסדר נייע תּבואה. עטלעכע זאַנגען מער, עטלעכע וויי־ניגער, אין דער שוים פון דער ערד איז פאַראַן די אייבּיקע קראַפט, וואָס דערלאָזט ניט קיין אונטערגאַנג. איך בּין די צוקונפט, מחמת איך לעבּ מיט שאַפונג, ניט מיט דעם, וואָס עס איז געווען ווען איך זאָל מיטאַמאָל דערפילן, אַז איך בּין שוין פאַרבּיי... וואָלט איך שוין ניט געלעבּט. לאָז מיך דעריבּער צורו, בּרעניאַן, מיט דיינע טענות! איך האָבּ קיין צייט ניט און נעם זיך פאַר דער אַרבּעט!

געענדיקט מיטן עבר, האָבּ איך זיך אויפגעהויבּן און בּין אַוועק שנעל צו דער שטאָט צו. אינגיכן בּין איך געווען שוין אויפן רוקן פון די בּערג, וואָס האָבּן אַרומגערינגלט קלאַמסי. איך האָבּ געפילט זיך רויק, אפילו לעבּעדיק, איך האָבּ געפּאָכעט מיטן שטעקן און געטראַכט וועגן פּראַקטישע זאַכן. פּלוצלונג איך גיבּ אַ קוק, עס לויפט צו מיר הענדרום־פּענדרום אַ קליין בּלאָנד־מענטשל און וויינט אויפן קול. איך האָבּ דערקענט מיין קליין לערניינגל, ראַ־בּינעט, וואָס מען האָט גערופן בּינעט.

דער ראָצער איז נאָך קיין דרייצן יאָר ניט אַלט געווען און גאָרניט געווען קיין גרויסער מתמיד. אין וואַרשטאַט פלעגט ער געוויינטלעך נאָכקוקן ווי פליגן פליען, און זיך ניט אומגעקוקט אויף דער אַרבּעט. דערבּיי האָט ער אַ סך ליבּער געהאַט צו זיין אויסערן וואַרשטאַט, מאַכן קאָזשעלקעס, אָדער קוקן אויף מיידלערישע ליד־קעס, וואָס ער פלעגט זען אין גאַס. צוואַנציק מאָל אַ טאָג פלעג איך אים דאַרפן זאָגן מוסר. ער איז אָבּער געווען פלינק ווי אַ מאַלפּעלע, די פינגער זיינע האָבּן זיך באַוואויגן אַזוי בּליצשנעל, אַז ער האָט געקענט ווערן אַ פּעיקער אַרטיסט. ניט קוקנדיק אויף אַלע זיינע חסרונות, האָבּ איך ליבּ געהאַט דאָס לעבּן זיין ערלעך, אָפן פּנימל, זיינע קליינע מייזן־ציינדלעך, דאַרע בּעקעלעך, כּיטרע אייגעלעך און פאַרריסן נעזל. ער האָט געוואוסט דערפון, דער לאָ־בּוז. איך האָבּ דעריבּער געמוזט זיך געזונטערהייט דראָעען מיט דער פויסט און שיטן דונערן. ער האָט תּמיד געפלעגט בּאַמערקן דעם

שמייכל, וואָס איז געווען פאַרבאָרגן אין יופּיטערס אויגן. בעת איך האָב אים געפּלעגט אויסזידלען, האָט ער זיך רויק אָפּגע־טרייסלט, ניט גענומען די דראָונגען צום האַרצן, און אין אַ ווײַלע אַרום ווידער אָנגעהויבן זײַנע הינטישע שטיק. ער איז געווען אַ פולקומער גאַרנישט.

איך האָב זיך דעריבער ניט געקענט אָפּחידושן, וואָס ער האָט, ווי טרוטאָן, געשפּריצט מיט טרערן, גרויס ווי באָרן, מיט טרערן, וואָס האָבן זיך געגאָסן ווי אַ קאַסקאַד פון די אויגן און נאָז. ער איז צוגעלאָפן, זיך אַ וואָרף געטאָן אויף מיר, גענומען קושן, וואו ער האָט נאָר געקענט דערגרייכן. ער האָט זיך באַגאָסן מיט טרערן און פאַרטײַבט מיך מיט זײַן ממש קעלבערן געהעש. ניט וויסנדיק אין וואָס עס גייט, האָב איך אַ פרעג געטאָן:

— נו... נו... וואָס איז עס דיר? לאָז מיך אָפּ! איידער מען קושט, דאַרף מען פריער די נאָז אָפּווישן...

אָבער אָנשטאָט זיך צו באַרויקן, האָט ער מיך ווײַטער גע־האַלטן, ווי אַ שפּיץ פון אַ בוים, דערנאָך האָט ער זיך מיר אַראָפּ־געלאָזט ביז די קני, צו די פיס און וואָס אַמאָל העכער געכליפּעט. איך האָב דערפילט אַן אומרו.

— טייערער בחור! — האָב איך אַ זאָג געטאָן האַרציק. — הייב זיך אויף פון דער ערד און זאָג, וואָס עס ליגט דיר אויפן האַרץ!

איך האָב אים גענומען פאַר דער האַנט, אויפגעהויבן... נו, נו... קוים שוין אויפגעשטאַנען אַמאָל. איך גיב אַ קוק, איין האַנט איז אַרומגעוויקלט מיט אַ ברודיקער שמאַטע, דורך וועלכער ס׳זאַפּט זיך דורך בלוט. די מלבושים צעפליקט, און די ברעמען אינגאַנצן פאַרברענט.

פאַרגעסן וועגן מײַן ענין, פרעג איך:

— ווי איך זע, האָסטו שוין אָפּגעטאָן אַ שטיקל אַרבעט!

ער האָט אַ לאַנגן זיפץ געטאָן...

— אך, מייסטער.. כ׳האָב אַזעלכע עגמת-נפש! — האָט ער אַרויסגעשטאַמלט.

איך זעץ אים אַוועק לעבן זיך איבערן ריוו און מאַך צו אים:

— רער־זשע שוין אמאָל, ווי א מענטש!

פלוצלונג האָט ער א געשריי געטאָן:

— אלץ איז פארברענט!

און א שטראָם טרערן האָט זיך ווידער א גאָס געטאָן פון זיינע אויגן. איצט האָט איך סוף כל סוף פארשטאנען, אז דאָס האָט אים מיין היזק אריינגעבראַכט אין אזאַ יאוש און אַ גרויס לייטזעליקייט האָט אָנגעפילט מיין הארץ. איך האָב גאָר קיין ווער־טער ניט זי אויסצודריקן.

— בחור... צוליב דעם וויינסטו? — פרעג איך.

מיינענדיק, אז איך פארשטיי ניט, האָט ער א זאָג געטאָן נאָכאמאָל.

— דער וואַרשטאַט... דער גאַנצער וואַרשטאַט איז פארברענט!..

איך וויים, איך וויים! כ'האָב זיך שוין דערוואוסט! אלע ווייַלע דערציילט מיר עמעץ אַנדערש... הא, מילא... אַן אומגליק און פּטור!

ער האָט אויף מיר א קוק געטאָן און כ'האָב באַמערקט, אז ס'איז אים לייכטער געוואָרן.

— איז דיר א שאָד דאָס שטייגל, קליינער טשיזשיק, און איינזיצן דאָרט האָסטו ניט געקענט... עי... דאָך האָט מען מיר דער־ציילט, אז האָסט צוזאמען מיט אנדערע געטאַנצט ארום דעם פייער...

איך האָב אליין אויך דערינען ניט געגלייבט...

ער איז שרעקלעך אין כעס געוואָרן.

— א ליגן! שקר וכזב! ווער האָט עס געזאָגט? — האָט ער אַ געשריי געטאָן אויפן גאַנצן קול. — איך האָב זיך מיט זיי געשלאָגן! מיר האָבן ביידע געטאָן. וואס מיר האָבן נאָר געקענט אָפּצוהאַלטן די שרפה, מיר זיינען אָבער געווען בלויז זאַלבעצווייט. קאקעט איז געווען זייער קראַנק (דאָס צווייטע לערניינגל), איז ער פון בעט ארויסגעשפּרונגען און ניט קוקנדיק אויף דער היץ זיינער איז ער ארויס אין הויף אריין און פארשטעלט מיט זיך די טיר. ווי אזוי האָלט מען אָבער איין א מתנה צעיושעטע אָקסן? זיי זיינען אריבער איבער אונז, געטראָטן מיט די פיס, מיר האָבן זיך געשלאָגן.

געביסן, געשריען, זיי זיינען אָבער געגאַנגען ווי וואַסער, ווען מען לאָזט אָפּ די שלוזע. קאַקעט האָט זיך אַ ריס געטאָן, זיי נאָכגעלאָפן און דערלאַנגט מיט אַ דראָנג איבער די פּלייצעס. מ'האָט אים שיר ניט געממיתט. בעת ער האָט געקעמפט, האָב איך זיך אַרונטער־געגליטשט אינם ברענענדיקן וואַרשטאַט... רבונו של עולם... סאַר אַ פייער! אַלץ איז מיטאַמאָל אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון די פלאַמען. דער רויך און די רויטע פייער־צונגען האָבן אָנגעפילט דעם גאַנצן אינווייניק. איך האָב געוויינט, געהוסט, עס האָבן אָנגעהויבן אויף מיר זיך צונויפדרייען די מלבושים. איך האָב זיך אַ זאָג געטאָן: ראַבין וועסט זיך אָפּבאַקן אין דיין אייגן פעטס! נו, מיר וועלן זען! איך האָב זיך געטאָן אַ פאַרמעסט און... האָפּ! איך בין אַריבער־געשפּרונגען דאָס פייער, ווי די יאָהאַן־פייערן און בין געפאַלן אויף אַ קופּע שפּענער. איך האָב זיך אָבער צעקלאַפּט דעם קאָפּ און דערפילט אַזאַ קאָפּשווינדל, אַז איך בין אַ ווײַלע געבליבן ליגן אָן באַוועגונג. איך האָב געהערט אַרום זיך דאָס זידן און קנאַקן פון פייער און דאָס געזאַנג פון די משוגעים, וואָס האָבן געטאַנצט אַרום דעם הויז. איך באַמי זיך אויפצוהייבן, פאַל אָבער ווידער, לסוף באַמערק איך אייער, מייסטער, באַליבטע הייליקע מאַגדאַלענע, די קליינע, פּיצעלע, נאַקעטע, וואָס איז בלויז צוגעדעקט מיט עטלעכע האָר, אַזאַ דיקינקע און אַזאַ שיינע. אַ פלאַם־פייער האָט זי שוין אָנגעהויבן לעקן. איך האָב אַ געשריי געטאָן: וואַרט! ניט וויסנדיק שוין וואָס איך טו, בין איך צוגעשפּרונגען, אָנגעהויבן מיט די הענט לעשן אירע ברענענדיקע פיסלעך, זי אַרומגעכאַפּט מיט מיינע הענט... אויף מיין נאמנות, כ'האָב זי געקושט, צוגעדריקט און געזאָגט מיט אַ געוויין: איך וועל דיך ניט געבן, איך וועל דיך ניט געבן! האָב ניט קיין מורא, דו וועסט ניט פאַרברענט ווערן, איך גיב דיר מיין וואָרט! אָבער דו העלף מיר אויך מאַדלאָן, און מיר וועלן זיך ביידע ראַטעווען!

ס'איז ניט געווען קיין צייט צו פאַרלירן, מחמת...בום... ס'איז געטאָן אַ קנאַק אַראָפּ דער פּאָלעפּ. איך האָב זיך שוין ניט געקענט אַרויסכאַפּן דורך דעם אַריינגאַנג. איך האָב אָבער דערזען פון דער־ווייטנס דאָס קיילעכדיקע פענסטער, וואָס גייט אַרויס צום טייך.

איך האָב מיט דער פויסט אויסגעהאַקט אַ שויב און בין מיטן קאָפּ אַרויסגעקראָכן. ס'איז פּונקט געווען אָרט פאַר אונז ביידע. בומכ! איך בין גלייך אַריינגעפאַלן אין וואַסער אַריין און זיך אָנגעשלאָגן מיטן קאָפּ אָן דעק ביוראָן. צום גליק איז ער געווען ווייך, האָב איך בלויז אָנגענומען אַ פול מויל מיט שליים, מאַגדאַלענאַ אָבער איז אַרויס אָן שום שאָדן. מיט מיר איז געווען אַ ביסל ערגער. איך האָב זיך שרעקלעך איינגעשמירט, אָנגעטרונקען מיט וואַסער, און ביז איצט קריצט מיר נאָך דאָס זאַמד אין די ציין.

איבּריקנס, ווייטער איז ניטאָ וואָס צו דערציילן, מיר זיינען ביידע גאַנץ! זייט מיר מוחל, מייסטער... זייט מוחל פון טיפן האַרץ, איך האָב געוואָלט מציל זיין דעם וואַרשטאַט, און ניט געקענט!

ער האָט אָנגעהויבן אויפוויקלען די שטיקער ווערסטל, אַרויסגענומען מאַדלאָן און געוויזן מיר אירע אָפּגעשרפעטע פיסלעך. ער האָט געלאַכט דערביי מיט אַ מאָדנע, אומשולדיקע קאָקעטישקייט. מיך האָט אָבער אָנגעכאַפּט אַזאַ גערירטקייט, אַז כ'האָב זיך צעוויינט. דאָס, וואָס מיין ווייבס טויט, קלאָטעלעס קראַנקהייט, דער תל פון מיין פאַרמעגן און דאָס חרוב מאַכן מיינע סקולפּטורן האָט ניט געקענט אויפטאָן, האָט אויפגעטאָן דעם יאַמלס טאַט.

איך האָב לאַנג געקושט ראַבּינעטן מיט מאַגדאַלענען, און דערנאָך אַ פרעג געטאָן:

— און קאָקעט?

— קאָקעט איז געשטאָרבּן פון צער!

איך האָב אַנידערגעקניט אויפן וועג, אַ קוש געטאָן די ערד און אַ זאָג געטאָן:

— איך דאַנק דיר, בחור!

איך האָב אַ קוק געטאָן אויפן קליינעם יאַט, וואָס האָט איינגעטולעט די פיגור אין די פאַרוואונדעטע אָרעמס און ווייזנדיק אויף אים אָן מיטן פינגער, האָב איך אַ זאָג געטאָן צו די הימלען כהאי לישנא:

— אָט איז דאָס שענסטע ווערק מיינס... איך האָב אויסגעשניצט די נשמות. קיין זאַך וועלן זיי ביי מיר ניט אָפּנעמען. זאָל בּרענען דאָס האָלץ... ס'איז מיין!

## X

# די מרידה.

ווען איך האָב זיך אַ ביסל באַרויקט, האָב איך אַ זאָג געטאָן צו ראַבינעטן:

— גענוג! וואָס עס פאלט פון מויל ארויס... איז שוין אויף תמיד אויס... — לאָמיר זיך באַחשבונען, וואָס מיר האָבן ווייטער צו טאָן?

איך האָב אים געהייסן דערציילן קורץ און שאַרף, וואָס עס איז געשען אין שטאָט אין מיין אָפּוועזנהייט, דאָס הייסט אין משך פון פערצן אָדער צוואַנציק טעג. די געשיכטע פון נעכטיקן טאָג, איז געשיכטע פון אלטערטום, דער עיקר איז צו וויסן די לאַגע פון איצטיקן מאָמענט. איך האָב זיך דערוואוסט, אַז אויף קלאָמסי איז אויסגעגאָסן געוואָרן דאָס אומגליק פון פעסט און שרעק. אָדער ריכטיקער כמעט אויסשליסלעך פון שרעק, מחמת די פעסט האָט משמעות זיך געזוכט אַן אנדערן אָפּעראַטיוון שטח. זי האָט איצט אָפּגעטרעטן איר אָרט גייערס, וואָס פרעסן נבלות, און קומען זיך פון אלע זייטן צונויף, צוגעצויגענע פונם ריח פון פוילן. אנדערע פייגל, צעשראָקענע, הונגעריקע, האָבן זיי ניט פאַרווערט דעם צוטריט, אָדער געשמיסענע דורך דער רוט פון פחד, געטאָן דאָס אייגענע. פוסט-און-פאַסניקעס און כל המינים אויסוואורפן האָבן אלץ באַהערשט און ארויסגעריסן ביי דער פעסט די רויב פון די נעגל, געזעצן האָבן אויפגעהערט צו עקסיסטירן. די, וועמען מען האָט איבערגעגעבן די שמירה איבער זיי, זיינען זיך צעלאָפן היטן זייערע אייגענע פעלדער און וויינגערטנער. פון אונזערע פיר בייזיצערס איז איינער געשטאָרבן, צוויי האָבן עוקר

געווען, און דער פּראָקוראָר... האָט זיך אָפּגערוקט אויף אַן אַנדער פּראָנט-שטח. דער קאַשטעלאַן פון שלאָס איז געווען אַ טיכטיקער מענטש, נאָר אַ זקן און אַ פּאָדאַגריקער, דערצו האָט ער געהאַט פאַרלאָרן איין האַנט, די פיס זיינען ביי אים געווען געשוואָלן, און אַ מוח האָט ער געהאַט פון אַ קאַלב. ס'איז געבליבן בלויז איין ראַטמאַן ראַקען, קומענדיק זיך אָבער צונויף פּנים אל פּנים מיטן צעיושעטן המון, האָט ער, אויס פּחד און מאַנגל אין מוט, ווי אויך צוליב רמאות, אָנשטאָט צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד, געהאַלטן פאַר פּאַסיק אָפּצוטרעטן און זיך אפילו צו פאַראייניקן מיט דער מער-הייט. מיט איין דריי האָט ער איצט געקענט שטילן זיינע אַלטע תרעומות און ווענדן די אונטערצינדער אין דער זייט פון די, וואָס זייער גליק האָט אים געשטאָכן אין די אויגן. ער האָט זיך נוקם געווען, דאָס איז קלאָר, איך האָב אים גוט געקענט און דאָס האָט מיר קלאָר געמאַכט דעם ענין, פאַרוואָס מיין הויז איז דאָס ערשטע געפאַלן אַ קרבן. איך האָב אַ פרעג געטאָן דאָס יאַטל:

— וואָס טוען די שטאָט-לייט?

— זיי וואַרטן מיט אָפענע מיילער, וואָס דער גורל וועט זיי ברענגען — האָט בינעט געענטפערט — דאָס איז אַ טשערערע שאָף. זיי זיצן אינדערהיים, און ריכטן זיך אויפן קצב. עס האָט אויסגעפעלט פאַסטעכער מיט הונט, ווייסן זיי שוין ניט וואָס צו טאָן.

— נו... טייערער בחור... און איך בין ניט קיין הונט? וואָס זאָגסטו דערצו? צי האַלטסטו, אַז די ציין מיינע זיינען שוין שטומפּיק געוואָרן? מיר וועלן אַ פּרוו טאָן!

— מייסטער! איין הונט וועט זיך קיין עצה ניט געבן!

— איך וועל פּרוון... פּרוון!

— זיי וועלן אייך אריינכאַפּן אין זייערע נעגל, מייסטער-לעבן.

— מילא איז וואָס? איך האָב גאָרניט... איך פייף אויף אַלע. זוי זיי וועלן עס דערפרייען דעם טייוול, וואָס האָט אויף דער על-טער אַ פליך געקריגן... האַ?

ער האָט אָנגעהויבן טאַנצן.

— האַ, האַ, האַ... שוין איינמאָל אַ העצע... טראַ ראַ ראַ...
טראַ, ראַ ראַ... האָפּ, האָפּ, שופּ, האָפּ... שופּ! ער האָט מיט די אָפּגע-בריטע הענט געפּאָכעט אין דער לופט, זיך געכאַפּט פאַר די זייטן און געטאַנצט, ווי אַ מטורף.

איך האָב געמאַכט אַ בייזע מינע.

— דו מאַלפּע מיאוסע... איצט איז אַ שעת-הכושר צום טאַנצן, צו שפּרינגען פון איין בוים אויפן אַנדערן. שטיל זיי און הער זיך צו מיט קאָפּ, וואָס איך וועל דיר זאָגן.

ער האָט זיך צוגעהערט מיט אַ צעפינקלטן בליק.

— אין אַ מינוט אַרום וועסטו שוין ניט לאַכן. איך ערקלער, אַז איך גיי תיכף ומיד און דערצו איינער אַליין קיין קלאַמסי.

— און איך?

— דו וועסט גיין, אַלס מיין שליח-מיוחד קיין דאָרנעסי און זאָגן דעם מאַגיסטער ניקאָל, איינעם פון אונזערע בייזיצערס, אַז מאָרגן וועלן זיך צוכאַפּן גנבים צו זיין קעלער. ער איז אַ מענטש מיט שכל, האָט אַ גוט האַרץ, נאָך בעסערע פּיס און האָט ליבער זיין פאַרמעגן פאַר דער אייגענער הויט. פון דאָרט וועסטו אַוועק קיין סאַרדי או זזאָגן דעם הער פּראָקוראָר ווילהעלם קורטיניאָן, אַז היינטיקע נאַכט וועט מען אָן שום ספק אונטערצינדן, חרוב מאַכן באַגנבענען זיין הויז א. א. וו., אויב ער וועט ניט קומען תיכף אַ היים. איך דאַרף דאָך דיר ניט זאָגן, וואָס דו האָסט צו ריידן, וועסט שוין אַליין אויך טרעפן צו זאָגן ליגן... אמת?

דער בחור האָט זיך אַ קראַץ געטאָן הינטערן אויער און אַ זאָג געטאָן:

— ס'איז פאַרשטייט זיך אַ לייכטע זאַך, איך... וויל אייך אָבער ניט פאַרלאָזן, מייסטער.

— איך פרעג דיך דען, וואָס דו ווילסט, אָדער ווילסט ניט? איך וויל אַזוי און פּטור! דיין זאַך איז צו הערן!

ער האָט זיך אָנגעהויבן אַרויסצודרייען.

— גענוג! — האָב איך אַ געשריי געטאָן.

עס האָט אים באַאומרויקט, וואָס ס'וועט זיין מיט מיר.

— איך פאַרווער דאָך דיר ניט צוצואיילן זיך. ערלעדיק דעם

ענין און קער זיך אום אַהיים: דער בעסטער אופן פון הילף איז אַראָפּצוברענגען כוחות.

— איך פלי פייל פון בויגן, ווי א גײַעג-פערד! — האָט ער א געשריי געטאָן דער יאַט. — איך וועל לויפן מיט הענט און פיס און לייב און לעבן און ברענגען צו שלעפּן קורטוניאָנען מיט ניקאָלן, איך זאָל זיי אפילו דארפן אלע האָר פון קאָפּ און באָרד אויסרייסן.

ער האָט זיך גערירט מיט אַ שפּרונג פון אָרט, זיך אָער פּאַר־האלטן און אויסגעשריען:

— מייסטער! זאָגט מיר כאָטש, וואָס איר ווילט טאָן?

מאכנדיק אן ערנסטע, סודותפולע מינע, האָב איך געענטפערט:

— עפּעס אומגעווינלעכס!

איך האָב די קלענסטע השגה ניט געהאַט אין דער מינוט, ווי אַזוי זיך צו נעמען פאר דער אַרבעט.

* *

*

איך בין געקומען אין שטאָט אריין ארום אכט אין אָוונט. די זון איז געהאַט אונטערגעגאַן, און גאָלדענע כמאַרעס האָבן זיך נאָך דורכגערוקט איבערן מערבדיקן הימל. ס'האָט ערשט קוים אָנגעהויבן צו ווערן נאַכט. א וואונדערשיינע נאַכט, ס'איז אָבער ניט געווען ווער ס'זאָל פון איר געניסן. ביי דער בראָם האָב איך ניט געטראָפן קיין איין שוֹמר, קיין איין שלעפער אפילו. איך בין אריין, ווי אין אן אָפענעם שייער. אויף דער הויפּטגאַס האָב איך געטראָפן א קאַץ בייסן א לעבל ברויט. בעת זי האָט מיך באמערקט האָט זי זיך אָנגעשפּיצט, א שנויב געטאָן און דערנאָך אנטלאָפן. די הייזער האָבן פארמאכט די אויגן, זיינען בלינד געוואָרן, פארגליווערט, אויסגעלאָשן. קיין איין קלאַנג פון אַ שטים איז פון ערגעץ ניט דערגאַנגען.

— אלע זיינען אויסגעשטאָרבן! איך בין געקומען צו שפּעט! האָב איך צו זיך א זאָג געטאָן.

בינו לבינו האָב איך דערהערט א שאָרך הינטער די לאָדן. מען האָט מיט איין אויער זיך צוגעהערט צום אָפּקלאַנג פון מיינע טריט. איך האָב דאַן א געשריי געטאָן:

— עפּענען!

קיינער האָט זיך ניט קיין ריר געטאָן. איך בין צו צו א צווייט הויז. כ'האָב געקלאַפּט מיט דער האַנט, מיט דער קני, מיטן שטעקן. מ'האָט ניט געעפנט. איך האָב נאָר געהערט פון אינעווייניק עפּעס א מין קראַצן פון מייז.

איצט האָב איך אלץ פארשטאַנען.

— אהאַ! זיי זיצן ווי די מערמלטירן אין די לעכער! וואַרט, איך וועל אייך אויסהאָבן, שוטים! צו אַלדע שוואַרץ יאָר!

איך גיי אין ביכער-לאַגער און קלאַפּ אין טיר, ווי אין א פּליך אריין, און טרומייטער דערביי:

— היי, דו אלטער חמור, פריינד דענים סאלסיי... עפן אויף! אַ ניט וועל איך אַלץ אויף פּיץ-פּיצלעך צעברעכן. עפן, טיפּש איינער דאָס בין איך, קאַליאַ ברעניאָן!

די ווערטער האָבן ניט באוויזן אָפּצוהילכן, ווי אַלע לאָדנס פון די הייזער האָבן ווי דורך אַ כישוף-שטעקעלע זיך געעפנט, דערנאָך די פענסטער און איך האָב פּלוצלונג דערזען ווי לאַנג די גאַס איז אַ קאָפּ לעבן אַ קאָפּ, די צעשראָקענע פּרצופים פון מיינע ליבע שטאָט-לייט. זיי זיינען געשטאַנען איינס לעבן דאָס אנדערע, ווי עפּעלעך אויף דער קעלער-פּאָליצע.

זי האָבן געקוקט אויף מיר... געקוקט... געקוקט... איך האָב גאָר-ניט געוואוסט, אז כ'בין אזא שיינער...איך האָב זיך דערמאָלט אַ קלאַפּ געטאָן אין בייכל. ביי דעם האָבן אַלע פּנימער פּלוצלונג אָנגעהויבן שיינען, און דאָ און דאָרט האָט אפילו א פויגל געטאָן א שמייכל.

— זיי האָבן מיך ליב, די שוטים! — האָב איך א טראַכט געטאָן, ניט קוקנדיק דערויף, וואָס ניט די ליבע, נאָר מיין אנוועזנהייט האָט זיי צוגעגעבן אין דער מיגוט מוט און אויסגעלייטערט זייערע פּנימער.

עס האָט זיך אָנגעהויבן ברעניאָנס א שמועס מיט די געגנ:.

יי גענז האָבן אַלע מיט אַמאָל אָנגעהויבן שרייען, און איך אַליין האָב געמוזט ענטפערן.

— פון וואַנען קומסטו? וואָס האָסטו געטאָן? וואָס האָסטו געזען? וואָס האָסטו ברעה? ווי אַזוי האָסטו געקענט קומען אין שטאָט אַריין? ווי אַרום קען מען אַנטלויפן?

— סטאָפּ! — האָב איך אַ געשריי געטאָן. — גענוג! איך זע, מ'האָט די ביי אייך די צונגען ניט אָרויסגעריסן... דאָס איז גוט... אַ שאָד אָבער, וואָס די נשמות אייערע זיינען אייך אַריין אין די תחתונים. וואָס זיצט איר אין די לעבער, אַרויס אויף דער וועלט, די נאַכט איז אַ הערלעכע. מען האָט ביי אייך צוגענגבעט די הויזן מיט די קליידלעך?

אָנשטאָט צו ענטפערן, האָבן זיי אַ פרעג געטאָן:

— ברעניאַן, זאָג, ווען האָסטו געטראָפן אויף די גאַסן?

— וואָס וועל איך אייך דערציילן וועגן די גאַסן, אַז איר זיצט אין אייערע נעסטן?

— האָסט אוודאי געטראָפן פאַרברעכער?

— זיי רויבן און ברענען...

— וואו אַזוינס?...

אין באַיאָן!

— לאָמיר זיי גיין כאַפּן!

— מיר ווילן בעסער היטן די הייזער.

— צומבעסטן היט יעגער זיין הויז, וואָס שיצט דאָס הויז פון זיין שכן.

— יעדן איז נענטער זיין אייגן...

— אָדער, ווי זאָגט דאָס ווערטל: כ'האָב זייער, זייער ליב מיין שכן, נאָר ס'מעג אים ווערן דער קאָפּ צעבראָכן! טיפּשים! איר העלפט די פאַרברעכער. אַז מען וועט ענדיקן מיט יענע, וועט מען זיך נעמען צו אייך! מען וועט קיינעם ניט דורכלאָזן!

— הער ראַקען האָט געזאָגט, אַז דאָס איז געפערלעך. דאָס בעסטן איז צו זיצן רויק אינדערהיים, נעמען אָנטייל אין ברענען פאַרפעסטע הייזער און וואַרטן, ביז עס וועט צוריקגעשטעלט ווערן די אָרדענונג.

— ווער וועט עס צוריקשטעלן?

— דער פירשט דע נעווער.

— אהא... עס וועט פריער א סך וואסער אָפּפליסן. ער האָט זיך זיינע זאכן אויפן קאָפּ, דערווייל וועט אָבער די גאנצע שטאָט אָפּברענען. ארויס, קינדער, פון די לעבער. יעדער איינער איז מחויב צו פארטיידיקן זיין אייגענע הויט און דערצו אין איין כנופיה...

— זיי זיינען דאָך אָבער א חברה! זיי האָבן געוועהר!

— פון וואנען ווייסט איר? דער פחד האָט גרויסע אויגן!

— ס'איז ניטאָ ווער ס'זאָל מיט אונז אָנפירן!

— פירט מיט זיך אליין אָן!

זיי האָבן אָנגעהויבן ריידן, איינטענהן פון פענסטער צו פענסטער, ווי פייגל אויפן שפּיץ בוים. זיי האָבן זיך געקריגט, אָבער קיינער האָט זיך פון אָרט ניט גערירט. איך האָב אזש פאר־לוירן דאָס גערולד.

— לאָזט איר מיך אַלזאָ איבער א גאנצע נאכט אויפן גאס מיט א פארריסענער אינדערהויך נאָז און איבערגעקרימטן נאקן? איך בין ניט געקומען שפּילן אייך קיין סערענאדע און הערן דאָס קנאקן פון זייערע ציין. עפנט-זשע שוין אמאָל... לאָזט מיך אריין... אניט... וועל איך בנאמנות אונטערצינדן א הויז. היי... זאָלן אהער גיין די הענער... צו באשיצן די נעסטן זיינען געגנוג די הינער!

עס האָבן זיך דערהערט קולות און א געלעכטער, דערנאָך האָט זיך געעפנט איין טיר, שפּעטער א צווייטע... עס האָט זיך באוויזן עפּעס א נאָז... זי האָט געשנאָפּט... נאָך דער נאָז איז ארויסגעקראָכן א גאנצע חיה... און ווען מען האָט דערזען דאָס ערשטע שעפּסעלע אין פעלד, האָט זיך א לאָז ארויס געטאָן די גאנצע טשערעדע. יעדער איינער האָט מיך באטראכט פון קאָפּ ביז די פיס.

— ביסט אינגאנצן געזונט?

— איך בין געזונט, ווי א הייפּטל קרויט!

— און קיינער האָט דיך אויפן וועג ניט פארטשעפּעט?

— א סאראקע בלויז! זי האָט געמאכט געוואלטן פון בוים אראָפּ!

זעענדיק, אַז איך בּין עפּעס אַרויס גאַנץ פון דער פעסט, האָבּן זיי לייכטער אָפּגעעטעמט און מיך נאָך מער ליב באַקומען. ערפּאָלג וועקט בּיי לייטן חן.

— קוקט אייך נאָר גוט איין אין מיר! — האָב איך א זאָג געטאָן. — איך בּין דאָ בשלמות, עס פעלט ניט קיין איין פּיצעלע פון מיר!... אפשר וועט איר נעמען אַ פּאָר ברילן... נו, גענוג. מאָרגן וועט אייך זיין באקוועמער קעגן דער זון. איצט, גענוג גע־ברייעט... וואו קענען מיר זיך אָן עצה האלטן?

— בּיי מיר אין קוזשניע! — האָט פאָרגעלייגט גוניאָ.

אין דער דושנער און נידעריקער קוזשניע האָבּן מיר זיך צע־לייגט אויף דער ערד, וואָס איז געווען אויסגעטרעטן פון פערדי־שע טלאָען: מען האָט פארמאַכט די טיר, אַוועקגעשטעלט די לאָמפּ. און תיכף האָבּן גרויסע שאָטנס גענומען שפּרינגען אויף די שווארצע ווענט און אויפן פּאָלעפּ. תחילת האָבּן אלע געשוויגן, דערנאָך האָבּן אלע אָנגעהויבן ריידן מיט איין מאָל. גוניאָ האָט געכאַפּט א האמער און אַ זעץ געטאָן אין אַמבּאָס. דער זעץ האָט צעריסן דאָס גערויש, עס איז ווידער שטיל געוואָרן. איך האָב עס אויסגענוצט און אַ זאָג געטאָן:

— לאָמיר שפּאָרן ווערטער. איך ווייס די גאנצע מעשה. די פארברעכער זיינען צווישן אונז... לאָמיר זיי ארויסווארפן!

— זיי זיינען שטאַרק, די פּליטןֿטרייבּערס און וואַשאָווניקעס זיינען אויף זייער צד.

— די פּליטע־טרייבּערס — האָב איך געענטפערט — איז דאָס זעלבע, וואָס פארברעכערס. זיי האָבּן חשק צו פרעמדס האָב־און גוטס. זעענדיק ווי אנדערע טרינקען, פּילן זיי אויך דורשט! ברענג אונז ניט צו קיין נסיון... אויב איר וועט ערלויבן גזלה, טאָ זייט זיכער, אַז זי וועט זיך אַזוי צעשפּרייטן, אַז איר וועט אלע קומען עד ככר לחם. קיין איינער פון אייך וועט זיך ניט אויסהיטן! לאָמיר טאָן א קלוגע זאך, לאָמיר אָפּהאקן דאָס בייז מיטן שורש!

— אָבער הער ראַקען, דער איינציקער ראַטמאַן, וואָס איז

פארבליבן, פאַרוועדט זיך אריינצומישן! ער איז דאָך היינט דאָס ערבות פון אָרדענונג און שוץ...

— איז דען פאַראַן ביי אייך אָרדענונג און שוץ?

— משמעות...

— יאָ... צי ניין?

— המ... אייגנטלעך ניין!

— ווען מיר איבערנעמען די מאַכט!

— הער ראָקען האָט צוגעזאָגט, אַז אויב מיר וועלן זיך פאַר-האַלטן רויק, וועט דאָס ביז אונז ניט טרעפן. די מרידה וועט זיין בלויז אין די פאָרשטעט.

— פון וואַנען ווייסט איר עס אַזוי?

— ער האָט בעל-כרחו געמוזט שליסן אַן אָפּמאַך מיט די פאַרברעכער...

— אָבער אַזאַ פאַקט גופא איז דאָך פאַרברעכן!

— ער זאָגט, אַז ער האָט עס געטאָן, כדי זיי איינצונעמען...

— זיי איינצונעמען... צי אייך... האַ... האַ! אייך, שוטים. אייך!

גוניאָ האָט ווידער אַ קנאַק געטאָן מיטן האַמער אין דער קאַוואַרלע. אַזוי פלעגט ער נעמען אַ וואָרט.

— ברעניאָן איז גערעכט! — האָט ער ערקלערט.

אַלע זיינען פאַרשעמטע אַנטשוויגן געוואָרן, פול מיט באַסט און דערשראָקן, דענים סאַלסיי ווידער האָט אַרויסגעברומט מיט אַ האַלבער שטים:

— ווען אַ מענטש זאָל וואַגן צו זאָגן, וואָס ער טראַכט... האַ, האַ, האַ!

— פאַרוואָס-זשע רעדסטו ניט? מיר זיינען דאָך אין אַ קרייז גוטע פריינד... פאַר וואָס-זשע האָסטו מורא?

— המ... די ווענט האָבן אויערן!

— ס'איז נאָך ניט אַזוי שלעכט! גוניאָ... מיין טייערער נעם אין דער האַנט אַריין דעם האַמער און שטעל זיך אַוועק פאַר דער טיר. ווער עס וועט וועלן אַריין און אַרויס פון דאַנען פאַר דער צייט, דערלאַנג אים אין בויך. אויב די ווענט האָבן אויערן צו

שפּיאָנירן, בין איך אייך ערוב, אַז זיי האָבן קיין צונג ניט צו מסרן. מיר ווע̇לן פון דאנען ארויס נאָכן באשלום, אלס אַן אויספיר־מאכט און אונז וועט הערן די גאנצע שטאָט! ווער עס וועט א פּיפּס טאָן, וועט הענגען אויף דער תליה. נו... רעדט שוין אַמאָל! ווער עס שווייגט, איז אַ בוגד!

עס איז געוואָרן א שרעקלעכע מהומה. פּלוצלונג האָט געטאָן אַ ברעך אויס די גאַנצע שנאה דער גאַנצער געשטיקטער פּחד. יעדער איינער האָט געדראָט מיט דער פויסט און זיך געריסן מיט אַלע כוחות.

— דער אויסוואורף ראַקען האלט אונז אין זיין לאַפּע! דער שטינקענדיקער יהודה איש קריות, האָט אונז מיט אונזער פאַר־מעגן פאַרקויפט די גנבים און אונטערצינדער. וואָס זאָל מען אָבער טאָן? ניטאָ קיין עצה. ער האָט די מאַכט, דעם כוח, די פּאָליציי!

איך האָב אַ פרעג געטאָן:

— וואו איז עס זיין נעסט ערגעץ?

— אין ראָטהויז. דאָרט פאַרברענגט ער טעג און נעכט; כדי זיך בעסער צו באַוואָרענען, האָט ער זיך ארומגערינגלט מיט אַ חברה גאָרנישטן, גנבים און קרימינעלע פאַרברעכער: זיי היטן אים, און אפשר טוען זיי גאָר אכטונג, ער זאָל ניט עוקר זיין... ווער ווייס?

— אויב אַזוי איז ער דאָך אַן אַרעסטאַנט? אויסגעצייכנט! לאָמיר קודם־כל גיין אים באַפרייען! גוניאַ, עפן די טיר!

זיי האָבן זיך נאָך ניט געקענט אנטשליסן.

— וואָס וואַרט איר? — האָב איך א פרעג געטאָן.

— דאָס איז א האלז־פראַגע. מיר האָבן ניט קיין מורא, באַ־טראַכט זיך נאָר אָבער, ברעניאַן, אַז אייגנטלעך האָבן מיר דאָך קיין רעכט ניט. ער איז א פאָרשטייער פון דער מאַכט און ארויסטרעטן קעגן דער מאַכט, הייסט דאָך נעמען אויף זיך א גרויסע...

— א—ח—ר—יו—ת! האַ? גוט! איך ערקלער, אַז די גאַנצע אחריות נעם איך אויף זיך אַליין. באַרויק זיך, דענים. ווען איך זע פאַר זיך א רוצח, הייב איך אָן פון צעפּלעטן אים דעם שאַרבן, און דערנאָך ערשט פרעג איך, ווי ער הייסט: פּראָקוראָר,

צי פּויפּסט? אזוי דארף זיין און אזוי וועט אויך געשען! בעת עס הערשט אנארכיע, דארף די אמתע מאכט זיך געפינען אין די הענט פון די אונטערדריקטע!

גוניאָ האָט א זאָג געטאָן:

— איך גיי מיט דיר!

ער האָט א נעם געטאָן אין זיין ריזיקער האנט אריין א גרויסן האַמער, אַנגעשפּאַרט אים אָן אַן אַקסל און זיך געלאָזט פאָראויס א הויכער, שווארצער, ערנסטער, ווי א גייענדיקער טורעם. אנדערע האָבן זיך אָנגעהויבן רוקן, באהאלטנדיק זיך הינטער דער פעסטונג פון זיין ריזיקן גוף. יעדער איינער האָט זיך געאיילט א היים נאָך א ביקס, א האַק, א האַמער, א קאָסע אָדער קוילנ־ווארפער. זיי זיינען זיך צעלאָפן און מיך האָבן באהערשט ספקות, צי זיי וועלן זיך אומקערן. זיי האָבן זיך אומגעקערט, אמת א ביסל א שיטערער עולם, אָבער באוואָפנטע און אנטשלאָסענע.

ס'איז געווען פאר אונז א גרויסע מעלה, וואָס מיר האָבן די טיר פון ראָטהויז געטראָפן אָפן. די פּאסטעכער זיינען געווען אזוי זיכער אין טיפּשות פון זייערע שאָף, זיי זיינען אזוי ווייט געווען פון געדאנק, אַז מען וועט זיך שוין ווייטער ניט לאָזן שערן די וואָל, אַז זיי זיינען זיך אָפּגעזעסן צו דער גאַס, רויק געשלאָפן מיט א שלאָף פון אומשולדיקע נפשות.

אונזער אָנגריף, בין איך זיך ערלעך מודה, האָט גאָרניט געהאט אין זיך קיין סמנים פון העלדישקייט. מען האָט פּשוט באדארפט ארויסנעמען די עופעלעך פון נעסט. מיר האָבן אלע גלייך פון די בעטן ארויסגענומען. זיי זיינען געווען אויסגעטאָן, כמעט נאקעט, ווי קינינגלעך, וואָס מען האָט פון זיי די הויט אראָפּגעשונדן.

ראקען איז זיך געווען א פעט מענטשל, א ראָזס, אויפן שטערן האָט ער געהאט קישעלעך פעטס, אויפן נאַקן א גאַנצן באַרג, אייגעלעך האָט ער געהאט זיסענקע, וואָס האָבן געבלישטשעט גאָר ניט נאריש. פון דער ערשטער רגע אָן האָט ער געוואוסט, אין וואָס עס גייט. עס האָט א פינקל געטאָן אין זיינע אויגן א בליץ פון פּחד ער האָט זיך אָבער באהערשט און מיט א באפעלערישער שטים

אַ פרעג געטאָן, נאָך וואָס מיר זיינען געקומען, אָנפּאַלנדיק אויפן הויז און עובר זייענדיק אויפן געזעץ.

— מיר זיינען געקומען דיך משפּטן, באנדיט! — האָב איך אַ זאָג געטאָן שטילערהייט.

ער איז אין כעס געוואָרן, אָנגעהויבן שילטן. סאלסיי האָט דע־מאָלט צו אים אַ זאָג געטאָן רויק:

— הער ראַקען, דראָט ניט. דו ביסט אַ באשולדיקטער. מיר קומען פאָדערן אָפּגעבן אַ באריכט פון דיין פארוואלטן איבער דער שטאָט. פארטיידיק זיך, אויב דו קענסט!

ער האָט תיכף געביטן זיין טאָן:

— מיינע טייערע מיטבירגער! — האָט ער אַ זאָג געטאָן זיס — איך פארשטיי ניט וואָס איר ווילט? ווער איז דען געוואָרן באַעוולט? בין איך דען ניט געבליבן אין שטאָט, איינשטעלנדיק דאָס לעבן, פאַר אייער טובה ווען? אַלע זיינען אַנטלאָפן, בלויז איך אליין שטעל אַ ווידערשטאַנד דער פּעסט און מרידה... פאַר־וואָס־זשע שרייבט איר מיר צו עפּעס חטאים, אָנשטאָט ארויס צוווייזן מיר אנערקענונג?

איך האָב אים אַ זאָג געטאָן:

— פאַרשטייט זיך, אַ דאָקטאָר אַ רמאי רייצט די וואונד, מחמת ער לעבט פון איר. דאָס זעלבע טוסטו, תליון פון שטאָט. דו רייצסט אויף די מרידה, דערנערסט זיך פון פּעסט, פארשטענדיקסט זיך מיט גזלנים, ברענסט אונזערע הייזער, גיסט ארויס אויף רויב, די וואָס באדארפסט אייגנטלעך שיצן, און רייצסט אָן אויף זיי די, וואָס מ׳דאַרף באַקעמפן. זאָג אונז נאָר, בוגד איינער, צי גיסטו זיך אָפּ דער שענדלעכער אַרבעט דיינער מחמת גייציקייט צי אויס פּחד? זאָג, וואָסער אויפשריפט מיר דאַרפן דיר אָנהענגען אויפן האלז, צי: אָט איז דער מענטש, וואָס האָט פאַרקויפט די גזלנים די שטאָט פאַר דרייסיק זילבער — אָדער אַזאַ: אָט איז דער שטאָט־ראַטמאַן, וואָס האָט, כדי מציל צו זיין זיין קאָפּ, אָפּגע־געבן די קעפּ פון די בירגער אונטער דער האַק! גיב לשון!

ער איז אַריינגעפאלן אין באָסט און האָט אַ געשריי געטאָן:

— איך טו דאָס, וואָס איך באַדאַרף! איך האָב די מאַכט! איך ברען פאַרפּעסטע הייזער, ווייל אַזוי הייסט דאָס געזעץ!

— דו צייכנסט אָן אַ צלם אויף די הייזער פון די בירגער, וואָס האַלטן ניט מיט דיר! ווער עס וויל געבן אַ הונט אַ קלאַפּ, געפינט לייכט אַ שטעקן! האַ... האַ... דו ערלויבסט אוודאי צו ראַבעווען אין די הייזער, אויך כדי איינצושטילן די מגפה?

— איך בין ניט בכוח דאָס אָפּצוהאַלטן! איבעריקנס, שטעקן זיך די פאַרברעכער אָן אין די פאַרפּעסטע הייזער, בשעתן ראַבעווען, און קומען אום. פון דאַנען האָבן מיר אַ טאָפּלטע נוץ, מחמת מיר ווערן פּטור פון דער חברה.

— אַ געניאַלע ערפינדונג! אויב עס וועט אַזוי ווייטער זיין, וועסטו ווערן קיניג איבער די חורבות פון שטאָט... וואָס? אויסגעצייכנט! עס וועט פאַרשוואונדן ווערן די מחלה, פאַרשוואונדן ווערן דער חולה, בלויז דער רופא וועט בליבן און דעם ריווח באַ האַלטן אין בוזעם. מיר אָנערקענען ניט דיין מעטאָד, מיין ראַקען! מהיום והלאה נעמען מיר אַליין איבער די השגחה איבער דער שטאָט, און מיר וועלן האָבן אויף דיר אַליין אויך השגחה ס'זאָל מיט דיר חלילה-וחס ניט געשען קיין זאַך, ביז דו וועסט ניט ווערן באַשאָנקען...

— מיט אַ שיינע מצבה אויפן קבר! — האָט פאַרענדיקט גוניא.

ווי עמעץ וואָלט אַ וואָרף געטאָן אַ ביין צווישן הינט, האָבן אַלע זיך גענומען שפּאַרן צו ראַקענען מיט אוממענטשלעכע קולות:

— באַגראָבן אים לעבעדיקערהייט! אונטערצינדער! בוגר!.. אין קבר אַריין! איין קבר אַריין!

ער האָט זיך אַרויסגעריסן און איז אַנטלאָפן אין אַלקער: דאָרט האָט ער, אָן אָנגעשפּאַרטער אָן דער וואַנט, אַ בלאַסער, פאַרקריצט די ציין, גרייט צו בייסן. איך האָב אָפּגעהאַלטן די מחנה:

— וואַרט! איך וועל עס שוין ערליידיקן!

דער אויסוואורף האָט געהאַקט מיט די ציין פון פּחד און

קעלט. ער איז געווען נאַקעט: איך האָב אויף אים רחמנות געקריגן און אַ זאָג געטאָן:

— טו אָן די מכנסים. מיר האָבּן שוין גענוג געזען דיין אָחור!

— טו אָן די תחתונים. מיר האָבן שוין גענוג געזען דיין אָחור!

מאָמענט, האָבּ איך זיך געווענדט צום שכל-הישר פון די בּירגער, ראַקען ווידער האָט זיך דערווייל אָנגעטאָן און געוואָרפן בּייזע בּליקן. ער האָט דערפילט, אַז די סכנה איז שוין ניט אַזוי אוּמ-מיטלבּאַר, האָט ער דעריבּער נאָכן אָנטאָן בּאַקומען מוט און גע-נומען מאַכן קולות. ער האָט אונז אָנגערופן מורדים און געזאָגט, אַז מיר וועלן בּאַשולדיקט ווערן אין בּאַליידיקן אַ בּאַאמטן. איך האָבּ געענטפערט:

— דו בּיסט ניט קיין בּאַאמטער, רוצח. איך טרייבּ דיך ארוים פונם אמט!

איצט איז דער בּאָסט געוואָרן געווענדט קעגן מיר. דאָס געפיל פון נקמה האָט גובר געווען דעם שכל. ער האָט געזאָגט, אַז ער קען מיר פאַר אַן אָנפירער פון די מורדים און אַז אויף מיין קאָפּ וועט פאַלן די גאַנצע אחריות. ער האָט מיך געזידלט מיט די לעצטע ווערטער און אויף מיר געשפּיגן קלעק.

— זאָל איך אים גלייך לייגן? — האָט אַ פרעג געטאָן גוניא.

— דו בּיסט אַ פּיפּיקער יונג, ראַקען. דו ווייסט זייער גוט, אַז איך קען דיך מאַכן פאַר אַ קדוש אויפן אָרט, איך וועל עס אָבּער ניט טאָן, ווייל מען וואָלט געמיינט, אַז איך בּין זיך עס נוקם פאַר דעם פאַרבּרענען מיין הויז. דאָך ביסטו ווערט דאָס שטריקל... אָבּער דאָס שטריקל וועט דיר עמעץ אנדערש ארויפלייגן אויפן האַלז. וואַרט אביסל. דערווייל האָבן מיר דיך אין אונזערע הענטלעך, מיר מאַכן דיך אוים בּאַאמטער און נעמען איבּער אליין די מאַכט.

ער האָט ארויסגעפּרעפּלט:

— דו ווייסט דאָך אוודאי, בּרעניאָן, מיט וואָס דאָס שמעקט!

איך האָב געענטפערט:

— איך וויים מיט קורצער מאַכן אויף אַ קאָפּ! וועל איך איינ-שטעלן מיין קאָפּ פאַר די קעפּ פון די בּירגער.

מען האָט אים איינגעזעצט אין תפיסה. ער האָט פאַרנומען דאָס

אָרט פון אַן אַלטן פּאָליציאַנט, וואָס ער האָט מיט עטלעכע טעג פריער געהאַט אַרעסטירט, ווייל ער האָט ניט געוואָלט אויספירן זיינע געמיינע באַפעלן.

*  *

*

ביז איצט האָט זיך אונזער פּלאַן אַנטוויקלט און איז געגאַנגען אַזוי כשורה, ווי אַ היבל איבער אַ טרוקן נוסנברעט אַן סוקעס. איך בין געווען ממש פאַרחידושט דערפון און האָב זיך אַליין געפרעגט:

— וואו זשע זיינען אייגנטלעך די פאַרברעכער?

און די זעלבע רגע האָבן זיך דערהערט אויסגעשרייען:

— פאַרן געווער! פאַרן געווער!

מען האָט ערגעץ געטרויבט. מיר זיינען אַרויס אויף דער גאַס און דאָרט האָט אונז עפּעס אַ פאַרסאָפּעטער מענטש געזאָגט, אַז אַ באַנדע גנבים צינדט אונטער און ראַבעוועט פּיער פּולאַרס סקלאַדעס אין בית-לחם, תיכף הינטערן טויער פון לובדאָ.

איך האָב אַ זאָג געטאָן צו מיינע מיטבירגער:

— אפשר וואָלטן מיר זיי אויפגעשפּילט צום טאַנץ?

מיר זיינען אַוועק צו מיראַנדאָאָלן. פון דער פּאַלאַץ-טעראַסע האָט זיך אַנגעזען די אונטערשטע טייל שטאָט און גראָד פון דער זייט האָט זיך געהערט אַ גערויש און געפילדער. דער טרומייט פון טורעם פון הייליקן מאַרטין האָט געשאַלט אויף אַלאַרם.

— מיינע פריינד, מיר וועלן מוזן אַריינקריכן אין דעם אויוון, ניטאָ קיין אַנדערע עצה! עס וועט זיין אַביסל וואַרעם. איר זייט גרייט? קודם-כל דאַרפן מיר אַן אָנפירער! ווילסט איבערנעמען די קאָמאַנדע, סאָלסיי?

— ניין! ניין! ניין! — האָט ער אויסגעשריען און איז אָפּגע-שפּרונגען דריי טריט אויף צוריק, — איך וויל ניט! איך קען ניט! איך האָב דערינען קיין ידיעה ניט... איך וועל טאָן וואָס מען דאַרף, אָבער די קאָמאַנדע?

— ווער־זשע רופט זיך אָפּ?

קיינער האָט זיך ניט געמאָלדן. איך קען אייך, פיינגעלעך, האָב איך א טראכט געטאָן, גיין, ריידן... מילא, גייט נאָך ווי עס איז, ווען מען דאַרף אָבער עפּעס טאָן, איז קיינער ניטאָ! אַזוי איז תמיד מיט אַ בּאַלעבּאָס. איך צי דעריבּער אויס די האַנט:

— אויב עס וויל קיינער ניט, נעם איך איבּער די קאָמאַנדע!

זיי האָבּן פּה־אחד אַ זאָג געטאָן:

— מסכים!

יעדער איינער מוז מיך אָבער הערכן אָן שום טענות און מענות. אניט וועט אונז דער רוח כאַפּן! ביז אינדערפרי בּין איך דער איינציקער האַר. מאָרגן וועט איר מיך משפּטן, מסכים?

— מסכים! — האָבּן זיי איבּערגעחזרט.

מיר זיינען אַראָפּ פון בּערגל. איך בּין געגאַנגען בּראש, לינקס גוניאָ, רעכטס בּאַרדעט, דער שטאָט־העראָלד מיט דער פּויק. תיכף אָנהייב פאַרשטאָט האָבּן מיר זיך אָנגעשטויסן אויף אַ צעשפּילטן המון, וואָס האָט נאַיוו, אָן שום בּייזע כוונות זיך געלאָזט צום אָרט, וואו מען האָט געראַבּעוועט. זיי זיינען געגאַנגען, ווי אויף עפּעס אַ פייערלעכן צוג. אַ סך האָבּן געטראָגן קיישלעך, ווי אויף אַ מאַרק...

ליטן האָבּן זיך פאַרהאַלטן און געקוקט אויף אונזער מחנה, מען האָט אונז זייער העפלעך אָפּגעטרעטן דעם וועג. קיינער האָט ניט געוואוסט וואָס דאָס בּאַדייט און אַ סך האָבּן זיך פאַראייניקט און מאַרשירט צום טאַקט אין דער לעצטער ריי. איינער פון אַזעלכע פרייוויליקע האָט געטראָגן אַ פּאַפּירן לאַמטערנדל מיט אַ בּרענענדיק ליכטל אינדערמיטן, דאָס איז געווען דער פריזירער פּעריש. ער האָט צוגעטראָגן דאָס לאַמטערנדל מיר פאַר דער נאָז און דערקענענדיק מיך, אויסגעשריען:

— דאָס בּיסטו, בּרעניאָן, בּחור טייערער! דו בּיסט צוריקגעקומען... דאָס איז גוט, מען קען טאַקע מאַכן צוזאַמען אַ כוסע!

— ס'איז אויף אַלץ אַ צייט, מיין פּעריש! מיר וועלן מאָרגן טרינקען!

— בּיסט קאָליע, זע איך, שוין אַלט געוואָרן! דורשט ווייסט ניט פון קיין בּאַשטימטע צייט. איבּעריקנס, בּיז מאָרגן וועט שוין

פון ווייז קיין לעק ניט בלייבן. אט עפנט מען גראד די פעסער! לאמיר זיך צושיילן! האסט שוין גאר פארלוירן דעם חשק צו וויין?

— צוגעגנבעט ווייז האב איך קיינמאל קיין חשק ניט געהאט!

— געגנבעטס? פארקערט... געראטעוועטס! ווען א הויז ברענט, דארף מען דאך מציל זיין די גוטע און געשמאקע זאכן!

איך האב אים אפגערוקט אן א זייט.

— גנב! — האב איך א ברום געטאן.

— גנב! — האבן נאכגעזאגט גוניא, בודעט, סאלסיי און אנדערע. און מיר האבן איבערגעלאזט דעם פריזירער. ער איז געבליבן א רגע ווי פארשטיינערט, דערנאך האבן מיר דערהערט זיינע קללות און דראונגען און בעת איך האב זיך אומגעקוקט, האב איך דערזען, ווי ער לויפט מיט א געביילטער פויסט און דראט. ווען ער איז צוגעקומען צו אונז, איז ער פלוצלונג אנטשוויגן געווארן און זיך געלאזט גיין אין דער ריי.

צוקומענדיק ביזן ברעג זשאן, האבן מיר זיך געשטעלט ביים עק ברעג. ס'איז געווען אזא געדרענג, אז מען האט פשוט ניט געקענט זיך דורכשטופן. איך האב געהייסן פויקן. די ערשטע רייען האבן זיך צערוקט, ניט וויסנדיק אין וואס דא גייט. מיר האבן זיך מיט כוח דורכגעריסן און געבליבן שטעקן צווישן המון-עם. איך האב באמערקט צוויי באקאנטע פליטן-טרייבער יאאכים פון קאלאבריע, וואס האט געהייסן דער קיניג, און גאדן, וואס האט געהייסן ,,גערל".

— וואס איז, מייסטערל ברעניאן? — האט מיך א פרעג געטאן יאאכים — וואס טוסטו עס דא? און ווי ערנסט דו ביסט... הא, הא... באוואפנט.. פי! דו קלויבסט זיך ערגיץ מלחמה האלטן?

— האסט געטראפן, קאלאבריער. איך בין טאקע קאמענדאנט פון קלאמסי און כ'וועל אים באשיצן פון די שונאים.

— פון די שונאים? ביסט משוגע געווארן? ווער זשע איז עס דער שונא?

— די אונטערצינדער!

— וואס-זע גייט עס דיך אן? דיין הויז איז דאך שוין ביי

זוי פאַרברענט! אמת, מיר זיינען מודה, אַז מיר באַדויערן זייער, ס'איז געשען על-פּי טעות, דיין הויז האָט מען ניט באַדאַרפט פאַר-ברענען! פּוליאַר אָבער, דער געמיינער יונג, דער מנוול, וואָס איז פּעט געוואָרן אויף אונזער חשבון, דער געשוואָלענער קערל, וועלכער שטאָלצירט איצט מיט דער וואָל, וואָס ער האָט פון אונז אַראָפּגע-שונדן, און מאַכט זיך איצט פאַר אַ ירא-שמים און האַלט זיך גרויס...: אָ, ער וועט ביי אונז קייכן. וועט עס וועט אים באַגנבענען, וועט נאָכן טויט גלייך גיין אין גן-עדן אַריין!

איך האָב געוואָלט מיט אים זיך דורכשמועסן, איידער איך באַנוץ זיך מיט כוח.

— קאַלאַבריער, און וואו איז ערע?

— איך פייף אויף דער ערע! — האָט אַ קריי געטאָן גערלו. איך האָב די ערע אין לינקן עלנבויגן. דאָס איז אַ ענין פאַר די קברנים, וועלכע מען שטעלט מצבות מיט אויפשריפטן אויף די קברים. וואָס וועט בלייבן פון דעם קבצנס ערע אין אַ בשותפותדיק קבר? דאָס מיסט אפילו לאַכט פון אַזאַ ערע!

ניט ענטפערנדיק גערלען, האָב איך זיך אָפּגערופן צו יאָ-אַכימען:

— ערע איז אַ גרויסע זאַך, קיניג פון קאַלאַבריע! דו אַליין זוייסט אויך דערפון! יאָ, די ערע פון לייטישע בורגונדישע פּליטן-טרייבער איז גאָר-ניט קיין קלייניקייט. בשעת ס'וועט אוועק דער יחוס פון די אַלטע משפּחות, ווען זייערע נעמען וועלן פאַרשווינדן, דעמאָלט וועט נאָך בלייבן דאָס געדעכעניש פון די אַרבעטער מיט די האַרטע דלאָניעס, וואָס פלעגן טרייבן אויפן וואַסער—געהילץ אויף בויען הייזער... סאַר אַ שרעקלעכע זאַך עס וואָלט געווען, ווען מען זאָל טאַקע די בויער אונזערע אַמאָל אָנרופן אונטערצינדער און גנבים!

— איך פייף דערויף! — האָט אַ רעווע געטאָן גערל!

דער „קיניג" אָבער" האָט אַ שפּיי געטאָן און אויסגעשריען:

— פייף זיך, געמיינע בריאה! ברעניאָן איז גערעכט! איך וועל אַזאַ שענדלעכן געדאַנק ניט פאַרליידן. איך שווער ביים הייליקן ני-קאָלאַי, אַז קיינער וועט דאָס אויף אונז ניט זאָגן! ערע איז ניט

בלויז א גבירישער ענין. די אלע פּריצים און מאגנאטן זיינען ניט ווערט אונזער נאָגל!

— עע, ניט כדאי זיך צו קוועלן! זיי מאַכן זיך עפּעס פון אונז? ניטאָ קיין גרעסערע אויסוואורפן ווי די פירשטן און דוקעסן. לאָמיר נעמען א ביישפּיל פון קאנדע, אָדער דעם גראָבן בויך ד'עפּערנאָן, דער איטאליענערינס מיטהעלפער, ווייטער פון פירשט סואסאָן, און אפילו אונזער נעווערן! זיי שטאָפּן זיך דען ניט אָן ביז צום פּלאַצן מיט מיליאָנען, ווי חזירים מיט זשאָלעד? און ווען אונזער היינריך איז געשטאָרבן האָבן זיי זיך דאָך אלע א וואָרף געטאָן אויף דעם מלוכה-אוצר און אים איינגאנצן צעשלעפּט. אָט האָסטו ערע פון גבירים... טפו! וואָס-זשע דארפן מיר זיין בעסער?

דער קאלאבריער האָט א זידל געטאָן.

— וואַרט! ס'וועט נאָך אויף זיי אויך קומען די מפּלה! היינריך וועט זיך באווייזן, ער וועט ארויס פון קבר און זיי צעקיילן ווי די חזירים, אָדער ניין... מיר וועלן בעסער מאַכן מיט זיי אָן אָרדענונג, מיר וועלן זיי אָנפילן, ווי א חזיר מיט טייג, מיט גאָלד, און אויפן פייער אָפּבראָטן אַזוי וועלן מיר זיי, די באַנדיטן באַשטראָפן... מיר טאָרן אָבער בשום אופן ניט נאָכטאָן זייערע מעשים תעתועים. איך האָב שוין איינמאָל געזאָגט און איך חזר עס נאָכאמאָל איבער, אַז אַ פּליטן-טרייבער האָט מער ערע אין דער פּיאַטע, ווי אַזאַ... רוצח אין זיין גאנץ לייב און לעבן.

— אויב אזוי, קיניג טייערער, שלים זשע זיך אָן אָן אונז! — האָב איך אויסגעשריען!

— גוט... און גערל וועט אויך גיין מיט אונז!

— ניין... ניין, איך וועל ניט גיין! — האָט א רעווע געטאָן גערל.

— זעסט דעם טייך? — האָט אַ פרעג געטאָן דער קיניג. — וועסט גיין מיט אונז, אָדער אַניט אין וואסער אריין. מארש, פּאָר, אוים! העי... מאַכן אַ וואַרע! — האָט אַ רעווע געטאָן דער המון.— עס גייט דער קיניג פון קאַלאבריע, געמיינע וואורשטנשטאָפּערס! אראָפּ פון וועג!

מען איז פאר אים אנטלאָפן, וואָרעם ער האָט דערלאַנגט אויף

רעכטס און אויף לינקס מיט אַ סוקיקן דראַנג, מיר ווידער זיינען אים נאָכגעגאַנגען, ווי פּלאַטשקעס נאָך אַ גרויסן העכט: די פּאַר־בּרעכער זיינען געווען צו בגילופין, מען זאָל מיט זיי פירן אַ וויכוח. יעדער זאַך האָט זיך איר צייט. מיר האָבן דעריבּער זיך באַמיט בלויז זיי אַזוי אַוועקצולייגן אויף דער ערד, זיי זאָלן וואָס ווייניקער ליידן. אַ שיכור איז אַ קדוש!

מיר האָבן זיך געפינען ביי דער טיר פון סקלאַד. פּיער פּולאַרס הויז האָט געוווימלט פון באַנדיטן, ווי לייז אויף אַ שעפּס. אַ טייל האָבן אַרויסגעשלעפּט פון דאָרט קופערטס מיט זעק, אַנדערע האָבן זיי געעפנט און זיך אָנגעטאָן די געגנבעטע מלבושים, אַ טייל ווידער האָבן זיך פאַרנומען מיט אַראָפּשליידערן פון שטאָק אַראָפּ אויף דער גאַס פאַרצעלייענע און ערדענע כלים. אויפן מיטן הויף האָט מען אַריינגעקוילערט פעסלעך. איך האָב געזען ווי איינער האָט צוגעלייגט דאָס מויל גלייך צום שפּונט, און געטרונקען און דער־נאָך זיך איבערגעקערט אין דער קאַלוזשע רויטן ווין מיט אַלע פיר לאַפּעס אינדערהייך. אין די זומפּן פון טייערער פליסיקייט האָבן זיך געבאָדן קינדער. מען האָט זיך צוגעלייכט, מאַכנדיק קאַנאַניקלעך פון מעבל. פון דער טיף פון קעלערס האָבן דערגרייכט פאַרטייבטע קלעפּ פון האמערס און העק, אַ געפּולדער מיט אַ גערודער, אַ הוסטן מיט אַ געזאַנג. דאָס גאַנצע הויז האָט גערוישט, ווי אַ מחנה האָרנישן וואָלטן אין בויך דאָרט אריין. דאָ און דאָרט האָבן פון אונטערן דאַך אפּער זיך אַרויסגעכאַפּט צינגלעך פלאַמען און סטענגעס רויך, וואָס זיינען זיך צעקראָכן איבער די ברעטער פון די ווענט.

מיר זיינען אריין אין הויף. קיינער האָט אויף אונז קיין אכט ניט געלייגט, אַלע זיינען געווען פאַרנומען מיט זיך. איך האָב דע־מאָלט אַ זאָג געטאָן צו באַרדעטן:

— דערלאַנג אין דער פּויק!

באַרדעט האָט מיטן גאַנצן כוח אַ זעץ געטאָן אין דער הינטי־שער פעל און מכריז און מודיע געווען אויפן קול, אַז די שטאָט האָט מיר איבערגעגעבן די מאכט. איך האָב דערנאָך גענומען אַ וואָרט און געהייסן די חברה זאָל זיך אָפּטראָגן פון דאַנען. דערהערט דאָס פּויקן, זיינען אַלע זיך צונויפגעלאָפן, ווי אַ געווימל פון פליגן, וואָס

האָבן זיך אָנגעזעצט אויף א פולן קעסל און זיינען אנטשוויגן געוואָרן, בשעת אָבער מען האָט אויפגעהערט פויקן, האָבן זיי ווידער אָנגעהויבן זשומען, שילטן, לאַכן און ווארפן אין אונז שטיינער. איך האָב געוואָלט אויסהאַקן די טיר פון קעלער, מען האָט אָבער אָנגעהויבן ווארפן אין אונז פון בוידעם קלעצער מיט דאַכלקעס. דאָך זיינען מיר אריין און אָפּגעשטויסן די באַנדע, אָבער ניט אָן היזקות. גוניאָ האָט פארלאָרן צוויי פינגער, און דעם קאַלאַבריער האָט מען אויסגעהאַקט דאָס לינקע אויג. איך אליין האָב אונטערשפּארנדיק די טיר, וואָס מען האָט געוואָלט פארהאַקן, זיך געפונען ווי א פוקס, אין א פּאַסטקע, מחמת מײַנער א פינגער איז געבליבן שטעקן צווישן די זאַוויעסעס. צו אַלדע שוואַרצע יאָר! איך האָב שיר ניט געחלשט און שוין א האַלב-מונטערער פון יסורים זיך ארויפגעוואָרפן אויף עפּעס אַ פּרוי, איך האָב אָבער צום גליק באַמערקט אָן אָנגעהויבן פּעסל מיט אויסגעצייכנטן בראָנפן, איך האָב דעמאָלט באַשפּריצט מיין בויך דערמיט און איינגענעצט מיין שנאָבל נעבעך. איך האָב באַקומען שרעקלעכן מוט און זיך א נעם געטאָן פאַר דער אַרבעט. מיין בּאָסט איז געוואָקסן אַלץ מער, וואָס מער... די מושטאַרדע... איז מיר געקומען אין קאָפּ אריין.

מיר האָבן איצט געקעמפּט אויף די קעלער טרעפּ. מען האָט באַדאַרפט וואָס גיכער ענדיקן, מחמת די טייוולאָנים האָבן געשאָסן פון מושקעטן גלייך אין פּנים אריין און אויף אזא נאָענטן שטח, אז סאָלסיים באָרד האָט זיך אָנגעכאַפּט און גערל האָט פארלאָשן די שרפה מיט זיינע האַרטע, גראָבע הענט. צום גליק האָט אַלץ ביי די שכורים אין די אויגן געהאַט א טאָפּלט אויסזען, זיסט וואָלטן פון אונז קיין שריד ופליט ניט געבליבן. אין א ווײַלע ארום האָבן מיר געמוזט אָפּטרעטן צוריק אויף די טרעפּ אינדערהייך ארויף

ביים אריינגאַנג, האָב איך באַמערקט, אז די שרפה רוקט זיך לענגאויס ביידע פליגל אין דער טיף צו די קעלערס צו. איך האָב דעריבער געהייסן מאַכן א וואַל פון שטיינער און שפּליטערס, א מענטש די הייך, און פון אויבן ארויפליי‌גן א שאָל מיט שטעכיקע זאַכן, וואָס זאָלן זיי ניט לאָזן ארויס אין דער צווייטער זייט אריין. דערנאָך האָב איך א געשריי געטאָן:

— רוצחים, איר האָט ליב פייער, וועט איר זיך אים האָבן געזונטערהייט.

זיי האָבן ניט תופס געווען די סכנה, און ווען זיי האָבן זיך געכאַפּט, איז שוין געווען צו שפּעט. די שרפה האָט ארומגעכאַפּט די ווענט און ווען די ברענענדיקע קראָקוועס האָבן זיך גענומען שיטן און פון די קעלערס האָבן זיך געלאָזט הערן טייוואָנישע יללות, האָט זיך פון דער קעלער טיר אַלאָז־אַרויס געטאָן אַ שטראָם מענטש־לעכע געשטאַלטן. אויף אַ סך האָבן שוין געברענט די מלבושים. אַ געשלאָסענע כוואַליע האָט זיך אָנגעשלאָגן אין דעם מויער, וואָס מיר האָבן אוועקגעשטעלט און די, וועלכע זיינען ארויס די ערשטע, האָבן פון זיך געשאַפן אַ מין פּראָפּן, וואָס האָט אוממעגלעך גע־מאַכט, אַז דער רעשט עולם זאָל זיך מציל זיין. פון אונטן האָבן זיך געהערט טויטע קללות. ס'איז געווען אַ שרעקלעכע מוזיק. ס'איז מוראדיק צו הערן אַ פאַרצווייפלט שרייען פון אַ בעל־יסורים אָדער פון אַ מענטש, וואָס איז פול מיט פחד. ווען איך זאָל זיך זיין פּשוט קאַליאַ ברעניאַן, וואָלט איך אָן שום ספק געווען אויסגעשריען:

— לאָמיר זיי מציל זיין!

אַ קאָמענדאַנט טאָר אָבער ניט האָבן קיין הארץ און אויערן, נאָר אויגן און שכל. ער איז מחויב צו זען און טאָן פּעסט דאָס, וואָס זיין אויפגאַבע איז. מציל זיין די באַנדיטן הייסט אומברענ־גען די גאַנצע שטאָט, מחמת, ווען זיי זאָלן ארויס אין דער הייך, וואָלטן זיי אלס מערהייט און בעסער באַוואָפנטע אונז מנצח געווען און די יעגער וואָלטן געוואָרן דער פאַנג. מילא, פאַרפאַלן... מען האָט געמוזט דערשטיקן די דרויען אין בינשטאָק.

איך האָב געזען, ווי די פלאַמען האָבן זיך פון לינקס און פון רעכטס פאַראייניקט איבער די קעלערס, אויסשיסנדיק און לאָזנדיק אין דער לופטן קנוילן רויך.

פּלוצלונג האָב איך ביים אַריינגאַנג אין קעלער באַמערקט אַ באַקאַנטן, וואָס איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך צווישן המון. מען האָט אים גערופן מיטן צונאָמען גאָמבי. דאָס איז געווען אַן אומ־שעדלעכער גאָרנישט, וואָס האָט בלויז ליב געהאַט אַ ביסל משקה. ער האָט געוויינט און געלאַכט, ווי ער וואָלט משוגע געוואָרן. ווי

קומט ער צווישן די באנדיטן? ער האָט פארדינט די שטראָף, דאָך האָב איך ניט געקענט ערלויבן, ער זאָל לעבעדיקערהייט זיך אָפּ־פרעגלען. מיר האָבן, אלס קליינע יינגלעך, זיך געשפּילט צוזאמען און שפּעטער צוזאמען געגאַנגען צו דער ערשטער קאָמוניע.

איך האָב דעמאָלט אָפּגערוקט אַן א זייט דעם עולם־גולם, דורכגעזעצט די באריקאַדע און טרעטנדיק איבער קעפּ (מען האָט מיך געביסן אין די פּיס), בין איך אריבער איבער צעמורשטע מענטש־לעכע ליבער, פון וועלכע ס'איז געגאַן אַ רויך, צו גאָמבי צו. איך כאַפּ אים אַן פארן קאָלנער, גיב אים א צי... אוממעגלעך! איך גיב אַ שטאַרקערן שלעפּ... אוממעגלעך אים גאַנצערהייט אַרויסצוקריגן, סיידן אים אויף שטיקער צעשניידן! אַ שיכור האָט דאָך אָבער תמיד מזל. גאמבי האָט א הייב געטאָן דעם קאָפּ אינדערהייך, די וואָס האָבן זיך געשטופּט פון אונטן האָבן אים אונטערגעהאַלטן אין דער לופטן, אַזוי, אַז ער איז געווען, ווי אַ קער, וואָס מען דריקט אויס פון א פלוים. קאָפּענדיק מיטן אָפּזאַץ רעכטס און לינקס, האָב איך אים סוף כל סוף אויסגעשיילט.

ס'איז שוין געווען די העכסטע צייט. דער פלאַם האָט געבלאָזן, ווי א שרעקלעכער אוראגאַן, דורך די קעלער־טרעפּ. דאָס גהנום זעט אודאי אַזוי אויס! דער ריח פון די לייבער, וואָס האָבן זיך געבראָטן, האָט אָנגעפילט די נאָזלעכער. ס'האָט זיך געפּרעגלט דאָס מענטש־לעכע פעטס, ווי פּוטער אויף אַ פּאַטעלניע. קוים־קוים, מיט שווערע טריט, מחמת מיט א משא אויף זיך, ניט אומקוקנדיק זיך, וואו איך שטעל די פיס, האָב איך זיך אומגעקערט צום באריער צו, שלעפּנ־דיק מיט זיך גאָמבין. דערנאָך בין איך אוועק אַן א זייט און אים געלאָזן אויף דער ערד א נצול געוואָרענעם. ניט קוקנדיק אויף דער טויט־שרעק, האָט ער דאָך ניט ארויסגעלאָזט פון דער האנט די צוויי עמאַלירטע טעלער מיט א בילדל, וואָס ער האָט, דער רוח ווייסט פון וואַנען, ארויסגעשלעפּט. ער האָט זיי צוגעדריקט אונטערן אָרעם. ווען ער האָט זיך אויפגעהויבן און צו זיך געקומען, האָט ער אוועק־געוואָרפן זיין רויב און קייכנדיק פון געוויין, האָט ער אָנגעהויבן ברעכן, ארויסלאָזנדיק נאָך יעדן מאָל א כליפּ:

— איך וויל ניט גנבענען... איך גיב אַלץ אָפּ, וואָס איך האָב געגזלט... איך וויל ניט גנבענען...

*   *

*

כאור איז געקומען דער פּראָקוראָר ווילהעלם קורטיניאַן אונטער ראַבינעטס וואַך, וואָס האָט אים געבראַכט צו פירן אויפן אָרט כמעט ווי אַן ארעסטאַנט. צוזאַמען מיט זיי איז אָנגעקומען א מחנה פון דרייסיק מאַן זשאַנדאַרמען מיט געווער און אַן אָפּטיילונג פּויערים מיט קאָסעס. אין משך פונם טאָג האָט דער מאַגיסטראַט צוגעשיקט מיר הילף, און צומאָרגנס האָט דער פירשט דע נעווער צוגעטיילט א גרעסערע אָפּטיילונג קיין קלאַמסי און דער אומגעגנט. די ארמיי האָט פעסטגעשטעלט די היזקות, די „באַרופענע פּערזענלעכקייטן" האָבן צונויפגעשטעלט גאַנצע בערג פּראָטאָקאָלן, מען האָט אָפּגעשאַצט די חרוב-געוואָרענע זאַכן, צוגעגעבן צו די חשבונות די אמט- און רייזע-הוצאות, און דערנאָך איז „די מאַכט" אַוועק פון וואַנען זי איז געקומען.

דער מוסר-השכל פון דער גאַנצער מעשה איז אַזאַ:

— העלף זיך, מענטש, אַליין,
וועט דעם קיניגס הילף שוין קומען צו גיין!

XI

## די פירשטלעכע לאַנקע.

עס איז געוואָרן צוריק רויק, דאָס אַש פון די חורבות איז גע־וואָרן אָפּגעקילט און די פעסט איז ערגעץ נעלם געוואָרן. די שטאָט איז אָבער נאָך לאַנג פארבליבן אונטערן איינדרוק פון דער קא־טאסטראָפע. די שטאָט־לייט האָבן איבערגעקייעט פארשיידענע איבערלעבונגען. זיי האָבן געפרווווט מיט די טריט די ערד, ניט זי־כערע צי זי וועט אונטער זייער משא ניט איינפאלן. זיי האָבן זיך ניט געקענט גלייבן, אז זיי האָבן מנצח געווען. זיי האָבן זיך באַ־האלטן אין די הייזער, אין בעסטן פאל זיך דורכגעכאפט אונטער די מויערן פון די הייזער, מיט אראָפּגעלאָזטע אויערן און עק צווישן די פיס. דער רוח האָט געכאפט די אמביציע, קיינער האָט ניט גע־וואגט דעם אנדערן צו קוקן גלייך אין די אויגן. מען האָט פארן אייגענעם פרצוף אין שפיגל זיך געשראָקן... מחמת די מעשים־תעתועים פון יענע טעג פלעגן זיך אַנטפּלעקן. די מענטשלעכע גע־מיינהייט האָט זיך אנטפלעקט אין דעם גאנצן נאקעט... און דאָס איז ניט געווען אזוי אנגענעם... אָ, ניין! א טייל האָבן זיך געשעמט פאר די אנדערע, מען האָט איינער צום אנדערן ניט געהאט קיין צוטרוי. איך אליין בין אויך ניט געווען צופרידן. איך האָב, איי־גנטלעך געטאָן אַלץ, וואָס מען דארף, דאָך די מענטשלעכע שחיטה, דער אויטאָ־דאַ־פע... דער ריח פון געבראָטן מענטשלעך לייב... בררר! אוואוף אחוצרעס, האָט דאָס דערמאָנען זיך אָן דער געמיינ־הייט, אָן אכזריות פון מענטשן פון דער נאָענטסטער סביבה, דאָס אַלץ האָט מיך ארויסגעשטויסן פון גלייכגעוויכט. און מענטשן האָבן

געפילט, וואָס איך טראַכט וועגן זיי און האָבן געהאַט תרעומות. מיר האָבן זיך איינס פאַר דאָס אַנדערע געשעמט. איך וואָלט מיט פאַרגעניגן זיי געזאָגט: ליבע מיטבירגער, זייט מיר מוחל... איך ערקלער, אַז איך האָב קיין זאַך ניט געזען... דאָס האַרבסט־געדוויש האָט גערדריקט צו מיט דער משא די שטאָט, סוף זומער האָט אַלץ דורכגעזאַפּט מיט עפּעס מאָדנע אַפּאַטיע.

ראַקען איז אָפּגעפּירט געוואָרן אונטער אַ גוטער שמירה קיין נעווער, און די רעגירונג מיטן פירשט האָבן אָנגעהויבן אַ מחלוקת, ווער עס זאָל אים משפטן. אויסנוצנדיק די זאַך, האָט ער שוין געחלומט וועגן אַרויסדרייען זיך פון גאַנצן עסק. וואָס שייך מיר, האָט דער קאַשטעלאַן־אַמט באַוויליקט צו קוקן אויפן גאַנצן ענין דורך די פינגער. עס האָט זיך־אויסגעוויזן, אַז בשעת דעם מציל זיין די שטאָט, האָב איך געטאָן אַ סך פאַרברעכנס און עובר געווען אויף אַ וועלט מיט דינים, פאַר וועלכע מען וואָלט מיך אייגנטלעך באַדאַרפט פאַרשיקן אויף קאַטאָרגע. היות אָבער איך וואָלט די אַלע חטאים ניט געווען געהאַט אויף זיך, ווען די מאַכט זאָל געווען בלייבן אויף איר פּאָסטן, האָט מען קיין שטראָף פאַר מיר ניט געפאָדערט, איך ווידער האָב, פאַרשטייט זיך, קיין פּסק אויף זיך ניט געמאָנט. אַ מענטש פילט זיך אומשולדיק, דער רוח אליין ווייסט אָבער, וואָס דאָס געזעץ זאָגט וועגן דעם. ס'איז גענוג אַרייננצורוקן איין פינגער אין דער געזעצגעבערישער מאַשין, און מען מעג זיך געזעגענען מיט דער גאַנצער האַנט! און אפילו די האַנט מוז מען אויך אָפּהאַקן, מחמת אַניט... איז אַדיע, ברודערקע... מיטן גאַנצן לייב און לעבן! אָן די אומנייטיקע ווערטער איז צווישן מיר... און די הערן פונם גרינעם טיש געשלאָסן געוואָרן אַזאַ מין אָפּמאַך: איך האָב גאָרניט געטאָן, און זיי האָבן גאָרניט געזען, אלא, די מעשה מיט יענע נאַכט, איז אַלץ, וואָס ס'איז געשען אונטער מיין אָנפירונג געווען אַן ענין פון דער מאַכט. דאָס איז אָבער טעאָריע. ניט איך, ניט די בירגער האָבן ניט געקענט דערינען פאַרגעסן, און מען האָט דעריבער מורא געקריגן פאַר מיר אימת־מות... איך אליין האָב, דעם אמת געזעדט, אָנגעהויבן פאַר זיך ציטערן און כ'האָב זיך געחידושט פון מיין אכזריות. כאַפּט דער רוח אַטילאַן מיט צעזאָרן. איך שטעל

זיך פאר יופיטערס דונער אין פארם פון פאנטאזיע, אדער אויפ־רעגונג ביי א גלאז וויין, אבער מלחמה... און דערצו נאך היימישע מלחמה... דאס איז ניט מיין זאך! קורץ און שארף, מיר זיינען אלע געווען צערודערט און אומצופרידן פון זיך, מיר האבן געפילט געוויסנסביסן און אן ענגשאפט אין די שיך.

מיר האבן זיך גענומען מיט ברען צו דער ארבעט. די ארבעט טרינקט ווי א שוואם אויס דאס געפיל פון בושה און געוויסנס־ביסן, ביי דער ארבעט באקומט די נשמה א נייע הויט און פריש בלוט. און קיין ארבעט האט ברוך־השם ניט געפעלט, מחמת ארום זיינען געווען חורבות און רוינען. די ערד האט היי־יאר אונז פיין און פרוכטבאר ארויסגעהאלפן. ס'איז שוין לאנג ניט געווען אזא גערעטעניש אויף פירות און תבואה, די גרעסטע שפע איז אבער געווען אויף וויינטרויבן.

ס'האט זיך באמת געדאכט, אז די טייערע מוטער אונזערע וויל עס אונז אין וויין אפגעבן דאס בלוט, וואס האט זיך אין איר איינ־געזאפט. קיין זאך גייט טאקע אין לעבן ניט לאיבוד. דאס וואסער, וואס פאלט פון הימל, קערט זיך דאך אום אלס דאמף, פארוואס זשע זאל דאס וויין ניט דורכמאכן דעם זעלבן גאנג צווישן דער ערד און מענטשלעך בלוט. ס'איז דאך איין און דער זעלבער זאפט! לאמיר זיך מאלן, אז איך בין אמאל געווען א וויינטרויבן־צווייג, אדער כ'וועל אמאל עס זיין. א, ווי איך וואלט אויף אזא אופן גערן בלייבן אומשטערבלעך, זיך מיט יעדן פרילינג באנייען, פילן, אז איך וואקס, כ'לאז ארויס פון זיך בלעטער, גיב ארויס קיילעכ־דיקע, פולע טרויבן, וואס פלאצן פון איבערפלוס אין זאפט אקעגן דער זון, און דערנאך.. ווערן אויפגעגעסן (דאס איז דאס בעסטע!) ווי מען האט עס דערמאלט געזאגט, היי־יאר איז וויינטרויבן־זאפט געווען אן א שיעור און אן אן ערך, ס'האט אזש פערפעלט פעסלעך. מען האט געמוזט אויסנוצן אלע טעפ, באליעס, מולטערס און מען האט זיך אלץ קיין עצה ניט געקענט געבן מיטן דריקן. ס'איז געשען אן אויסערגעוויינטלעכע זאך, דהיינו דער אלטער וויינגערטנער פון אנדרי, דער פאטער קולעמאר, האט מודיע געווען עפנטלעך אז ער

פאַרקויפט צו דרייסיק סו א פאַס ווייַנטרויבן, בתנאי, אַז דער קונה זאָל עס אַליין צונעמען פון ווייַנשטאָק.

איר קענט זיך מאָלן אונזער אויפרעגונג. אַלס שפּאַרזאַמע און געזעצטע מענטשן האָבּן מיר ניט געקענט לאָזן אַ תל מאַכן פון דעם געטלעכן געשאַנק. מיר האָבּן זיך געמוזט מוסר נפש זיין און טרינקען... טרינקען... טרינקען.. העלדיש, כדי די הערקולעסישע אויפגאַבּע צו דערפילן. ניט איינמאָל האָט דער אָרעמער הערקולעס נעבעך געמוזט אָנרירן די ערד און פאַרטרעטן דערמיט דעם באַרימטן אַנטייען. די שווערע אַרבּעט האָט אָבּער געהאַט אַ מעלה, וואָס די רעיונות אונזערע זייַנען אַוועק אין אַן אַנדער ריכטונג, די שטערנס אונזערע זייַנען געוואָרן אויסגעלייטערט און די בּאַקן האָבּן בּאַקומען קאָלירן.

בּיי ד'עם אַלעם, איז דאָך עפּעס פאַרבּליבּן אויפן דעק בּעכער, עפּעס אַ טונקעלער און אויסטערלישער אָפּזאַץ, וואָס האָט גורם געוועזן, אַז לייטן זאָלן זיך ווייכן, האַלטן אָן אַ זייט און קוקן אויף זיך מיט חשד. בּיסלעכווייז זייַנען אַלע צו זיך געקומען, געקריגן צוריק גלייכגעוויכט (אגב, אַ גאַנץ וואַקלנדיקער) פון שכל, קיינער האָט אָבּער ניט געוואָלט זיך דערנענטערן צום צווייטן, נאָר יעדער איינער האָט געטרונקען ביחידות, געלאַכט צו זיך אַליין און דאָס איז, כידוע, זייער אַן אומגעזונטע זאַך. און דער אומאַנגענעמער מצב וואָלט ווער ווייס ווי לאַנג געדויערט, ווען ניט עפּעס אַ צופאַל. אַ צופאַל איז זייער אַ ביטרער ענין. אַ דאַנק דעם האָבּן מיר טאַקע זיך אָנגעשטויסן אויף דעם, וואָס עס פאַראייניקט מענטשן, דהיינו אויף אַ שותפותדיקן שונא. ליבּע דערנענטערט אויך, אָבּער מאַכן פון אַ גאַנצע געמיינדע איין מאַן קען בּלויז אַ שותפותדיקער שונא, דער שונא ווידער איז געווען טאַקע אונזער מושל בּכבודו וּבעצמו.

היינטיקן האַרבּסט איז דעם פירשט קאַרל איינגעפאַלן אונז צו פאַרווערן זיך בּאַנוצן מיט די לאָנקעס אונטער דער שטאָט, וואָס געהערן כלומרשט צו אים, בּעיקר אָבּער מיט די פּאַשעס, וואָס הייסן פון קדמונים אָן פרע-לעקאָנט. די דאָזיקע לאָנקעס, אָדער פּאַשעס, וואָס געפינען זיך הינטער דער שטאָט-בּראַם, און דורך וועלכע עס שלענגלט זיך דורך דאָס קאַפּריזנע שטרעמל פון בּיוורא,

זיינען שוין אַ יאָר דרייסיק אַז ענין פון סיכסוכים. דער פירשט מיט מיט זיינע מעכטיקער ציינער אין איין זייט אריין, און מיר מיט אונזערע ציין אין אַ צווייטער זייט, מיר זיינען אָבער ניט געוויינט ארויסצולאָזן דעם פאנג פון מויל ארויס.

ניט פון איין זייט און ניט פון דער צווייטער איז קיין גרויס עקשנות ניטאָ, מיר לאַכן איינס צו דאָס אנדערע, מיר ריידן צו זיך: ליבע פריינד... הויכגעבוירענער פירשט... די קעגנער טוען אָבער אַלץ, וואָס זיי זיינען בכּוח, כדי זיך דאָס שמאַלץ אין בוזעם אריין צו גיסן, און קיינעם פאלט גאָר ניט איין אָפּצוטרעטן זיך אפילו א שפּאַן ערד. דעם אמת גערעדט, האָט מען אונז קיינמאָל קיין גערעכט ניט אָפּגעגעבן. אַלע טריבונאלן ביז דעם העכסטן האָבן שוין א סך מאָל פה-אחד געפּסקנט, אז די לאָנקע איז קיינמאָל ניט געווען אונזער. ס'איז דאָך אָבער באוואוסט, אז די אזוי גערופענע גערעכטיקייט איז די קונסט פון מאַכן... פאַר אַ לייטישע מטבע... פון שווארץ ווייס. דעריבער זיינען אונז די אלע פּסק-דינים לחלוטין ניט אָנגעגאַנגען. ריכטערס מעגן זיך משפטן... און מיר מעגן זיך באַזיצן. אַ קו, אַ שוואַרצע צי אַ ווייסע, מילך גיט זי—איז אַן עק פון דער מעשה... מילך האָבן מיר געהאט, האָבן מיר זי געהאלטן פאר אונזערע. די לאָנקע גיט אייגנטלעך ניט קיין מילך, זי קומט אָבער שטארק צוניץ. קודם-כּל איז עס געווען דאָס איינציקע שטיקל ערד אין קלאמסי, וואָס האָט ניט געהערט צו קיינעם פון די באַלעבאַטים. הגם כלפי-חוץ האָט עס געהייסן דעם פירשטס אַן אייגנטום, האָט עס אָבער אין תוך גענומען געהערט צו אלע און יעדער איינער האָט געקענט פון איר מאכן א תל, וויפל עס האָט זיך אים נאָר געגלוסט. מען האָט אגב געטאָן דאָרט אַלץ, וואָס מען האָט ביי זיך ניט געוואָלט טאָן. מען האָט דאָרט געארבעט, גערייניקט, אויסגעקלאפּט מאט-ראַצן און טעפּעכער, אַרויסגעוואָרפן מיסט, געשפּילט זיך, שפּאַצירט, געפיטערט ציגן, געטאַנצט מיט מוזיק, זיך געאיבט אין שיסן פון א קוילנוואַרפער און שליידערער, אין פויקן, ביינאַכט ווידער האָט מען צווישן די גראָזן, וואָס זיינען געווען באַצירט מיט כלערליי פּאַפּירן, אונטערן גערייזל פון ביווראָן, וועלכן מען האָט מיט קיין

זאַך ניט געקענט פאַרהידושן (מחמת ער האָט שוין אַ סך געזען)... נעפּירט ליבעס.

כל-זמן אונזער ליבער פירשט לואי האָט געלעבט, איז אַלץ געגאַנגען כשורה, ער פלעגט זיך מאַכן ניט זעענדיק. דער מענטש האָט געוואוסט, אַז כּדי איינצוהאַלטן פעסט די מאַכט, דאַרף מען ניט איין זאַך ערלויבן די אונטערטעניקע לייט. וואָס האָט עס אים געשאַדט, אַז מיר האָבן געהאַט אַן אילוזיע פון פרייהייט, בעת אין דער אמתן איז ער געווען דער האַר. זיין זון איז אָבער געווען אַ בעל גאווה און תּיכף ווי עפּעס אַ הענדל גיט אַ קריי ביי אים אויפן הויף, ווייזט ער באַלד אַרויס זיינע נעגל (אין דער אמתן אָבער האָט ער לגמרי ניט קיין שום מאַכט, נאָר מאַכט דעם אָנשטעל פון אַ האַר). ער איז ניט משיג, אַז אַ פראַנצויז מוז מאַכן חוזק פון זיין מושל. אויב ער לאַכט ניט, איז אַ סימן, אַז ער גרייט אַ מרידה. קיינער וועט אויף קיין פראַנצויז קיין שליטה ניט האָבן, אויב ער נעמט די זאַך ערנסט, מחמת ער האָט ליב נאָר מענטשן, פון וועלכע ער קאָן אַ לאַך טאָן, מחמת ער האַלט זיך ביי דער מיינונג, אַז געלעכטער מאַכט אַלעמען גלייך.

און אָט דער גאַנער, קאַרלעכל, האָט אונז איינעם אַ פרימאָרגן פאַרווערט צו טאַנצן, טרעטן און זיך ליבן אויף דעם פּרע-לאַ-קאָנט. ער האָט געפונען דעם אמתן שעת-הכושר! ער האָט בעסער באַ-דאַרפט, צוליב אונזערע גרויסע היזקות, באַפרייען פון שטייערן! ער האָט אָבער אָנגעטראָפן אויף לעמעשקעס! מיר האָבן באַשלאָסן צו ווייזן דעם בעל-גאווה, אַז קלאַמסינאָער זיינען ניט געמאַכט פון פלייטן-האָלץ, אַ ליאַדע פירשטל זאָל קענען אויף זיי שפּילן, נאָר פון טרוקענעם, האַרטן דאָמב, אין וועלכן מען האַקט קוים אַריין אַ האַק, און אַרויסנעמען זי איז מען שוין גאָרניט בכוח.

ביי אונז צונעמען די לאָנקע? וואָס איז דאָס? מיר האָבן זי דאָך (אמת בתורת חזקה, אַ גנבה אָבער, וואָס מען האַלט שוין דריי הונדערט יאָר, איז אומבאַרירלעך)... מיר האָבן זי, געמאַכט פון איר אַ מתנה פאַר זיך, און אַ שפּאַן נאָך אַ שפּאַן אין אַ פאַרעקשנטן ער-אָבערונג-קאַמף דערוואָרבן... דאָס איז דאָך די איינציקע זאַך, וואָס האָט אונז גאָרניט געקאָסט און אַזוי פיל נחת פאַרשאַפט! איז

דען כדאַי עפּעס צו נעמען, אויב מען דאַרף עס צוריק אָפּגעבן? וואָס וואָלט דעמאָלט ווערט געווען ס'גאַנצע לעבן? ווען מיר זאָלן אָפּטרעטן, וואָלטן אונזערע אבות פון די קברים אויפגעשטאַנען אונזערע זכיות צו שיצן. דאָס איז אַן ענין פון דער שטאַטס כבוד!— האָבן מיר אַלע פּה אחד אויסגעשריען און ווי איין מאַן זיך גע-שטעלט פאַרטיידיקן.

דעם טאָג, ווען דער שטאָט-פויקער האָט מכריז ומודיע געווען דעם שרעקלעכן דעקרעט (ער האָט עס געטאָן מיט גרויס מרה-שחורה, ווי עפּעס אַ טויט-אורטייל אויף עמעצן) האָבן אין אָוונט אַלע אָנגע-זעענע באַלעבאַטים, באַאַמטע, פאָרזיצערס פון געזעלשאַפטן, צעך-מאַיאָרן זיך צונויפגעקליבן אויפן מארק-פּלאַץ. איך בין אויך דאָרט געווען אַלס פאָרשטייער פונם צעך פון דער הייליקער יאָאַכימע, דער הייליקער אננאַס באָבע (ווי אַלעמען איז באַקאַנט). איך האָב געהערט פאַרשיידענע מיינונגען וועגן דעם אופן פון פירן די פאַרטיי-דיקונגס-אַקציע, אַלע האָבן אָבער מסכים געווען, אַז מען דאַרף תיכף ומיד אָנהייבן עפּעס צו טאָן.

גוניאַ, דער הייליקער פאָרשטייער פון הייליקן אליהו, און דער קאַלאַבריער אין נאָמען פון הייליקן ניקאָלאַי, האָבן זיך אַרויסגע-זאָגט פאַר באַנוצן זיך מיט כוח. זיי האָבן ביידע פאָרגעלייגט, תיכף ומיד אונטערצוצינדן די טויערן פון שלאָס, צעלייגן די מויערן, צע-פּלעטן די קעפּ דער פירשטלעכער שמירה, און מאַכן אַלץ אויף דער לאַנקע מיט דער ערד צוגלייך.

דער בעדער פלאָרימאָנד ווידער, דער פּאַרקערפּערער פונם מילדן בטבע הייליקן האָנאָריוס און דער גערטנער מאַקלאָ, דער אָנהענגער פון הייליקן פיאַקר, האָבן אַנטפּלעקט גאָר שאַפענע גע-פילן און געראַטן דורכצוקומען בדרך שלום דורך שריפטלעכע אונ-טערהאַנדלונגען, דעלעגאַציעס און בקשות, וואָס זאָלן אַגב געשטיצט ווערן דורך היבשע מתנות פון בעקעריי-קונסט און גערטנער-פירות, וועלכע מען זאָל ברענגען צו טראָגן דער פירשטין.

די דאָזיקע פאָרשלאָגן זיינען ניט דורכגעגאַנגען, מחמת צום גליק האָב איך מיט מיין יאָאַכימען און זשאַן באָבען, דער פאָר-סער, מחמת עס קאָסט ווייניקער, די נקמה ווידער איז זיסער.

אויך פון הייליקן ווינסענט ניט דערלאָזט ניט צו קיין גוואַלט-מעשים, ניט צו קיין קריכן דעם פירשט אין זאָל אַהין, וואו מען דאַרף ניט. יעדער בּורגונדער מיט שׂכל וועט שוין געפינען אַן אופן ווי אַזוי פון עמעצן חוזק צו מאַכן. אויב יענער געפעלט אים ניט, און גאַנץ רויק אים אָנשפּייען אין בּאָרד, ניט רירנדיק אפילו קיין האָר זיינס. דאָס איז אפילו בּע-סער, מחמת עס קאָסט ווייניקער, די נקמה ווידער איזו זיסער, וואָרעם זי ווייזלט אַ בּיסל אויך:

זאָל איך אייך דערציילן דאָס שפּיל, וואָס איך האָב אויסגע-טראַכט, איידער מען האָט עס אויסגעפירט? ניין... ניין. עס וועט געננוג זיין, אַז איך וועל פאַרצייכענען, אַז אונזער גרויסער סוד איז צוויי וואָכן געוואָרן שטרענג אָפּגעהיטן, הגם אַלע שטאָט-לייט האָבן פון אים געוואוסט. מיין גרונט-אידעע איז עס געווען, יע-דער איינער האָט אָבער מוסיף געווען פון זיך, כדי זיך צו בּאַ-שיינען, אַזוי, אַז אונזער שותפותדיק קינד איז געווען אַ הערלעכס, מחמת קיין פּאַטערס האָט עס שוין ניט געפעלט. דער מער און די בּייזיצערס האָבן יערן טאָג בּסוד סודות נאָכגעפרעגט, וואָס מען הערט מיטן פּראָיעקט, און דער נאָטאַריוס דעלאָוואָ, אַן איינגע-הילטער אין אַ פּלאַשטש, איז יעדע נאַכט געקומען אויף אונזערע זיי-צונגען און אָנגעוויזן די אופנים פון בּרעכן דאָס געזעץ, אונטערן מאַנטל פון העכסטער הכנעה לגבּי זיינע געבּאָטן.

ער האָט אונז אויך געוויזן זאָרגפול אויסגעאַרבּעטע לאַטיי-נישע דרשות, וואָס זיינען פול מיט תהילות ותשבּחות פאַרן פירשט און דריקן אויס אונזער געהאָרכזאַמקייט, וואָס זיינען אָבער גע-ווען אַזוי געבּויט, אַז מען האָט זיי געקענט אויסטייטשן פונקט קאַפּויר.

* *

*

לסוף איז דער גרויסער טאָג געקומען. מיר האָבן זיך צונויפגע-

זאַמלט געגאָלטע, אָנגעטאָן אין יום־טובדיקע בגדים און זיך אויס־געשטעלט שורותווייז אונטער די צעכן־עמבלעמען. מיר האָבן געוואַרט אויפן מער אין שטאָט־ראַט. פון הייליקן מארטין־טורעם האָט מען דערהערט קלינגען צען, און אַלע גלעזער האָבן זיך גלייכ־צייטיק צעשפּילט. מען האָט געגעבן אַ צייכן און עס האָבן זיך אויפ־געפּראַלט די טויערן פון ראָטהויז מיט די טויערן פון דער קאַטעדרע און אויף ביידע פּלעצער האָבן זיך באַוויזן, ווי מאַריאָנעטעס, פון רעכטס דער ווייסער קיטל פון קאַנאָניקער און פון לינקס דער גרינ־געלער קאַראַהאַד פון די ראַטמענער. מען האָט איבער אונזערע קעפּ זיך פייערלעך געגייגט, דערנאָך האָט דער קאַנאָניקער, וואָס פאַר אים איז געגאַנגען די קלויסטער־דינערשאַפט אין פּורפּור גע־קליידט (די נעז זייערע זיינען אויך געווען פּורפּורדיקע) אָנגע־הויבן שפּאַנען איבער די טרעפּ, לינקס ווידער דער ראַט, וואָס פאַר אים איז געגאַן די שטאָט־וואַך מיט די באַדינער, וועלכע זיינען גע־ווען באַצירט מיט קייטן, עמבלעמען און בלעכן. מיר זיינען גע־שטאַנען צונויפגעזאַמלט אַרום דעם פּלאַץ פון הייליקן מארטין, אין אַ גרויסן קרייז, אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען די מאַכט און די גאַנצן פּני. ס׳האָט קיינער ניט געפעלט, קיין איינער האָט זיך ניט פאַרשפּעטיקט. דער אַדוואָקאַטן־שטאַנד, די באַאַמטע פון פּראָ־קוראַטאָריום און דער נאָטאַריוס אונטערן פאָן פון הייליקן איוואָן, דעם יורים־קאָנסולט פון גאָט דעם פאָטער, די אַפּטייקערס ווידער, קונצנמאַכערס און דאָקטוירים, די גלענצנדע בקיאים אין הלכות השתנה און קליזמעס און אַלע זייבן זאַכן פון הייליקן קאָסמאַ, וואָס זאָל האָבן די עובדה פון באַפרישן די אינגעווייטן פון די גן־עדן־לייט, — האָבן געבילדעט אַרום דעם קאַנאָניקער עפּעס אַ מין הייליקע גוואַרדיע. צווישן די איינוואוינער האָט געפעלט בלויז איי־נער, דהיינו דער פּראָקוראָר אַליין, דער פאָרשטייער פונם פּירשט.

מען האָט אַ צייט געוואַרט אויפן פּלאַץ, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ פול פאַס ברויזנדיקן מאַסט. עס האָבן זיך געלאָזט הערן קולות פון שמחה, געלעכטערס, מען האָט געשטעלט אָן פידלען, עס האָבן געבילט הינט... מען האָט געוואַרט אויף עפּעס וויכטיקס... גע־רולד... תיכף... אַלץ וועט קלאָר ווערן... ער גייט שוין... מען טראָגט!

איידער מען האָט נאָך דערזען דעם סורפּריז, האָט מען שוין דער־הערט אויסגעשרייען, און אַלעמענס קעפּ האָבּן, ווי פענדרלעך פאַרן ווינט, זיך געווענדט אין איין זייט אריין...

פון דער מאַרק־גאַס האָט זיך אָנגעהויבּן באַווייזן עפּיס א מאָד־נער בנין פון האָלץ, וואָס אכט געזונטע יונגען האָבּן געטראָגן אי־בּערן גאַנצן המון־עם. ס'האָט אויסגעזען ווי א פּיראַמידע, עפּעס ווי דריי טישן פון פאַרשיידענע גרייסן, וואָס שטייען איינער אויפן אַנ־דערן. די פיס פון אַלע טישן זיינען געווען ארומגעבּונדן מיט בּענ־דער, גאַלאָנען, אַרומבּאַנדאַזשירט מיט א העל זיידנשטאָף, אינ־דערהייך ווידער האָט מען געזען א חופּה, וואָס איז געווען רייך באַצירט מיט בּוקעטן־בּענדער, און אונטער איר א געשטאַלט אונ־טער א שלייער. קיינער האָט זיך ניט געחידושט, מחמת אַלע האָבּן געוואוסט פונם סוד. יעדער איינער האָט העפלעך אַראָפּגענומען דאָס היטל פאַר דעם געשטאַלט, בּגנבה אָבּער האָבּן אַלע אין זיך געלאַכט.

דאָס גאַנצע שפּיל האָט מען אַזוּעקגעשטעלט אינמיטן פּלאַץ צווישן דעם מויער און דעם קאַנאָניקער, די געזעלשאַפטן ווידער האָבּן מיט מוזיק אין דער שפּיץ דעפּילירט אַרום און אַרום. דער ערשטער, ווי עס פּאַסט זיך, איז געגאַנגען דער הייליקער ניקאָלאַי, דער קאַלאַבּריער איז געווען אָנגעטאָן אין א מלבּוש מיט דער זון אויסגעמאָלט אויף די אַקסלען און האָט געהאַלטן אין זיינע אָדער־דיקע, שוואַרצע הענט די עמבּלעמע פון דעם שר איבּער די טייכן אין געשטאַלט פון א שיף מיט א הייליקן, וואָס גיט צוויי קינ־דערלעך א ברכה. עס זיינען מיט אים מיטגעווען פיר אַלטע מאַטראָסן מיט דיקע, ווי קאָרע, נעלע, האַרטע, ווי האָלץ ליכט אין די הענט, וואָס מען האָט, אויבּ מען דאַרף, אויך געקענט בּאַנוצן צו אַנדערע צוועקן. דער קאַלאַבּריער האָט געשפּאַנט פייערלעך און אויפגעהויבּן צום הימל זיין איין און איינציק אויג, שאָקלענדיק זיך מיט התלהבות אויף די פיס.

נאָך אים זיינען געגאַנגען די מעטאַל־אַרבּעטער, די זין פון הייליקן אליהו, די מעסער־מאַכער, שלאָסערס, שמידן אונטער דער אָנפירונג פון גוניאָ, וועלכער האָט אין דער געליטענער בּשעת דעם

קאַמף האָט געטראָגן אַ הויכן צלם, וואָס אויף זײַן טעוועלע האָבן זיך אָנגעזען די עמבלעמען פון צעך, און אַמבאָס מיט אַ האַמער. ווײַטער זײַנען געגאַן די ווײַנגערטנער און בעדנערס, וואָס האָבן געזונגען אַ הימן צום ווײַן און צו זייער שר דעם הייליקן ווינסענט, אויפהייבנדיק הויך די עמבלעמע פון זייער צעך אויף אַ הויכן שטעקן... ס'איז ממש אוממעגלעך אויסצורעכענען אַלע. ווען דער קאַראַהאַד איז פאַרביי דער משונהדיקער פיגור, האָט דער הילצערנער בנין אַ ציטער געטאָן און פון אָרט זיך גערירט.

און פאַר איר זײַנען ווי פאַר דעם אָרון-הברית פאַרבייגעגאַן ווײַס געקליידטע מיידלעך, וואָס האָבן געקוויטשעט אַרויס עפּעס געזאַנגען. דער מער מיט די דריי בייזיצערס זײַנען געגאַן דערלעבן און געהאַלטן אין די הענט די עקן פון די בענדער, וואָס האָבן אַראָפּגעהאַנגען פון דער חופּה. די ראַטמענער האָט אַרומגערינגלט אַ סוויטע פון די קינדער פון איוואַן און קאָסמאַ, הינטער זיי האָט געשפּאַנט דער קאַטעדראַל-שווייצער, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ רויטער האָן, נאָך אים ווידער דער קאַנאָניקער אין דער באַגלייטונג פון גלהים, וואָס האָבן געזונגען אַ פּזמון.

ווײַטער האָט געשטראָמט אַ כוואַליע מענטשן, אַ צונויפגעדריקטע, געדיכטע, ווי פּאַווידלע, און באַוועגלעכע, ווי אַ געווימל פון בינען. מיר זײַנען אַרויס פון שטאָט און זיך געלאָזט גלײַך אויף דער לאָנקע. דעם אַרײַנגאַנג אַהין האָט געהיט אַ פרישע שמירה, דריי פּאָליציי-לײַט מיט אַ קאַפּיטאַן, וואָס האָט ערשט ניט-לאַנג געהאַט איבערגענומען די דינסט אין שלאָס. דער קאַפּיטאַן איז געווען אַ פּנים חדשות, און האָט אַלץ דעריבער גענומען ערנסט, ער האָט תחילת געוואָלט דער פּראָצעסיע פאַרווערן דעם אַרײַנגאַנג (ער איז אומגעלאָפן און געדרייט מיט די אויגן), דאָסזעלבע, אָבער בלויז לפּנים האָבן געטאָן די פּאָליציי-לײַט, וואָס האָבן געוואוסט דעם גאַנצן סוד פון דער מעשה פון המון-עם האָבן זיך דערהערט, ווי עס איז פריער געווען אָפּגעמאַכט, געשרייען און דראָונגען, וואָס האָבן אָבער געקענט פערוואַנדלען דאָס שפּיל אין אַ מלחמה, מחמת די עמבלעמע פון הייליקן ניקאָלאַי האָט געציטערט אין דעם קאָלאָבריערס הענט און די ליכט אין די הענט פון זײַנע משרתים.

דער מער האָט צו דער רעכטער צייט זיך אַרויסגערוקט און אַ געשריי געטאָן:

— אַנטבלויזן די קעפּ!

באותו הרגע איז אַראָפּגעפאַלן דער שלייער פון דעם גע־שטאַלט, און די שטאָטישע העראָלדן האָבן אויסגערופן אויפן קול:

— מאַכט אַ וועג! דער פירשט גייט.

די מהומה איז תיכף געשטילט געוואָרן. אַלע הייליקע האָבן אין זייערע שורות סאַלוטירט, און דער קאַפּיטאַן מיט די פּאָליציי־לייט האָבן אויפגעהערט צו ווערן דעם אַריינגאַנג. דער קאָראָהאָד האָט זיך אַריינגערוקט, פירנדיק מיט זיך דעם פירשט in effige *) אַזוי לכל הפחות האָט בפני כל עם ועדה געזאָגט דער נאָטאַריוס, דעם אמת גערעדט אָבער, איז דאָס געשטאַלט לחלוטין ניט געווען דער פירשט. מיר האָבן ניט געהאַט קיין צייט און חשק אים צו קלעפּן, האָבן מיר גענומען פון עפּעס אַ בוידעם אַראָפּ אַן אַלטע פי־גור (מען האָט זיך קיינמאָל ניט דערוואוסט, ווער דאָס איז און ווער עס האָט געמאַכט), וואָס אויף דעם פונדאַמענט אירן האָט זיך אָנגעזען אַ האַלב אָפּגעריבענער אויפשריפט: בלשאצר.

וואָס שאַדט עס אָבער? ס'איז דאָך באַוואוסט, אַז אמונה איז אַ רפואה בדוקה. דער פירשט איז דאָן דורך אינמיטן די שורות און די פאָנען האָבן זיך פאַר אים פאַרנייגט. ער איז אַזוי אַרום אַרויף אויף זיין לאָנקע און מיר נאָך אים אַלס זיין סוויטע, מיט מוזיק, געזאַנג, פּענער... ווער האָט געקענט מאַכן עפּעס אַ פּאָר־וואורף, ווער האָט געקענט אײַנזען דעריגען כאָטש אַ שאָטן פון מורד זיין? דער קאַפּיטאַן האָט סוף כל סוף געמוזט מסכים זיין. ער האָט געהאַט פאַר זיך צווייערליי ממה־נפשכם: אָדער אַרע־סטירן דעם פירשט, אָדער זיך אָנשליסן אָן דעם צוג. פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט געטאָן, וואָס ער האָט געמוזט טאָן.

אַלץ איז געגאַנגען כשורה, פלוצלונג איז די שיף שיר ניט דערטרונקען געוואָרן ביים סאַמע באָרטן צוליב דעם סכסוך צווישן פאַרשטייער פון הייליקן ניקאָלאַי און הייליקן אליהו, ווער עס דאַרף

*) אין פאָרטרעט.

אַריין דער ערשטער אויף דער לאַנקע, אַלס אַ ליבהאָבער פון אַלע הייליקע בין איך צוגעלאָפן צו הילף.

— ברידער! ס'איז ניטאָ ביי אונז קיין ערשטע און לעצטע! דער ערשטער איז בלויז דער פירשט אַליין, אַלע איבעריקע זיינען גלייך און אויב איר ווילט איך זאָל אייך אָנווייזן אויף אַ חשובערן פון אַנדערע... איז עס אָט... דער פאָרשטייער פון גאָט באַקכוס!

איך האָב כהרף עין אַ כאַפּ געטאָן פאַרן קאָלנער מיין וואוילן, האַלב-שיכורן גאָמבי און אים געטראָגן פאַר זיך ווי אַ עמבלעמע און בין אַרויף אויף דער לאַנקע אונטער אַ געלעכטער פון עולם.

די גאַנצע לאַנקע איז געוואָרן פול מיט מענטשן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן טענץ אַרום דעם פירשט, פאַרווײַלונגען; מען האָט גע-געסן, געטרונקען, געדוט ביז שפּעט אין אָוונט, אויף צו מאָרגנס האָט די לאַנקע אויסגעזען, ווי אַ חזיר-שטאַל, ווי אַ מיסט-קאַסטן. פון גראָז איז קיין זכר ניט געבליבן, אַלץ האָבן צעטרעטן די ווילן פון דעם פירשטס פאַרערער, און די התלהבות, מיט וועלכער די גאַנצע שטאָט האָט אים אָפּגעגעבן כבוד, האָט לחלוטין אַ תל גע-מאַכט פון זיין אייגנטום. איך מיין, אַז ער איז געווען צופרידן, מיר אויך.

דער פּראָקוראָר האָט נאָכן אומקערן זיך, צומאָרגנס, דערלאַנגט אַ פּראָטעסט און אָנגעהויבן אַן אויספאָרשונג, ער האָט זי אָבער ניט פאַרענדיקט און... די טיר האָט זיך געעפנט. קיינעם איז אָגב ניט געגאַנגען אין אויפקלערן די זאַך.

אַזוי אַרום האָבן מיר געוויזן פאַר דער וועלט, אַז מיר קענען זיין דעם פירשטס גוטע אונטערטאַנען און טאָן אַלץ, וואָס אונז גע-פעלט, ניט רעכענענדיק זיך מיט זיין ווילן. דאָס איינגעגעבענע שפּיל האָט אַלעמען גוט געוויילט.

— מיר האָבן נאָך פונדעסטוועגן אַ ביסל פאַנטאַזיע... אמת... מיר וועלן זיך ניט לאָזן! אַלץ וועט גוט זיין!

און די דערמאָנונג אָן די איבערגעלעבטע צרות איז אַוועק פון די נשמות פון די קלאַמסיאַנער.

XII

## ביי יענעם.

סוף־כל־סוף האָט מען זיך געמוזט אַנטשליסן, וואו צו וואוינען. איך האָב אַלץ אָפּגעלייגט פון טאָג צו טאָג. בשעת אַ מענטש וויל געבן אַ שפּרונג, ציט ער זיך אַ ביסל צוריק. דערווייל האָב איך זיך אומגעשלעפּט פון איין באַקאַנטן צום צווייטן, דאָ האָב איך גענעכטיקט איין נאַכט, דאָרט צוויי. כל־זמן אויף אַלץ איז געהאַנגען דער קאָשמאַר פון פּחד און די דערמאָנונג אין די שרעקלעכע איבערלעבענישן, האָט יעדער איינער זיך געפילט ביים צווייטן גוט. אייביק אַזוי דוירן האָט עס אָבער ניט געקענט. די סכנה האָט זיך דערווייטערט, און יעדער איינער איז אַריינגעקראָכן אין זיין שאָל אַריין: וואָס זאָל איך טאָן, אַז איך האָב קיין אייגענע שאָל ניט געהאַט. כ'האָב דאָך ניט געקענט זיך אַריינציען אין אַן אכסניה, די טאָכטער מיט די זין וואָלטן עס ניט דערלאָזן. די בחורים האָבן פאַרשטייט זיך קיין גרויסע גדולה מיט מיר ניט געהאַט דאָך אַלס באַלעבאַטים אין קלאַמסי, וואָס פאַרנעמען אַ געוויס אָרט, האָבן זיי אַזאַ זאַך ניט געקענט דערלאָזן, אַז לייטן זאָלן טייטן מיט די פינגער. זיי האָבן זיך אָבער ניט געאײַלט. איך האָב אַ צו לאַנגע צונג און דאָס זיינען דאָך שרעקלעכע פּרומאַקעס. זיי האָבן זיך מישב געווען, ווער עס דאַרף ברענגען דעם קרבן און זיינען געווען פאַררעדגהט גלייך מיט מיר. מאַרטינעטעלע האָט מיך אָבער אמת ליב און זי האָט פון ערשטן טאָג אָן געבעטן, כ'זאָל וואוינען ביי איר. המ... אָבער וואָס וועט זאָגן דאָס איידימל, האָב איך מיט שרעק געטראַכט. איך האָב דעריבער זיך אָפּגעזאָגט פון אַלע דריי און זיך איינגע־

אָרדנט איןביידל ביים וויינשטאָק, לעבן באָמאָנער טראקט. דאָ האָב איך גענעכטיקט מיט דער פּעסט, און די פארבלענדטע לייט, וואָס האָבן פארברענט מיין הויז, אין וועלכן ס'איז קיין זכר פון מחלה ניט געווען, האָבן אָט־אָ־די פארפּעסטע בודע איבערגעלאָזט. איך האָב שוין אָבער פאר דער נקבה ניט מורא געהאַט, און האָב פראנק־און־פריי זיך דאָ באַזעצט, וויסנדיק גאנץ גוט, אז ווינטערן דאָ איז אוממעגלעך, אין אזא קאמער מיט אָפענע טירן, אויסגע־האקטע שויבן און געלעכערטן דאך, דורך וועלכן עס האָט גענאָסן זיך אריין בעת א רעגן. ס'איז אָבער גראָד ניט געגאַן קיין רעגן... מאָרגן... עי... ווער טראכט עס דאָרט וועגן מאָרגן? בשעת איך קען ניט ארויסקריכן פון א פארלעגנהייט, האָב איך א טבע אָפּצולייגן אויף מאָרגן.

ניטאָ וואָס דעם קאָפּ זיך צו ברעכן, האָב איך צו זיך א זאָג געטאָן און געוואַרט, אָדער ריכטיקער אויף קיין זאך ניט געוואַרט, נאָר גערוט זיך אָפּ, פארמאכנדיק און פארשטעלנדיק לשם גרעסער באַוואָרעניש די טיר. איך האָב געטראַכט, אָבער אָן איבעריקע עגמת־נפש. איך האָב דורכגעאקערט מיין גאָרטן, ארומגעשניטן די טרו־קענע צווייגן, צוגעדעקט די ווינטערוויבן, ארומגראָבן די קאָרטשן, ארומגעוויקלט די וואונדן אין דער קאָרע פון אַלטע ביימער, מיט איין וואָרט איך האָב מיין גאָרטן צוגעגרייט צום ווינטער־שלאָף אונטער דעם שניי־צודעק.

בשעת איך האָב שוין געהאַט זיך גוט אָנגעארבעט, האָב איך צייטנווייז זיך צוגיכאַפּט צו א גאָלדענעם מעלאָן, וואָס האָט זיך ערגעץ־וואו נאָך פארפלאָנטערט און זיך מחיה געווען מיט דעם שמע־קעדיקן זאַפט, וואָס איז מיר אראָפּגערונען אין האַלז אריין. איך פּלעג ניט גיין אין שטאָט אריין, סיידן ווען מען האָט באדארפט מאכן עפּיס נייע רעזערוון פון אמוניציע (דאָס הייסט משקה, אכילה און נייס) און דאָס פּלעג איך טאָן אויף אזא אופן, אז איך זאָל וואָס ווייניקער זיך באגעגענען מיט מיינע לייט. איך האָב זיי געוואָלט אײנריידן, אז איך האָב זיך געלאָזט אין א נסיעה. איך ווייס ניט, צי זיי האָבן געגלייבט, אַלס זין אָבער, וואָס זיינען געווען פול מיט ערע, האָבן זיי דאָס ניט געזאָגט. מיר האָבן געשפּילט צוויש:

זיך אין טשוטשו-באַבע! מיר האָבן אָבער ניט גענומען אין אַכט מאַרטינעטעלען, וואָס האָט תיכּף זיך געכאַפּט אויף דער המציאה.

איינמאָל, אַרויסגייענדיק פון ביידל, האָב איך זי דערזען פון דערווייטנס. כ'בּין אַריין אינעווייניק און פאַרשלאָסן די טיר. כ'בּין געזעסן מיט אַ פאַרטייעטן אָטעם. מאַרטינעטע האָט אָנגעקלאַפּט:

— עפן, טאַטע. איך ווייס, דו ביסט אינדערהיים!

זי האָט געפּויקט מיט דער פויסט, מיט די קני, מיט די שיך. לסוף האָט זי געלאָזט צורו. איך האָב דערהערט, זי גייט אַוועק. בין איך אַרויס און אָנגעהויבן לאַכן. איך האָב געלאַכט, געהוסט, טרערן האָבן מיר די אויגן פאַרגאָסן. פּלוצלונג דערהער איך הינטער זיך אַ קול:

— ווי שעמסטו זיך ניט, טאַטע?

איך בין שיר אויף דער ערד ניט געפאַלן. איך קוק זיך אום, זי שטייט אונטערן מויער.

— ביסטו, אַלטער ליץ! — האָט זי אַ זאָג געטאָן פרייליך און מיר האָבן זיך ביידע פּלוצלונג צעלאַכט.

איך האָב זי אַריינגענומען אין ביידל. זי האָט מיך גענומען אָן פאַר דער באָרד און גענומען זי גאַנץ שטאַרק טרייסלען רעכטס, לינקס, אַרויף און אַראָפּ.

— דאָס איז אַ חרפּה און אַ שאַנד! — האָט זי אַ זאָג געטאָן. — אַזאַ גראָער מאַן און מאַכט נאָך אַזעלכע הינטישע שטיק.

דערנאָך האָט זי מיך אַ קוש געטאָן האַרציק און געזאָגט:

— נו, קום!

— וואוהין? — האָב איך אויסגעשריען.

— אַ היים!

— איך בין דאָך אָבער ניט גרייט! איך מוז זיך דאָך איינפּאַקן די זאַכן!

— איינפּאַקן? — האָט זי אַ פרעג געטאָן. — איז געפּאַקט!

זי האָט מיר אַרויפגעוואָרפן אויף די פּלייצעס דעם ראָק, אָנגעטאָן אויפן קאָפּ דעם אַלטן, אָפּגעהומלטן הוט, אָפּגעשטויבט די קני און אַ געשריי געטאָן:

— שוין אַלץ צונויפגעפּאַקט... היידאַ!

— וואַרט אַ רגע! — האָב איך זיך געבעטן און אַוועקגעזעצט אויף דער שוועל.

— ווי הייסטו! — האָט זי אויסגעשריען מיט כעס. — דו עקשנסט זיך איין, ווילסט ניט גיין צו מיר.

— איך עקשן זיך ניט איין! ניין... פאַרשטייט זיך, אַז איך זע, כ'וועל סוף כל סוף מוזן גיין צו דיר — ווייל קיין אַנדערע עצה האָב איך ניט!

— אַ שיינע מעשה! איך זע, דו האָסט מיך גאָרניט ליב!

— איך האָב דיך זייער ליב, טייערע מאַרטינעטע, איך וואָלט אָבער זיכער וועלן דיך ליב האָבן ביי זיך, איידער אָנצוקומען צו יענעם.

— צו יענעם? ס'איז דאָך ביי מיר. —

— המ... בלויז אַ העלפט! — האָב איך באַמערקט.

— אָ, ניין! — האָט זי קאַטעגאָריש געענטפערט. — זיי, טאַטע, רויק. איך בין ניט מסכים מיט דעם, וואָס ער וויל פאַרדאָס מוז ער אָבער מסכים זיין מיט דעם, וואָס איך וויל. וועסט זען... ער וועט זיין איבערגליקלעך! איך וואָלט אים געוויזן, ער זאָל ניט זיין איבערגליקלעך! האַ... האַ!

— איך גלייב דיר! — האָב איך געענטפערט. עד־היום פלעגט איר אָבער האָבן בלויז קאַמאַרניקעס... למשל, זעלנער פון פירשטדע נעווערס גאַרניזאָן, איך אַליין בין אָבער ניט געוויינט צו זיין אַ קאַמאַרניק ביי יענעם...

— וועסט זיך צוגעוויינען, טאַטע! — האָט זי אַ זאָג געטאָן.— לאָמיר ניט ריידן בחינם... נו, אין וועג אריין!

— גוט, נאָר איין תנאי:

— דו שטעלסט שוין תנאים?

— אַז איך וועל וואוינען, וואו איך וועל וועלן.

— איך זע, דו וועסט זיין אַן אכזר! מילא... מסכים!

— זאָגסט צו?

— איך זאָג צו!

— און נאָך אַ זאַך...

— קיין וואָרט ניט! אין וועג אריין!

זי האָט מיך אָנגענומען פאַר דער האַנט און פּלוצלונג...

— אַאוּ! ווי דו קנייפּסט... צו אַלדע...

א נקבה אַזאַ. זי האָט מיר אַ קניפּ געטאָן, אַזש דאָס בלוט...

מילא, כ'האָב געמוזט גיין.

בשעת מיר זיינען געקומען אַהיים האָט זי מיר אָנגעוויזן מיין שטיבל, הינטערן געוועלב, אַ וואַוילס, וואַרימס און בשכנות מיט איר צימער. דאָס וואַוילע ווייבל איז זיך מיט מיר באַגאַנגען ווי מיט אַ קינד ביי דער ברוסט. דאָס בעט איז געווען אָנגעגרייט, אַ ריינס, אַ שמעקעדיקס. באַחנטס, און אויפן נאַכט-טישל איז געשטאַנען אין אַ גלאָז אַ בוקעט. איך בין געווען גערירט, כ'האָב אָבער צו זיך אַזוי געזאָגט:

— איך וועל זי אַריינפירן אין באָסט — און אַ זאָג געטאָן מיט אַ זיכערער שטים:

— דאָס געפעלט מיר ניט!

זי האָט אַ געטראָפענע מיר געוויזן אַנדערע חדרים אין פּאַרטער, איך האָב אָבער קיין איינס פון זיי ניט געוואָלט, פאַר דאָס אָבער האָב איך זיך אויסגעקליבן די קליינע שאַלקע. זי האָט זיך אָנגעהויבן בייזערן, איך האָב איר אָבער געזאָגט:

— ווי דו ווילסט, מיין טייערע. יאָ, צי ניין? אָדער איך וואוין דאָ, אָדער קער זיך אום איןביידל!

זי האָט געמוזט אָפּטרעטן.

— מאַרטינעטעלע! — האָב איך אַ פרעג געטאָן, — זאָג מיר אַזוי ערלעך, וואָס וואָלסטו געטאָן אויף מיין אָרט?

זי האָט אַ רגע געטראַכט, און דערנאָך געענטפערט:

— דאַכט זיך, דאָס זעלבע, טאַטע.

— טאָ לאָמיר זיך צעקושן און... אַ גוטע נאַכט! — האָב איך אַ זאָג געטאָן, און זי איז אַוועק, ברומענדיק עפּעס אונטער דער נאָז.

*

* *

די ערשטע עטלעכע טעג איז מיר געווען אַזוי גוט ווי אין

אַ גן-עדן. אַלע האָבן מיך געצערטלט, מיך באַדינט, פלאָרימאָנד אפילו האָט זיך באַמיט טרעפן וואָס איך וויל און מיך באַשיט מיט אויסדריקן פון אַ זונישער ליבע. מאַרטינעלע האָט מיר נאָכגע-קוקט, קלאָטעלע געטשוויטשערט, ווי אַ פייגעלע. איך האָב געהאַט דעם בעסטן פּאָטעל, מען האָט מיר דערלאַנגט די ערשטע שיסל, צוגעהערט זיך מיט יראת-הכבוד צו מיינע רייד...

ס'איז געווען אַזוי גוט... אַך, ווי גוט, אַז כ'האָב ניט געקענט ממש אויסהאַלטן. דער רוח האָט מיך גענומען, איך האָב ניט גע-קענט איינזיצן אויף אַן אָרט, צוואַנציק מאָל אַ שעה האָב איך זיך געשלעפּט אויף די טרעפּ אויפן בוידעם און ווידער אַראָפּגעקראָכן. איך האָב געפילט, אַז דאָס רייצט אַלעמען. מאַרטינעטעלע אַליין פלעגט שפּרינגען פון אויפרעגונג, בעת זי האָט געהערט מיין סקריפּען אויף די טרעפּ פון מיינע טריט. ווען ס'זאָל זיין זומער, אַנטלויף איך אין פעלד אַריין, איצט האָב איך זיך אומגעקערט אויפן בוידעם. דער האַרבסט איז געווען אַ פינסטערער, קאַלטער, אַ געדיכטער נעפּל האָט באַדעקט די פעלדער און אַ רעגן האָט טעג און נעכט גע-גאָסן, ווי פון אַ ציבער. איך בין געווען צוגעשמידט צום אָרט, און דערצו נאָך צו אַ פּרעמד ווינקעלע... רבונו של עולם!

מאַרטינעלע האָט זיך ניט אָפּגעגעבן קיין גענויעם דין-וחשבון, אַז פלאָרימאָנדס עסטעטישער קוק איז געווען אַ שרעקלעכער, און דאָס גאַנצע הויז איז דעריבער פול געווען מיט זאַכן, וואָס האָבן מיך דערפירט ביז יאוש. איך וואָלט וויים איך וויפל געגעבן, צו קענען ענדערן זייער אויסזען, אָדער לכל-הפחות איבערשטעלן אויף אַן אַנדער אָרט. דער באַלעבאָס איז אָבער געשטאַנען אויף דער וואָך און געמאַכט סקאַנדאַלן ביי יעדן מאָל, וואָס איך פלעג אָנרירן בלויז מיט די פינגער די אוצרות זיינע. דער עיקר איז געווען פשוט עקלהאַפט דאָס עס-צימער, מיט דעם גרויסן קרוג און מעטאַלע-נעם פונדאַמענט מיט צאַצקעס, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר צוויי טייבעלעך, וועלכע קושן זיך און אַ מיידל, וואָס לאַכט מיט קעל-בערנער התפעלות צו אַ בחור. עס האָט מיך גענודעט נאָך יעדן מאָל קוקן דערויף, איך האָב דעריבער געבעטן פלאָרימאַנדן, ער זאָל דאָס פאַרזעעניש לכל-הפחות ביים עסן אַראָפּנעמען פון טיש. ער האָט

אָבער אויס געפיל צו זיינע רעכט, קאַטעגאַריש זיך אָפּגעזאָגט דאָס צו טאָן, איז געווען שטאָלץ פון זיין קרוג און אים געהאלטן פאַרן לעצטן אויסדרוק פון קונסט, מיינע קאַפּריזן ווידער האָט ער געהאלטן פאַר נאַריש.

וואָס האָב איך געזאָלט טאָן? לאַכן פון זיך אליין, צי וויינען פון זיך? גאַנצע נעכט האָב איך זיך געדרייט פון איין זייט אויף דער אנדערער, ווי א קאָטלעט אויף א פּאַטעלניע און זיך צוגעהערט צום גערויש פון רעגן אויפן דאַך. איך האָב אפילו ניט געוואגט ארומצוגיין איבער מיין חדר, מחמת דאָס גיין האָט געטרייסלט דעם גאַנצן סופיט און געוועקט די שלאָפנדיקע.

ווען איך בין זיך איינמאָל אזוי געזעסן אויפן בעט מיט אַראָפּגעלאָזטע, בּאָרוועסע פיס און געטראַכט, האָב איך בּאַשלאָסן צו טאָן א גרויסע זאַך: קאַליאַ ברעניאַן, — האָב איך א זאָג געטאָן צו זיך—כ'וויים ניט, ווי אַזוי און אויף וואָסער אופן, דו מוזט זיך אָבּער נעמען צום אָפּבויען דיין הייזל. פון דער רגע אָן בּין איך פריילעכער געוואָרן און אָנגעהויבּן שטילערהייט עפּעס צו טאָן, ניט זאָגנדיק די קינדער, פאַרשטייט זיך, וועגן דעם, וואָס איך האָב ברעה צו טאָן.

פון וואַנען אָבער זאָל איך נעמען געלט?

ווען איך זאָל זיין אָרפּיי, וואָלט איך מיט געזאַנג שטיינער רירן און הייסן זיי שאַפן ווענט. איך האָב אָבער קיינמאָל קיין שטים ניט געהאַט. איך בין אָן לאַנגע שהיות דעמאָלט אוועק צו מיין פריינד פאַיאַר, הגם דער וואוילער מענטש האָט מיר לחלוטין ניט פאַרגעלייגט קיין הלוואה. איך האָב אויסגענוצט דאָס גוטע וועטער און אוועק אין דאַרנעסי. אייגנטלעך האָט בלויז אויפגעהערט צו רעגענען, אָבער קיין גוט וועטער איז ניט געווען, איבערן הימל זיינען נידעריק געקראָכן שווערע כמאַרעס, און די געלע נוסנבוים בלעטער האָבן זיך אויסגעשפּרייט אויפן וועג.

ביי די ערשטע ווערטער האָט פאַיאַר א ציטער געטאָן, זיך פאַרקרומט און איבעררייסנדיק מיך, אָנגעהויבן זיך באַקלאָגן אויפן שטילשטאַנד אין די געשעפטן אויף וויניק רעקונג במזומנים און

שלעכטע קליענטן, אזוי, אז איך האב אים א זאג געטאן כהאי לישנא:

— טייערער פאיאר... אפשר ווילסטו פון מיר א גמלות-חסד אויף חיונה?

איך בין געווען באליידיקט א שרעק, ער אויך, אפשר נאך מער. מיר האבן גערעדט מיט אייז-קאלטע שטימען וועגן כלערליי זאכן. ס'איז געווען א בושה פאר אים. איך ווייס, ער איז ניט קיין שלעכטער מענטש, אז ער האט מיך הארציק ליב און ער וואלט מיר די רגע אלץ געגעבן, וואס איך וואלט נאר פארלאנגען. אזוי זיינען שוין די אלע קליינבירגער. אפילו דער גרעסטער וותרן וועט תמיד זאגן ניין, טאמער וועסטו מרמז זיין אויף זיין קעשענע. פאיאר וואלט איצט אלץ געווען אוועקגעגעבן, ווען כ'זאל נאר געווען א פיפס טאן... איך האב עס אבער ניט געטאן. איך האב נאך גע-צוואונגענערהייט גערעדט וועגן דאס און יענץ, און זיך אויפגע-הויבן פון ארט. ער האט מיך באגלייט ביז דער טיר. בשעת איך האב זי געעפנט, האב איך לענגער ניט געקענט אויסהאלטן, האב אים ארומגענומען דעם האלז און א קוש געטאן אן א ווארט אפילו.

ער האט מיר צוריק געגעבן א קוש און מיט פחד א זאג געטאן:

— איך וועל דיר געבן, וויפל דו ווילסט... וויפל דו ווילסט...

— לאמיר וועגן דעם ניט ריידן! — האב איך קאטעגאריש געענטפערט

— קאליא! האט ער א זאג געטאן מיט תחנונים. — לאמיר צוזאמען עסן מיטאג!

— מילא... גוט! — האב איך באשלאסן. — דאס איז אן אנדערע מעשה... מיר קענען, מיין טייערער, עסן מיטאג!

מיר האבן געגעסן א סך און גערעדט, איך בין אבער געבליבן אייזנפעסט. הגם איך האב דערביי צומייסט געליטן, האב איך גע-וואלט אנלערנען פאיארן.

איך בין אוועק קיין קלאמסי און אנגעהויבן באטראכטן דעם פראבלעם. עס איז געגאנגען אין דעם, איך זאל אפבויען צוריק דאס הויז אן בוי-מאטעריאל, געלט און ארבעטער. די מניעות האבן מיך אבער ניט אפגעהאלטן פון מיין באשלוס. קודם-כל האב איך געגוי

באקוקט דאָס גאנצע אָרט פון דער שרפה און צונויפגעלייגט אלץ, וואָס האָט געקענט צונויף קומען, די איבערגעבּרענטע קלעצער, פאר־שרפעטע קאכלעס און ציגל, אלט אייזן, דערנאָך האָב איך באַ־חשבונט ווי אזוי אויסצונוצן די פיר וואקלענדיקע ווענט, וואָס זיינען געווען שווארץ, ווי די נשמה פון א רשע.

דערנאָך בין איך אוועק אין די שטיינערנע גרובן אין שעראָם און אָנגעהויבן גראָבן, זיך גראבלען, ארויסבאקומען שטיינדעלעכווייז דעם ביין פון דער ערד, דעם ווארעמען שטיין, וועלכער איז רויט פון בלוט, וואָס האָט דאָרט אמאָל געפלאָסן, איידער ער איז פאר־גליווערט געוואָרן אין א הארטן בלאָק. איך בין זיך מודה, אז, גייענ־דיק דורכן וואלד, האָב איך עטלעכע אלטע סאָסנעס געהאָלפן פאר־ענדיקן זייער לעבנס־קאַריערע און אייביקער רו. ס'איז עפּעס געשען זיך אזוי, כלאחר־יד. אפשר האָב איך געטאָן אַן עוולה, אָבער וואָס וואָלט ווערט געווען דאָס לעבּן אָן אַזעלכע עוולות? דאָס האָלץ איז אַן אייגנטום פון שטאָט... איך אויך... אמת? האָב איך זיך באנוצט מיט מיינע רעכט שטיל, רויק און פּטור! דער עיקר איז ניט מיס־צובּרויכן! איבעריקנס, אַזוי האָבּן אַלע געטאָן...

אָבער בּאַזיצן איז נאָך גאָרניט, מען האָט עס בּאדארפט איי־בערפירן, אין דעם האָבן מיר צוגעהאָלפן די שכנים. איינער האָט מיר געגעבן א וואָגן, דער צווייטער אָקסן, דער דריטער האָט מיר געליען מכשירים, און אפילו אַליין געאַרבעט דערבּיי... מחמת אַזא אַרבעט קאָסט דאָך ניט קיין געלט. דו קענסט בּיי אונזערס אַ שכן פארלאנגען אלץ, וואָס ער האָט, אפילו דאָס אייגענע ווייב זיינס, נאָר ניט קיין געלט. איך פאַרשטיי עס זייער גוט, געלט דאָס איז... מעגלעכקייט צו האָבּן, וואָס דאָס הארץ געלוסט...: דאָס איז דער סימבּאָל פון טרוימען... דאָס איז אַ זאַך ניט אויסצורעכענען און דעריבער ניט צום אָפּשאצן. די רעשט... איז ניט קיין סך ווערט, מחמת מען האָט עס שוין, און דער מענטש ווערט דערצו גלייכ־גילטיק.

דער פראָסט האָט גראָד דעם טאָג געקנאקט, בשעת איך האָב מיט מיין טייערן ראבינעטן געקענט אָנהייבן פארציען די ערשטע באלקנס. אלע האָבן פה־אחד ערקלערט, אז איך בין משוגע. מיינע

קינדער האָבן מיר טאָג-טעגלעך געמאַכט סצענעס און דער צו-מייסט איינזעיקער מענטש האָט מיר געראַטן וואַרטן לכל-הפחות ביז פרילינג. איך הער אָבער ניט קיינעם. איך האָב הנאה פון דער-פירן ביז באָסט מיינע נאָענטע און פירשטן. איך האָב, וואָס דער אמת איז, געוואוסט, אז אליין וועל איך בפרט נאָך ווינטער, ניט בכוח זיין אויפצובויען דאָס הויז, ס'איז מיר לעת-עתה ניט געגאַנגען אָבער אינם הויז, נאָר אין א בודע, א מקום-מקלט, א קיניגל-נאָרע!

איך האָב זייער ליב מענטשן, נאָר בתנאי, איך זאָל זיי פאַר די אויגן ניט זען, בשעת איך בין ניט געשטימט דערצו. איך האָב ליב צו ריידן, צו מאָלן מיט דער צונג, איך קען זיך אָבער ניט באַגיין אָן א שמועס מיט זיך אליין. דאָס איז מיין בעסטער ידיד און איך וואָלט געגאַנגען ביז עק וועלט, אבי זיך מיט אים צו טרעפן. דערי-בער האָב איך זיך מיט בטול באַצויגן צום מיינונג פון כלל — און זיך פאַרעקשנט געגומען ווייטער בויען.

ליידער איז מיר ניט באַשערט געווען צו געווינען דעם ענין איינמאָל, סוף אָקטאָבער, האָט זיך געמאַכט א שטאַרק פרעסטל און די באַלקנס האָבן זיך באַדעקט מיט אייז. איך בין אַרויף אויף דער רושטעוואַניע און פלוצלונג... בומס... איך בין געפאַלן אויף דער ערד:

— זיך דערהרגעט! — האָט א געשריי געטאָן ראַבינעט.

ער איז צו צו מיר, געוואָלט מיך אויפהייבן! איך האָב אָבער אויף צו להכעיס א זאָג געטאָן:

— איך בין בכיוון אַראָפּגעשפּרונגען!

איך האָב זיך געוואָלט אויפהייבן... איי... איי! דער פוס טוט מיר שרעקלעך ווי ביים קנעכל!... איך בין צוריק געפאַלן אויף דער ערד. מען האָט געבראַכט א בעטל, מיך אַרויפגעלייגט, די שכנים האָבן מיך באַגלייט און אהיימגעפירט, און מאַרטינעלע האָט זיך געבראָכן די הענט. ס'האָט אויסגעזען ווי א לוויה, וואָרעם קיין קולות און יללות האָט ניט געפעלט. איך האָב געטאָן דאָס בעסטע, וואָס כ'האָב נאָר געקענט, זיך געמאַכט געשטאָרבן און אזוי אַרום אויסגעמיטן דעם מבול פאַרוואורפן, אויסריידן און טענות ומענות.

XIII

## אויג אויף אויג מיט פלוטארכי.

איך האָב איבערגעלאָזט מיין פיסל אין קלעם פון גורל... אוי... שלעכט! גאָט געטרייער, וואָס האָסטו זיך אַזוי אָנגעזעצט אויף מיין פוס? האָסטו ניט געקענט בעסער צעברעכן מיר א פוס אָדער אפילו א האנט? וואָס האָסטו מיר איבערגעדרייט די זייל? איך וואָלט, פארשטייט זיך, געווען געקרעכצט, אָבער געשטאַנען לייטיש, איצט אָבער פאַל איך אויף די פיס! זאָל דיך... (לויבן אלע פעלקער פון דער ערד!) אלץ, וואָס האָסט מיט מיר געטאָן, רבונו של עולם. זעט אוים, ווי דו וואָלסט מיך וועלן אַריינטרייבן אין שרעק־לעכן באָסט. אַזוי... אַזוי!

ער ווייסט זייער גוט... ער ווייסט, אז פרייהייט איז ביי מיר טייערער פון אַלץ... און דעריבער האָט ער מיך צוגעבונדן פאַר א פוס צו א באַלקן אויפן בוידעם! איך ליג זיך, ווי א אידיאָט אויפן רוקן און קוק אויפן שפינוועבס, וואָס הענגט אַראָפּ פון אויבן... ביסט, ברודערקע, פריי! האָלטסט מיך, רבונו של עולם פאַר א פיסל... דער קאָפּ איז אָבער פריי... אהא! וואָס אמת איז, האָט זיך מיר גלייך נאָכן פאַרפאַל דער קאָפּ אויך אָנגעהויבן דרייען... איך וועל אים אָבער דעריאָגן, אפילו אויף איין פוס...

די ערשטע טעג בין איך ניט געווען זייער אָנגענעם... אמת! א צונג האָב איך געהאַט אַ פרייע, האָב איך געשאָלטן וויפל עס גייט נאָר אריין, און גוט געוואוסט, אז איך אליין בין נאָר שולדיק. ס'איז נאָך ווייניק וואָס איך האָב געוואוסט, יעדער איינער, וואָס האָט זיך נאָר דערנענטערט צו מיין בעט, האָט געקוואָקעט אָן אויפהער:

— אַלע האָבן דיך געבעטן... לאָז געמאַך! וואָס ביסטו גע-קראָכן, ווי אַ קאַץ אויף די באַלקאָנס? אַ חרפּה פאַר אַזאַ אַלטן מאַן! ער מוז נאָר זיך ארומשלעפּן און ארומשלעפּן... אהא... נו, שלעפּ זיך איצט!

אַ שיין נחת. ווען אַ מענטש ליידט, געבן אים צו פאַרשטיין, אַז ער איז אַ שוטה... איז שוין אביסל צופיל. אַלע האָבן מיר עס כסדר געחזרט, מאַרטינעטעלע, דער איידעם, די פריינט, פרעמדע, מיט איין וואָרט — די גאַנצע שטאָט. און איך האָב אַן אָנמעכטיקער געמוזט הערן, אַן ארייַנגעכאַפּטער אין קלעם, אין כעס און פאַר-פייניקט... אפילו דאָס סאָראָקעלע קלאָטע איז אויך געקומען צו קריכן און אַ געשריי געטאָן:

— דו טוסט, וואָס מען דאַרף ניט, זיידעשי... אַ מצוה אויף דיר!

איך האָב אין איר אַ שליידער געטאָן דאָס נאַכט-מיצל און אויסגעשריען:

— ארויס פון דאַנען, ראָצערין!

איך בין געבליבן אַליין און באַמערקט, אַז כ'האָב געטאָן אַ שרעקלעכן שטות. מאַרטינעטעלע האָט מיטן לעצטן כוח באַמיט זיך מיך צו איבערצייגן, אַז מען דאַרף מיין בעט אָן שום תירוץ אי-בערטראָגן אונטן, אין צימערל הינטערן געוועלב, איך האָב אָבער (ניט קוקנדיק אויפן גרויסן חשק) זיך פאַרעקשנט און אַ געשריי געטאָן: ניין! ניין, צו אַלדע שוואַרצע יאָר! איך וויל זיך ניט ווייזן פאַר מענטשן, ווען איך בין אַ שברי-כלי. איך וואָלט אַנב מסכים געווען, ווען מאַרטינעטעלע זאָל ניט געוואָן כסדר דערינען דער-מאָנען. איך האָב ניט געקאָנט דערלאָזן, זי זאָל פייערלעך רוישן אַרום מיט איר נצחון. איך האָב זי דעריבער ארויסגעטריבן.

און ס'איז געשען, וואָס עס האָט געמוזט געשען. מען האָט מיך איבערגעלאָזט רויק אויפן בוידעם... ווייַן ניט, קאָליאַ, האָסט זיך אַליין אָנגעמאַכט די גאַנצע מעשה.

תחילת איז מיר געגאַן אין דעם, איך זאָל וואָס וויניקער האָבן צו פאַרדאַנקען דעם איידעם. איך האָב דאָך געפילט, אַז ער איז אַ פרעמדער מענטש. דער חשבון איז אָבער געווען אַ פאַלשער.

די גרעסטע חכמה... איז צו זיין געליבט... דער גרעסטער שטות צו ערלויבן, מענטשן זאָלן אָן אַ מענטש פאַרגעסן... נו און... ס'איז געשען... מען האָט פאַרגעסן און דערצו אומגעהייער שנעל. קיינער האָט מיך פון איצט אָן ניט באַזוכט, אפילו קלאָטעלע האָט זיך שוין ניט באַוויזן.

איך האָב געהערט ווי זי האָט געלאַכט, געלאָפן און כ'האָב פון טיפן הארץ צו איר געשמייכלט, אָבער גלייכצייטיק אויך געזיפצט, מהמת כ'האָב געוואָלט זיך דערוויסן, פון וואָס זי לאַכט. איך האָב דעם אומדאַנקבאַרן נפשל געמאַכט פאָרוואורף, כ'האָב זיך אָבער מודה געווען, אז איך אויף איר אָרט וואָלט אויך ניט בעסער געווען.

איינמאָל (און געווען בין איך טאַקע זייער טרויעריק), איז געקומען פאַיאַר. איך האָב אים ניט זייער ליב אויפגענומען. ער האָט זיך געזעצט לעבן בעט, געהאַלטן אַ דיקן בוך אויף די קני, איינגעוויקלט אין אַ פּאַפּיר. ער האָט געפּרוווט אָנהייבן אַ שמועס עס האָט זיך אָבער ניט געלאָזט. איך האָב ביי יעדער טעמע דעם קאָפּ אַראָפּגעדרייט, איבערגעשניטן דעם פאָדעם מיט אַ האַרט וואָרט, וואָס איז געוואָרן אַרויסגעזאָגט מיט באָסט אין דער שטים.

ער האָט ניט געוואוסט, וואָס צו ריידן און אָנגעהויבן לשם צייט-פאַרטרייב צו פּויקן איבערן ברעג בעט עפּעס אַ מאַרש. איך האָב אים געבעטן, ער זאָל אויפהערן. ער האָט זיך תיכף צונויפגע-צויגן, טרויעריק געוואָרן און ניט געוואגט זיך פון אָרט צו רירן. איך האָב אין האַרצן ביי זיך געלאַכט און זיך געטראַכט:

— אהא... האָסט איצט געוויסנסביסן. ווען זאָלסט מיר געווען געבן די הלוואה, וואָלט איך ניט באַדאַרפט קריכן אויף די באַלקנס. איך האָב צעבראָכן אַ פוס... אַ מצווה אויף דיר! ס'טוט מיר גרויס הנאה! מחמת דיין קמצנות האָט מיך דערצו געבראַכט און גורם גע-ווען דאָס אומגליק!

ער האָט ניט געוואגט דאָס מויל צו עפענען, איך ווידער האָב אויך געשוויגן, הגם די צונג האָט מיך געביסן. לסוף האָב איך אויס-געשאָסן:

— רייד־זשע שוין אַמאָל צו אַלדע רוחות! מען קען מיינען

אז דו זיצסט ביים בעט פון א גוסס! ווער קומט עס עפעס שוויינן? רייד, אדער טראג זיך אפ פון דאנען! גלאץ ניט דיינע עינים, צופ ניט דאס פארשאלטענע ביכל... וואס איז דאס פאר א כתבים?

ער האט זיך נעבעך אויפגעהויבן און א זאג געטאן:

— טייערער קאליא, איך זע, דו ביסט אויפגערעגט. גיי איך דעריבער אוועק. איך האב דיר געבראכט א ביכל... דאס איז פלוטארכס „לעבנסגעשיכטן פון גרויסע לייט", וואס דער בישאף פון אסער זשאקדראמא... איך האב געמיינט:..

(ער איז נאך ניט געווען אנטשלאפן).

...איך האב געמיינט, אז אפשר...

(א, וויפל דאס האט אים געקאסט!)

...איך האב געמיינט, אז דאס וועט דיך אינטערעסירן, אז וועסט געפינען דערינען א געוויסע צעשטרייאונג:.. א טרייסט אינם לייענען...

איך האב געקענט זיין טבע ניט צו לייען קיינעם קיין ביכער, איך האב געוואוסט, אז ער היט זיי אומגעהייער אפ און וואלט ליבערשט אוועקגעגעבן א זאק רענדלעך, איידער דאס קלענסטע ביכל. איך האב געוואוסט, אז ער האט געציטערט, ווען עמעץ פלעגט זיך צורירן צו זיינס א בוך, ווי א געליבטער, בעת עפעס א שלעפער נעמט ארום ביז אין דער העלפט זיין געליבטע!

פריינד מיינער! — האב איך א זאג געטאן. — דו ביסט בעסער פאר מיר. איך בין אן אויסוואורף... קום, לאמיר זיך צעקושן!

איך האב אים א קוש געטאן, גענומען דאס ביכל, און ווען כהאב עס שוין געהאלטן אין האנט, האט פאיאר געמאכט א באוועגונג, ווי ער וואלט עס וועלן ביי מיר אפנעמען.

— אבער, כ'בעט דיך, צערייס עס ניט!...

— זיי רויק! — האב איך געענטפערט. — איך וועל עס לייגן צעקאפנס, ווי א קושעלע...

ער איז אוועק א טרויעריקער, און אומזיכערער, א באאומרויקטער וועגן דעם גורל פון זיין אוצר.

* *

*

איך בין געבליבן דערמאָלט אויג אויף אויג מיט פּלוטאַרכן פון שעראָניי, מיט דעם קליינעם, דיקן בענדל, וואָס האָלט העכער טויזנט זייטן געדיכטן נאָגעלע-דרוק. ס'איז געווען פול מיט ווערטער, ווי א זאַק ווייצלעך.

איך האָב א טראַכט געטאָן:

— ס'איז דאָ וואָס צו עסן אין משך פון דריי יאָר אָן אויפהער פאַר דריי זולל-וסובאַניקעס.

תחילת האָב איך זיך געשפּילט מיט באַקוקן די קעפּלעך פון די קאַפּיטלען, וואָס זיינען געווען באַצירט מיט אָוואַלע מעדאַליאָנען, וועלכע האָבן פאַרגעשטעלט מיט זיך קעפּ פון גרויסע לייט, אָפּגעהאַקטע, ווי הזיר-קעפּלעך, וואָס מען האָט איינגעמאַרנירט און באַשיינט מיט באַבקע-בלעטער. ס'האָט נאָך אויסגעפּעלט צום רומל ברייַן מיט פּעטרושקע אין די נאָזלעכער.

איך האָב געטראַכט:

— וואָס גייען מיך אָן, צו אַלדע שוואַרצע יאָר די אַלע גריכן און רוימער. זיי זיינען שוין אַלע אויפן עולם האמת און איך לעב! וואָס קענען זיי מיר זאָגן נייעס און אינטערעסאַנטס. איך ווייס אַלץ, איך ווייס אויסגעצייכנט, אַז א מענטש איז א חזיר, אַז ווייַן איז וואָס עלטער, אַלץ בעסער, און אַ אשה אַלץ ערגער, אַז אויף דער גאַנצער וועלט שלינגט דער שטאַרקער איין דעם שוואַכן און קליינעם, דער קליינער ווידער און שוואַכער מאַכט חוזק פון דעם גרויסן פּריץ. עס עקלט מיך פון די לאַנגע דרשות, איך האָב ליב א שיינע דרשה, נאָר בתנאי, אַז איך זאָל זי האַלטן...

איך האָב אָנגעהויבן דורכקוקן דאָס בוך מיט א גנעדיקער מינע, קוקנדיק אויף די שורות, ווי אויף שטראָמען וואַסער... פּלוצלונג... פּלוצלונג האָט עס מיך אַ נעם געטאָן... איך... זאָג אייך, מיינע ליבע... סאַר אַ פאַנג! דער שווימער פון ווענטקע האָט זיך איינס נאָך דאָס אַנדערע געגומען טוקן. איך האָב ארויסגעשלעפּט קאַרפּן.

שלייען, העכט, גאָלדענע פיש, זילבערנע, רויטע, קאָלירטע, מיט טייערע שטיינער; וואָס האָבן געפינקלט מיט שיין. און אַלע האָבן געלעבט, זיך געוואָרפן, געצאַפּלט זיך מיט די עקן, געשפּרונגען אויפן ברעג... וואָס פאַר א שוטה וואָגט עס צו זאָגן, אז זיי זייגען טויט? דערלאַנגט אים אהער!

פון דער רגע האָט די גאַנצע וועלט זיך געמעגט וואַקלען אונ-טער מיינע פיס, די ערד איינפאַלן אויף שטיקער. איך האָב אויף קיין זאַך ניט געקוקט, נאָר פאַרלאָזט די ווענטקע און נאָכגעקוקט דעם שווימער, וואָס האָט כסדר זיך אונטערגעטוקט אין וואַסער. פאַר א באַשעפעניש וועט איצט זיך באַווייזן פון די כוואַליעס ארוים האָב איך געטראַכט נאָך יעדן מאָל מיט גרוים נייגיר? אָט... ס'איז דאָ! א ניי, ביז איצט אומבאַקאַנט פישל, האָט זיך באַוויזן פון דער טיף, מיט א ווייס בייכל, געשפּרענקלטע זייטן, גרינעם און בלאָען רוקן, וואָס פינקלט קעגן דער זון. די טעג (צי די וואָכן, געדענק איך ניט גוט), וואָס איך האָב פאַרבראַכט ביי דעם פיש-פאַנג פאַר-רעכן איך צו די גרעסטע אוצרות פון מיין לעבן. זאָל לעבן מיין צעבראָכענער פוס!

איך האָב אָפּגעגעבן א שבח דעם בורא עולם, וואָס ער האָט מיר די ראיה ניט צוגענומען, וואָרעם אַדאַנק איר האָב איך געקענט שעפּן פרעמדע זעונגען, וואָס זיינען אַנגעשלאָסן אין דעם בוך, אויגן, דאָס זיינען בעלי-מופת! זיי בייטן די איינטאָניקע, שוואַרצע שנירלעך אותיות, וואָס זיינען ענלעך צו טשערעדעס שאָף, וועלכע לויפן איבערן וועג צווישן צוויי ריוון, אין די אומשטערבלעכע וויזי-עס פון לאַנג פאַרשוואונדענע געשטאַלטן. עס שטייען אויף תחית המתים גאַנצע אַרמייען, שטעט, וואָס זיינען זיך צעפאַלן אין שטויב, שיינע, בכבודע רעדנער, פאַרביסענע קעמפער, העלדן און פרויען; וואָס האָבן זיי פאַר דער נאָז געפירט, עס ווייען שטורעמווינטן איבער די מדבריות, עס קנוילן זיך כמאַרעס איבער די גרענעצן, עס פינקלט קעגן דער זון דער ים-תהום, עס גליט דער הימל פון מזרח, עס וויסן זיך די גלעטשערס אויף די הייכן...

איך זע צעזאַרן. א בלאַסער, שוואַכער רוט ער אויף א לעקטי-קע, וואָס די קנעכט טראָגן, און הינטער אים די סוויטע פון גרויסע

לייט. איך באַקוק אַנטאַניוסן, וואָס גייט דורך פעלדער מיטן חייל, איך קוק ווי ער לאַגערט, ריכט אָפּ סעודות, פאַרצוקט אַ גאַנצן ווילדן חזיר, טרינקט, גיט צוריק, וואָס ער האָט אַריינגערוקט און רוקט ווידער אויפּדראָסניי! ווייטער שפּאַנט דער באַרעכנטער פּומפּיוס, פּאָליקראַטעס אין אַ גרויסן הוט און מיט גאָלד געשטיקטן מאַנטל, אויף וועלכן עס זעען זיך אָן די סימבאָלישע געשטאַלטן פון הימל און ערד. ס'קומט מיר פאַר די אויגן דער גרויסער אַרטאַק-סערקס, ווי אַ בּוהיי אין שטאַל, וואָס געוועלטיקט איבער פיר הונ-דערט פּרויען פון זיין האַרעם, ווייטער דער שיינער אַלעקסאַנדער וואָס איז איבערגעטאָן פאַר באַקכוסן, ווען ער קערט זיך אום פון אינדיע אין אַ פּראַכטיקן רייטוואָגן, וואָס איז געשפּאַנט אין אַכט פערד, אַ געדעקטן מיט טעפּיכער און באַפּוצטן מיט בלומען... הא הא... איז דאָס אַלץ ניט קיין נסים?

היינט-זשע קלעאָפּאַטרע, די פליייט-שפּילערין לאַמיע, סטאַ-טירע, אַזאַ שיינע, אַז די אויגן טוען ווי פון קוקן... איך גיי אַריין אין אַקבאַטן, טרינק אין געזעלשאַפט פון טאַיס, שלאָף מיט ראָק-סאַנע, איך פיר אַוועק קלעאָפּאַטרען צוזאַמען מיט אַנטיוכוסן בּרענט אין מיר די ליבע צו סטראַטאַניקען (זיין שוויגער... המ... דאָס איז דאָס וואונדערלעכסטע), איך ראָט אויס די גאַלן, אַ קום, גיב אַ קוק און זיג... און אַלץ אָן בלוט-פאַרגיסונג...

סאַר אַ שמחה, סאַר אַ חיות!

איך האָב לאַנג אַזוי געטרוימט איינער אַליין אויפן בוידעם... ס'האָט דער האַרבסט-ווינטער אויפגעהערט צו ווייען, ס'איז נאָך פינסטערער געוואָרן, דער שניי האָט אָנגעהויבן גלעטן מיט די שפּיצן פון זיינע פליגעל די שויבן. די שאָטנס האָבן צעוואָרפן טעפּעכער פון וואַנט צו וואַנט. איך זע וואָס אַמאָל ווייניקער. איך בייג זיך איין איבער די בלעטלעך, איך כאַפּ די מעשה, וואָס אַנטלויפט פון מיר ערגעץ צום חשבּונות. איך ריר אָן מיט דער נאָז דאָס פּאַ-פּיר, ווי אַ הונט, וואָס גייט נאָך די שפּורן... בחינם... עס קומט די נאַכט... דער פאַנג איז אַוועק, פאַרפאַלן געוואָרן.

איך פאַרהאַלט זיך אינמיטן וואַלד און הער זיך איין, און דאָס האַרץ קלאַפּט מיר שטאַרק. דאָס גערויש ווערט פאַרפאַלן,

זינקט איין אין די מרחקים. איך פאַרמאַך די אויגן, כ'זאָל בעסער זען אין חלום, ריר זיך ניט פון אָרט, אויסגעצויגן אויפן בעטל. איך שלאָף ניט... איך וועל בעסער פאַרדייען די געדאַנקען, זיך מחיה זיין מיט די בילדער, איך טראַכט... איך זוך צייטנווייז אין משך פון אַ האַלבע נאַכט אין הימל אַריין, וואָס איז געשניטן אין גלייַכע ווינקלען דורך די שויבן. איך צי אויס די אָרעמס, ריר אָן דעם אַריינגעבויגענעם העבאַן-שוואַרצן קופּאָל פון הימל און טראַכט וועגן דעם, וואו עס געפינט זיך איצט צעזאַרס שטערן...

עס טאָגט, און איך חלום נאָך אַלץ...

עס קומט אָן זונטאָג, די גלעקער קלינגען, און איך ווער פאַרשכורט פון דער מוזיק, וואָס פילט אָן דאָס הויז פון קעלער ביז מיין בוידעם.

און עס קומט ווידער די זעונג. זי הייבט זיך אויף פון די זייטלעך פון בוך ווי אַ ראַמף (זייטלעך וואָס זיינען באַדעקט מיט מיינע הערות... אָ, אָרימער פאַיאַר נעבעך!) איך הער דאָס קלאַפּן פון וועגן, דאָס רוישן פון די פיס פון באַוואָפנטע מחנות, עס שאַלן די פאַנפאַרן, עס רוישן די הערנער, עס הירזשען די פערד! עס ציטערן די שויבן, עס קלינגט מיר אין די אויערן, דאָס האַרץ קלאַפּט ווי אַ האַמער און איך וויל שוין אַ געשריי טאָן:

— **Ave cesar imperator!** —

פּלוצלונג קומט אַריין מיין איידעם פלאָרימאָנד, באַגריסט מיך, פרעגט, ווי איך בין געשלאָפן, דערנאָך גייט ער צו צום פענסטער, גענעצט אויפן קול און זאָגט:

— דער רוח הוליעט היינט אויף די פעלדער. אַ שרעקלעכער שניי שיט! מען זעט אפילו קיין הונט ניט אין דרויסן!

XIV

# דער קיניג ווײלט זיך.

**הײליקער מאַרטין.**

(דעם 11־טן נאָוועמבער)

ס'איז געוואָרן וואַרעם אויף דער וועלט. די לופט האָט אַזוי חיותדיק געגלעט, ווי דו וואָלסט דורכגעפאָרן איבער אַ שטיל, פּוכ־לע מײדלעריש בעקל. די וועלט האָט ממש דיך געגלעט, ווי אַ געצערטלט קעצל. פון פענסטער האָט געשטראָמט עפּיס אַ נעקטאַר, וואָס איז געווען דורכגעדרונגען מיט זון. עס האָבן זיך געעפנט די ווײעס פון די כמאַרעס און דער הימל האָט אָנגעהויבן קוקן מיט אַ גראָ־בלוי אויג, אויפן דאַך ווידער האָבן געטאַנצט אַ קאַדריל בינד־לעך ליכטיקע שטראַלן.

איך האָב זיך מאָדנע געפילט, אַ ביסל, ווי אַ חיהלע, אַ ביסל ווי אַ בעל־חלומות, און קודם־כל, ווי אַ געווינטלעכער ראָצער. (איך האָב באַשלאָסן ניט אַלט צו ווערן. אויף צו להכעיס צי איך זיך צו־ריק אין די יאָרן, אַזוי, אַז אינגיכן וועל איך דאַרפן האָבן שוין ווינ־דעלעך...) דאָס האַרץ איז איבערפולט מיט בענקשאַפטלעך וואַרטן, עס האָט געקוקט אויף דער וועלט, קען מען זאָגן, ווי הער ראַזשער אויף דער געטלעכער אַלציניע. איך האָב אויף אַלץ געקוקט מיט עפּעס אינערלעכער האַרציקייט. איך בין הײנט ניט מסוגל געווען אַ פליג אפילו צו באַעוולען.

איך האָב געמיינט, אַז איך בין אַליין. פּלוצלונג האָב איך אָבער באַמערקט, אַז אין ווינקל זיצט מאַרטינעטע. איך האָב זי ביז

איצט ניט געהאט באמערקט. זי האט קיין ווארט ניט גערעדט, וואס עס איז געווען אין סתירה מיט איר רגילות, זי האט זיך בלויז צו־געזעצט, זיך פארנומען מיט עפעס א האנט־ארבעט און אפילו ניט קיין קוק געטאן אויף מיר. איך האב דערפילט די באדערפעניש זיך צו טיילן מיט איר מיטן גליק, וואס האט מיך באהערשט, און האב א פרעג געטאן אט סתם אין דער וועלט אריין, אבי אנצוהייבן דעם שמועס:

— וואס האט מען עס היינט אינדערפרי געקלונגען פון הייליקן מארטין?

זי האט א צוק געטאן מיט די אקסל און געענטפערט:

— היינט איז טאקע הייליקער מארטין.

איך בין אראפגעפאלן פון די הייכן פון דבקות אויף דער ערד. אין מיינע טרוימען האב איך לגמרי פארגעסן וועגן דעם אפוטרופוס דעם גרויסן פון אונזער שטאט.

— ווי הייסט? — האב איך אויסגעשריען א פארחידושטער.

איך האב די רגע דערזען צווישן המון פון מיינע פריינט — העלדן פון פלוטארכן, אויך אן אלטן, און צו זיי גלייכן מאן, וואס שניידט דורך מיטן מעסער זיין מאנטל, כדי זיך צו טיילן מיט אן ארעמאן.

— מארטינעלע... פריינט טייערער! — האב איך אויסגע־שריען. — ווי האב איך דען געקענט אן דיר פארגעסן!

דו חידושט זיך? — האט בייז געענטפערט מארטינעטע.— מילא... שוין גוט! די לעצטע צייט שוין, זאלסט צוריק זיין ביי אלע חושים! דו פארגעסט אן גאט, אן דער משפחה, אן דעם שטן און הייליקע, אן מארטינען און מארטינעטען:.. ס'איז אחוץ דעם פאר־שאלטענעם בוך שוין קיין זאך פאר דיר ניטא.

איך האב זיך צעלאכט. כ'האב שוין פון לאנג אן באמערקט דעם בייזן קוק, וואס זי פלעגטווארפן אין מיין זייט אריין, בעת זי איז געקומען אינדערפרי און דערזען מיך שלאפן מיטן באליבטן פלוטארך. א פרוי איז ניט מסוגל ליב צו קריגן א בוך מיט א ליבע אן א שכר. זי זעט איין אין אים א קאנקורענטין, אדער א געליבטן לייענענדיק, גיט זיך א פרוי, אדער א מיידל אפ דעם העלד און

נאַרט אָפּ דעם מאַנסביל. דעריבּער מיינט זי, אַז דער מאַנסבּיל פאַרראַט זי, בּשעת ער לייענט.

— אין דעם איז שולדיק דער הייליקער מאַרטין! — האָבּ איך געענטפערט — ער ווייזט זיך ניט. ער האָט צוגענומען אין הימל אַריין זיין העלפט מאַנטל און איז זיך אַוועק. טאָכטער מיינע, נעם זיך אין קאָפּ אַריין, מען טאָר ניט לאָזן און זיך פאַרגעסן. ווער עס גייט אַוועק, פאַרגעסט אָן אים די וועלט.

— איך דאַרף ניט האָבּן די לעקציע. וואו איך זאָל ניט זיין, וויסן אַלע פון מיר גוט!

— גערעכט! מען זעט דיך אומעטום, און מען הערט נאָך מער. איך חידוש מיך, וואָס האָסטו היינט מיך נאָך ניט אויסגעזידלט. עס פעלט מיר עפּעס זידלעריי! נו... הייבּ נאָר אָן!

זי האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ.

— וועסט גאָרניט פועלן! — האָט זי אַ בּרום געטאָן.

איך האָבּ אויף איר רחמנות געקריגן, און אַ זאָג געטאָן:

— קום אַהער, גיבּ מיר אַ קוש! כ'האָבּ פאַרגעסן וועגן מאַרטינען. היינט איז דיין נאָמענטאָג... כ'האָבּ פאַר דיר אַ מתנה: קום נעם זיך זי...

זי האָט צונויפגעצויגן די בּרעמען:

— שלעכטע וויצן! — האָט זי אַ זאָג געטאָן האַרבּ.

— איך מאַך ניט קיין וויץ! — האָבּ איך געענטפערט. — קום אַהער, וועסטו זיך איבּערצייגן!

— כהאָבּ ניט קיין חשק!

— געמיינע טאָכטער! — האָבּ איך אויסגעשריען. — האָסט ניט קיין חשק אַ קוש צו טאָן אַ קראַנקן טאַטן?

זי האָט זיך אויפגעהויבּן און איז צוגעגאַן מיט וואָקלעניש.

— וואָס איז דאָס ווידער פאַר אַ הינטישע שטיק..: הע?—האָט זי אַ פרעג געטאָן.

איך האָבּ אויסגעשטרעקט די אָרעמס.

— גיבּ מיר אַ קוש!

— און די מתנה?

— האָסט זי אין דיינע אָרעמס... דאָס בּין איך אַליין!

— א שיינע מתנה! ניטא וואס צו ריידן...

— יא א שיינע, ניט קיין שיינע... איך גיב אבער אלץ, וואס איך האב, און שום באווארעניש, און דערצו אויף חסד און אומחסד. טו מיט מיר, וואס עס געפעלט דיר!

— ביסטו מסכים צו וואוינען אונטן?

— איך בין דיין קנעכט...

— און זאגסטו מיר צו צו הארכן, ביסט מסכים, מיר זאלן ארויסווייזן צוגעבונדנקייט, ערלויבסט, איך זאל מיט דיר רעגירן, דיך פלעגן, כ'זאל ברומען...

— איך זאג זיך אפ פון מיין אייגענעם ווילן...

— דאס איז אויסגעצייכנט. — איצט וועסטו זען מיין נקמה! טאטינקע טייערער, ליבער אלטעטשקער, סאר א גוטער דו ביסט... ווי ליב איך האב דיך! דו האסט קיין השגה ניט, וויפל איך האב זיך דורך דיר אנגעליטן!

זי האט מיר געגעבן א הארציקן קוש און זיך תיכף גענומען פאר דער ארבעט. זי האט קיין רגע ניט געוואלט ווארטן. מען האט מיך איינגעהילט, פלארימאנד האט צוזאמען מיט די בעקער־יינגלעך אין ווייסע מיצלעך מיך אראפגעטראגן דורך די שמאלע טרעפ אונטן אראפ אין גרויסן בעט אריין, און מארטינעטע מיט קלאטע־לען האבן זיך געזעצט תיכף לעבן מיר און געהזרט אפשר הונ־דערט מאל דאס אייגענע:

— מיר האבן דיך געפאקט, פוסט־און־פאסניק! ביסט סוף כל סוף אריינגעפאלן אין אונזער נעץ!

ס'איז מיר זייער זיס געוועזן.

זינט מיין קנעכטשאפט און, האב איך אוועקגעווארפן מיין גאווה, זיך מיט הכנעה אונטערגעגעבן מארטינעטען, עס דאכט זיך מיר אבער, כ'ווייס ניט צי ס'איז אמת, אז דווקא פון דער מינוט און בין איך געווארן דער גאנצער באלעבאס אין הויז.

*    *

*

מארטינעטע זעצט זיך איצט אפט צו צו מיר און מיר שמועסן

זיך דורך. מיר דערמאָנען זיך אָן אונזערע אַמאָליקע זיצונגען און שמועסן. דעמאָלט אָבער איז זי געווען צוגעבונדן צום בעט, מחמת זי האָט זיך אויסגעלענקט אַ פוס, אַרויסשפּרינגענדיק איינמאָל פון פענסטער, כּדי צו לויפן צום געליבטן. הגם דער אייבערשטער האָט זי געשטראָפט, האָב איך פון מיין זייט אויך ניט געזאָרגט איר קיין לעקציע און גוט אָנגעבויקערט די ביינער. איצט לאַכט זי פון דער גאַנצער מעשה און זאָגט, אַז מען האָט זי באַדאַרפט נאָך בעסער בויקערן. דעמאָלט האָב איך אָבער געהאַט פון איר צרות צרורות. עס האָבן ניט געהאָלפן די קלעפּ, זי פלעגט נעלם ווערן ווי קאַמפאַר, איידער איך פלעג זיך באַוויזן אומצוקוקן. ס'האָבן זיך אָנגעטראָפן צוויי חברה־לייט, די טאָכטער האָט אָבער אַלעמאָל אונטערגעכאַפּט דעם טאַטן. סוף כּל סוף איז דאָך קיין שום שלעכטס ניט געשען. מאַרטינעטע האָט געהאַט גענוג שכל צו פאַרלירן דעם קאָפּ (און אַנדערע זאַכן) און דער געליבטער איז טאַקע אַריינגעפאַלן, ניט זי, מחמת ער איז שפּעטער געוואָרן איר מאַן.

זי לאַכט היינט פון אירע משוגעתן און זאָגט, אַז ניט אַלע טאָג איז הייליקער ניקאָלאַי. דאָס לעבן איז לעבן און מען מוז זיך דערצו צופּאַסן.

— יעדער איינער ווייס עס, ניט אַלע ציען דערפון אַרויס די נוטיקע רעזולטאַטן! — פלעגט זי זאָגן. — מ'דאַרף האָבן שכל. זוכן ביים מאַן ליבע, איז פּונקט אַזאַ שטות, ווי וועלן שעפּן וואַסער מיט אַ זיפּ. איך בין ניט קיין נאַר, דעריבער וועל איך ניט פאַרלאַנגען קיין זאַך, וואָס מען קאָן ניט דערגרייכן. איך באַנוגן זיך מיט דעם, וואָס איך האָב. דאָך קען איך זיך ניט אָפּזאָגן פון באַאָפּאַכטונגען און פאַרגלייכן. ווי ווייניק ס'בלייבט דעם מענטש פון די יוגנטחלומות! ס'איז ניט באַוואוסט, צי די באַמערקונג איז מער נאַיוו, צו זי פאַרשאַפט מער יסורים...

מירריידן זיך אַזוי און איך פרווו דערווייל אָנשליסן מיין ליבן פלוטאַרכן אין דער געזעלשאַפט. איינמאָל האָב איך דווקא געוואָלט באַקענען מיין מאַרטינעלע מיט דער אומגעהייערער שיינקייט פון די העלדישע מעשיות. איך האָב אָבער קיין ערפאָלג ניט געהאַט. אָן עפּל, אָדער אַ פּוס גייט זי אַסך מער אָן פאַר די גריכן און רוי־

מער. זי האָט אויס העפלעכקייט זיך באַמיט צו הערן אויפמערק-זאַם, אָבער נאָך צוויי זאַצן האָב איך דערפילט, אַז במחשבה איז זי געווען ווייט ערגעץ אין פעלד, אָדער געוואַנדערט אום אין גאַנצן הויז פון קעלער אָן ביזן בוידעם.

ביים אינטערעסאַנטסטן אָרט, בעת איך האָב זיך באַמיט ווי צומבעסטן צוצוגרייטן דעם עפעקט פון סוף מעשה און געשטילט די שטים אַזש ביז אַ פליסטער, כדי דער סוף זאָל אויסקומען מעב-טיק... האָט זי פּלוצלונג מיך מקדים געווען און אָנגעהויבן רופן קלאָטעלען און פלאָרימאָנדן, אַז מען האָט אַזש געהערט עק הויף.

איך האָב זיך באַליידיקט און געלאָזט צורו. מען קען ניט פאָ-דערן פון אַ פרוי, זי זאָל טיילן מיט אונז די טרוימען. אַ פרוי איז אַ העלפט פון מאַנסביל... יאָ... אָבער וועלכע העלפט... די איי-בערשטע, צי אפשר די אונטערשטע? איינס איז אָבער זיכער, אַז מיטן מוח קען מען זיך מיט איר ניט דורכשמועסן. יעדע פון די העלפטן האָט זיך איר אייגן קעסטעלע מיט משוגעתן. מי טאָן אישה קאָן מען זיך נאָר דורכשמועסן... מיטן האַרץ.

דאָס קומט מיר זייער לייכט אָן. אַגב האָב איך ליב פרויען און כ'האָב דאָס אויפגעטאָן, אַז טאָג-טעגלעך רינגלט מיך אַרום אַ לייב-גוואַרדיע פון יונגע, רייצנדיקע ווייבער פון דער גאַנצער שטאָט. זיי זעצן זיך אַרום מיין בעט, ווי טורקלטויבן און קלאַפּן מיט די שנאָבלען. יעדע איינע קומט צולויפן מיט אַ תירוץ, אַז זי האָט עפּיס אַן ענין, אָדער אַ וויכטיק נייס, לסוף כלומרשט זיך צו לייען כלים. אַלע תירוצים זיינען גוט אַבי מען פאַרגעסט אָן זיי נאָכן איבערטרעטן די שוועל.

די שיינהייטן רינגלען מיך אַרום און קוואָקען, ווי די הינער, טשוויטשערן, ווי די שפּערלען, און פרייכן, ווי די גענז. מיר ריידן, לאַכן, און הגם איך בין אַ קאַליקע און אַן אַלטער מאַן דערצו, האָב איך דאָך אַ פולן זאַק מעשהלעך קיצלדיקע וויצן און שפּיצן, וואָס זיינען נוגע זאַכן, וועלכע מען טאָר ניט אָנרירן, און דערפאַר האָבן זיי מיך ליב דאָס לעבן.

דאָס געלעכטער הערט מען אַזש אויף דער גאַס, פלאָרימאָנד איז מיך מקנא און פרעגט וועגן דער סיבה פון מיין ערפאָלג.

— דאָס איז מיינס אַ סוד... האָ... האָ! דער גאַנצער סוד דאָס איז מיין יונגקייט! אַזוי, טייערער אַלטיטשקער!

— עי, ניין! — האָט ער געענטפערט. — ניין, אַן אַלטער ווייבּער-קריכער האָט תמיד מזל צו נקבות. זיי לויפן נאָך אים, ווי משוגענע.

— און זיינען גערעכט! — האָב איך אויסגעשריען. — אַן אויסגעדינטן זעלנער קומט דען ניט קיין אויסצייכענונג? אַלע שטופּן זיך צו אים און זאָגן: ער קערט זיך אום פון פעלד פון רום. אַזוי זאָגן צו זיך פּרויען: קאָליאַ האָט אַזוי פיל קאַמפן דורכגעמאכט אויפן פעלד פון ליבע. ער קען פרויען און ווייסט, ווי מיט זיי צו קעמפן. איבעריקנס, ווער ווייס... אפשר וועט ער נאָך אָנהייבן קעמפן אויפדאָסניי?

— אַלטער נואף! — האָט אַ געשריי געטאָן מאַרטינעטע, — דו וואַגסט נאָך צו זאָגן, אַז איצט ליגט דיר אויך ליבע אין קאָפּ?

— פאַרוואָס-זשע ניט? איך טראַכט טאַקע, צי כ'זאָל ניט נאָכאַמאָל התונה-האָבן! וואָס... דו וואָלסט געפּלאַצט פון בּאָסטע?

— האָב חתונה, ברודערקע, זאָל דיר זיין מיט מזל! — האָט זי אַ זאָג געטאָן, — דאָס איז אמת... די יוגנט מוז זיך פאַרבּיי.

* *

*

הייליקער ניקאָלאַי

(6 דעצעמבּער)

אויפן הייליקן ניקאָלאַי האָב איך זיך אויפגעהויבּן פון בּעט און מען האָט מיך צוגערוקט אויף אַ גרויסער פאָטערשטול צום פענסטער. אונטער די פיס האָב איך געהאַט וואַרעם-פלעשער, פאַר זיך אַ האָלצערנעם שטענדער מיט אַ לאָך אויף אַ ליכט אַריינצושטעלן. אַקעגן ניין אינדערפרי האָט דורכמאַרשירט פאַר אונזער הויז דער צעך פון מאַטראָסן און וואַסער-אַרבּעטער מיט מוזיק בּראָש,

מיט זייער עמבלעמע, וואס מען האט געהאלטן אינדערהייך. זיי זיינען דורכגעגאן די שטאט, איידער זיי זיינען אוועק אין קלויסטער. מיך דערזען, האבן זיי זיך אפגעשטעלט און באגריסט מיט אן אויסגעשריי. איך האב זיך אויפגעהויבן און אפגעגעבן כבוד זייער אפוטרופס, דערנאך געעפנט דאס פענסטער און גדריקט יעדן איינעמס האנט און לסוף יעדן פון זיי ארייגעגאסן אין האלז צו טראפנס משקה. ס'איז באמת געווען א טראפן אין תהום פון ים.

אקעגן מיטאג-צייט זיינען געקומען מיינע בנים און מיר געוואונטשן. הגם אין דער משפחה זיינען פאראן סכסוכים, דארף מען איין מאל אין יאר זיך איבערבעטן, און דעם טאטנס נאמענטאג איז ביי אונז א הייליקע זאך, דאס איז די אקס, ארום וועלכער עס דרייט זיך די גאנצע משפחה. איך האלט זיך דערביי און וועל עס ביזן טויט ניט דורכלאזן.

דעם טאג איז זיך די גאנצע משפחה צונויפגעקומען. מיינע בחורים האבן געהאט ניט זייער קיין פריילעכע מינע. דאכט זיך מיר, אז ביי אלע מעשיות, בין איך סוף כל סוף די איינציקע פארבינדונגס-רינג צווישן זיי. איך מאך ניט פון זיך קיין זקן, וואס באקלאגט זיך אויף די היינטיקע צייטן די שלעכטע, איך פארשטיי אלע צייטן, די ראלע פון אן אלטן מאן איז אבער אזוי אויך אן אומדאנקבארע, מחמת ער מוז זיך צוהערן פון דער טיף פון זיין פאטעל און זיך חידושן.

מיינע פיר בנים זיינען געזעסן ביים טיש. רעכטס—זשאן פראנסיס דער קאטויל, לינקס אנטואן, וואס וואוינט אין ליאן. זיי האבן אפילו ניט געקוקט אויף זיך, געטראגן שטייפע קעלנער, די אקסלען זיינען געווען ארומגענומען מיט געוואנט און די קעפ פארריסן מיט גאווה. זשאן פראנסיס איז געווען רויט, פריש, מיט א שמייכל אויף די ליפן און שטרענגע אויגן. ער האט כסדר גערעדט וועגן זיינע געשעפטן, קאפיטאלן, ערפאלג, געלויבט דאס געוואנט און זיין ליבן נאמען, וואס האט געשטיצט זיין מסחר.

אנטואן, א ראזירטער, מיט א קרייזל האר אונטער דער גאמבע, א דייטשע, צי ענגלישע מאדע, א בלאסער, קאלטער, שטייפער, האט ער גערעדט ווי צו זיך אליין וועגן זיינע אומזאצן אין

ביכער, רייזעס קיין זשענעווע, און אויך געגלויבט דעם בורא עולם, אָבער געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דאָס איז גאָר אַן אַנדערע פּערזענ-לעכקייט. זיי האָבן גערעדט איינער נאָכן אַנדערן, אָבער ניט גע-לייגט קיין אַכט אויף דעם צווייטנס רייד, נאָר כסדר געבונדן מיט זיין אייגענער מעשה.

לסוף זיינען ביידע אַריבער אויף רעליגיעזע פראַגן. פראַנסיס האָט געגלויבט די קראַפט פון אמתער ליבע, אַנטואַן האָט דער-ציילט וועגן דעם פּאָרשריט פון אמתער אמונה אויף דער וועלט. דערביי האָבן זיי ביידע געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זיי זעען ניט איינעם דעם אַנדערן און ניט געלייגט קיין אַכט אויף די רייד. בלויז אין דער שטים האָט געקלונגען עפּעס אַ מין ביטול, וואָס יע-דער איינער פון זיי האָט געפילט צום קעגנערס גאָט.

דער דריטער בן, מישעל, אַ סערזשאַנט פון אַ ווייטן קאַנט, האָט זיך געדרייט איבערן חדר, ווי אַ וואָלף אין דער שטייג, גע-פייפט, געפּויקט אין די שויבן, געצויגן אָפּגעהאַקטע ניגונים, גע-קוקט אויף ביידע ברידער, וואָס רײדן, זיי אַרײנגעפאַלן אין די רייד, איבערגעריסן מיט וויצן... לסוף דער דריטער אַנים איז גע-זעסן מיט אַ ברייט געעפנט מויל. כ'האָב פאַרגעסן, דאַכט זיך, צו זאָגן, אַז דאָס האָט ניט ער אויסגעקלערט דעם פּולווער... ער האָט ליב געהאַט צו גענעצן און לאַנגווילן זיך גאַנצע טעג. דער וויכוח האָט אים באַאומרויקט. ער האָט געהאַלטן פּאָליטיק מיט אמונה פאַר אַ מעשה-שטן, וואָס האָט געפּייניקט די מוחות פון מענטשן, וועל-כע וואָלטן ליבערשט געכאַפּט אַ דרעמל. ער האָט געהאַלטן, אַז די וועלט איז אַ מאַטראַץ, אין וועלכן יעדער איינער האָט זיך זיין אויסגעלעגן גריבעלע. ער איז זיך געלעגן אין זיין גריבעלע און ניט ליב געהאַט, מען זאָל דעם מאַטראַץ אויסקלאַפּן. בשעת דער טאָן פון שמועס פלעגט ווערן העכער, האָט ער זיך צונויפגעצויגן, אַריינגערוקט אין זיין גריבעלע, און באַשלאָסן אויף טויט און אויף לעבן צו פאַרטיידיקן דעם סדר פונם מאַטראַץ — דער וועלט.

איך האָב זיך צוגעהערט און גלענצנד געוויילט מיט דעם שטו-דירן, וואָס מיינע זין האָבן פון מיר געירשנט און ווי אַזוי דאָס האָט זיך אין זיי געענדערט. איך האָב דערקענט דעם קערן, גע-

כאפּט אויף די זשעסטן, די ווענדונגען, אפילו שפּורן פון געראַקען. אַלץ איז אָבער געווען צונויפגעמישט מיט לחלוטין פרעמדע עלעמענטן. אין יעדן איינעם האָבן געשטעקט צו עטלעכע אָדער אפילו אַ צענדליק מענטשן. איך האָב איצט פאַרשטאַנען, וואָס דערציונג גיט, ווען זי קומט אין פאַרקער מיט דער וועלט.

דער שמועס האָט זיך פאַרשאַרפט. פראַנסיס מיט אַנטואַנען האָבן אָנגעהויבן ריידן גלייך צו זיך, זיי האָבן זיך געהויבן פון די ערטער, געדראָט איינער דעם אַנדערן מיט די אויגן, מיט די הענט און וואָס אמאָל מער דערמאָנט אָן הענער, וואָס גרייטן זיך צום קאַמף! מישעל האָט זיך אַריינגעמישט אינם שמועס, און אפילו דער ליבהאָבער פון מאַטראַץ, האָט אָן אויפגערעגטער און שוין אַ ביסל בגילופין, געשריען, הגם אָן אַ סדר דאָס און יענץ.

איך האָב אַ צייט אויף זיי מיט איינזען געקוקט, דערנאָך אָבער אויסגעשריען:

— שטיל... שאַ! איך פריי זיך, וואָס איר זייט אַזעלכע וואוילע יאַטן... דאָס איז מיין בלוט, און דער מאַמעס קול! גענוג אָבער... סטאָפּ! איצט רייד איך.

זיי האָבן אָבער ניט געוואָלט הערן. ס'איז געפאַלן עפּעס אַ וואָרט, זשאַן פראַנסיס האָט געכאַפּט אַ שטול, מישעל האָט געטאָן זיך אַ נעם פאַר דער שווערד, אַנטואַן פאַר אַ מעסער, און אַנים האָט אָנגעהויבן בעטשען, ווי אַ קעלבל. — גוואַלט! גוואַלט! עס ברענט! וואַסער! איך בין געווען זיכער, אַז אַ ליאַדע רגע וועלן זיי זיך אַ וואָרף טאָן איינער אויפן אַנדערן, איך האָב דעריבער אַ כאַפּ געטאָן עפּעס אַ שווערע זאַך (על-פּי מקרה איז עס גראָד געווען פלאַרימאָנדס באַרימטער קרוג) און אים צעשמעטערט אויף פּיץ-פּיצלעך אָן דעם טיש. עס איז אַגב אָנגעלאָפן מאַרטינעטע מיט אַ טאָפּ קאָכעדיק וואַסער און געדראָט, אַז זי וועט עס זיי אויף די קעפּ אויסגיסן

זיי האָבן נאָך געשריען ווי די גענז, זיך אָבער צוריקגעמיינע שונאימס קעפּ און אַ זאָג געטאָן כהאי לישנאַ:

— שווייגט! איך בין דאָ דער האַר און דאָס איז מיין רצון.

איר זייט משוגע געוואָרן? מיר האָבן זיך עס דאָ צונויפגעזאַמלט, פירן אַ וויכוח וועגן ניקעישע סימבאָלן פון אמונה? אדרבא, איך האָב ליב אַ וויכוח, אָבער איר האָט דאָך געקענט אויסקלייבן אַ לייטישערע טעמע. וואָס רעדט איר ניט וועגן די מעלות פון בורגונדישן וויין און וואורשט, וואָס רעדט איר ניט וועגן ממשות־דיקע זאַכן, וועלכע מען קען עסן און טרינקען? עס איז פשוט ניט אָנשטענדיק ביים טיש צו ריידן וועגן גאָט, דעם הייליקן גייסט און נאָך אַזעלכע גרויסע לייט. זאָל זיך יעדער איינער גלייבן, אין וואָס ער וויל... אין קלויסטער, געבעט־הויז, אין שול, אין וואַלד, אָדער הייל... אָבער ביים טיש... גלייב איך בלויז אין באָרשטש, וואָס איז פאַרזוייסט מיט חזיר־שמאַלץ!

ווייסט איר וואָס, גיט אייך די הענט! צעקושט אייך, חברה! צו וואָס זאָלט איר פאַרשטערן דעם נאָמענטאָג פון הייליקן ני־קאָלאַי אין הימל, און פון אייער אַלטן פאָטער קאָליאַ אויף דער ערד?

זיי זיינען אָנטשוויגן געוואָרן, האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ און מען האָט געזען, אַז זיי האָבן חשק זיך צו צעלאַכן. דער ערשטער האָט אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער מישעלעכל, ער האָט דערלאַנגט פראַנסיסן די האַנט און אַ זאָג געטאָן: — אַהער די באַקן... וועל איך אין זיי אַריינקנאַקן! זיי האָבן זיך אַרומגענומען!

— מאַרטינעטע! פאַר אונזער געזונט! — האָב איך אויס־געשריען. — מיר האָבן אויסגעטרונקען.

אין אותו רגע האָב איך באַמערקט, אַז איך האָב זיך ביים צע־האַקן דעם קרוג, צעקאַלעטשעט די האַנט. עטלעכע טראָפּנס בלוט זיינען אַראָפּ אויפן טישטעך. אַנטואַן, תמיד אַ פייערלעכער, האָט מיך גענומען פאַר דער האַנט, אָפּגעווישט דאָס בלוט מיטן ברעג גלאָז און אַ זאָג געטאָן מיט פּאָמפּע:

— כדי צו פאַרפעסטיקן דעם שלום, וועלן מיר אַלע פיר צו־זאַמען אויסטרינקען דאָס גלאָז וויין.

— אַנטואַנעלע! מאַך ניט קאַליע דעם וויין! — האָב איך אויסגעשריען, — פי! עקלהאַפּט! טרינק ניט דאָס שמוץ...

מיר האָבן גענומען איינמאָל צו ביסלעך, נאָכאַמאָל און אַ

דריט מאָל און קיין סכסוכים וועגן טעם פון ווייַן איז ניט געווען. נאָכדעם, ווי זיי זיינען אוועק, האָט מאַרטינעטע מיר פאַרבונדן די האַנט און אַ זאָג געטאָן:

— אַלטער בעל-עבירהניק! דאָס מאָל האָט זיך דיר איינגעגעבן!

— וועגן וואָס רעדסטו? — האָב איך זי אַ פרעג געטאָן — אפשר וואָס כ'האָב זיי איבערגעבעטן?

— ניין, איך מיין עפּעס אַנדערש.

— נו? וואָס אַזוינס?

זי האָט אַ ווייז געטאָן אויף די שערבעלעך פון קרוג אויפן טיש.

— מאַך נישט קיין אָנשטעל... דו ווייסט זייער גוט וואָס איך רייד... זיי זיך מודה... זאָג מיר אויפן אויער... איך זאָג דיר צו, אַז ער וועט זיך קיינמאָל ניט דערוויסן...

איך האָב זיך פאַרטיידיקט, געמאַכט זיך כי לא ידע, דאָס געלעכטער האָט מיך אָבער געשפּאַרט...

זי ווידער האָט געחזרט:

— בעל-עבירהניק, גזלן, רוצח...

איך האָב לסוף אַ זאָג געטאָן:

— ער איז געווען אַזאַ העסלעכער... איך האָב ניט געקענט אויסהאַלטן... איינער פון אונז האָט געמוזט פאַרשווינדן!

— דער, וואָס איז געבליבן, איז אויך ניט אַזאַ שיינהייט!

— אוודאי... האָב איך געענטפערט — אוודאי, אָבער, פאַרשטייסטו מיך, דעם צווייטן זע איך ניט... איך בין כאָטש ניט מחוייב כסדר אויף אים צו קוקן...

*       *

*

## ערב ווייַנאַכט.

דאָס יאָר רוקט זיך שטיל, אומבאַמערקט. עס עפנט זיך די

טיר און פאַרמאַכט זיך צוריק צו. ווי פאַלבן פון עפּעס אַ דינער סחורה, לייגן זיך די טעג אויס אינם טיפן קאַסטן פון דער נאַכט: זיי קאָרטשען זיך איין, קנייטשן זיך צונויף און הייבן ווידער אָן אַרויסצוגיין, לענגער צו ווערן, אַזוי, אַז אויף ניי-יאָר ווערן זיי גרעסער אויף אַ האָזן-שפּרונג. איך זע שוין דורך אַ שפּאַרע דאָס דאָזיקע נייע יאָר.

איך זיץ איינער אַליין אונטער דעם שויב-גרובּן פון גרויסן קאַמין. עס קומט האַלבּ-נאַכט, אין אַ מינוט אַרום וועט זיין ווייַנאַכט, אַ גרויסער טאָג, אין וועלכן עס הערשט

די פרייד פון יעדן וועזן,
פייגעלעך פליען אין הימל אַרויף
און לויבן יעזוסן אָן אַ סוף...

איך בין אַליין, דאָס ערשטע מאָל בין איך ניט געגאַנגען אויף דער פאַסטוך-תפילה און איך זיץ מיט דעם הונט ציטרינדל און מיט דער קאַץ פאַנטאַפּאַן. מיר טרוימען, כאַפּן אַ דרעמל. איך קיי איבער די אָוונט-זכרונות. מיט אַ שעה צוריק זיינען געווען לעבן מיר די טאָכטער מיטן איינִיקל. איך האָב קלאָטעלען דערציילט מעשיות וועגן מכשפות, וועגן מיאוסן קאַטשקעלע, וואָס דער שטן פּרוּווט אויס, וועגן יינגל-צינגל-כוואַט, וועגן בחורל מיטן הענדל, וואָס איז געוואָרן אַן עושר, זאָגנדיק פאַר גוטע וועטערן די ערד-אַרבעטער און זי האָט פאַרגאַפט זיך צוגעהערט צו אַלץ... מיר האָבן זיך זייער גוט געווײַלט. די אַלטע און די יונגע האָבן זיך צוגעהערט צו די מעשיות און יעדער איינער האָט פון זיך עפּעס מוסיף געווען. דערנאָך האָבן מיר געשוויגן, זיך צוגעהערט, ווי דאָס וואַסער קאָכט אין טאָפּ, געקוקט ווי דער פראָסט מאַכט וואונדערשיינע מוסטערן אויף די שויבן, אָדער זיך צוגעהערט צום גרילן פון דער גריל אין דער וואַנט. אָ, ווי וואונדערלעך ס'איז די ווינטער-נאַכט... ווי היימיש און וואַרעם עס איז צווישן אייגענע, ווי אָנגענעם עס איז צו בלאָנזשען מיטן געדאַנק אין די מרחקים, וויסנדיק אַז מען וועט צוריק אַהיימקומען...

איך זיץ און מאַך אַ סך-הכּל פון פאַרגאַנגענעם יאָר. איך שטעל פעסט, אַז אין משך פון זעקס חדשים האָב איך אַלץ פאַר-

לאָרן: דאָס ווייב, דאָס הויז, דאָס געלט און לסוף דעם פּוס. דער גרעסטער חידוש איז אָבער דאָס, וואָס ביי די אַלע היזיקות פאַרמאָג איך צוריק אַלץ, וואָס פריער: איך פאַרמאָג געזונט, פרישקייט פון מוח און גייסטיקע רו. איך וואָלט מיט אַ יאָר צוריק ניט געגלייבט, אַז איך וועל דאָס אַלץ איבערטראָגן אַזוי לייכט. האָב איך דען ערשט ניט-לאַנג ניט געשוואוירן, אַז ביזן טויט וועל איך זיין באַלעבאָס אויף מיין אייגן מיסט, אַז איך וועל בלייבן אומאָפּהענגיק און דאַנהן וועגן זיך און אייגענע המציאות. אַ מענטש טראַכט, און גאָט לאַכט... אַלץ איז אַוועק אַנדערש, ווי איך האָב געוואָלט און דאָס איז טאַקע גוט! אַ מענטש איז אַ ערלעך בהמהלע, ער קען זיך צו אַלץ צופּאַסן, ווערט געוויינט צום אומגליק און יסורים, צו שפע און הונגער. גיב אים פיר פיס, נעם אים צו דריי, מאַך אים טויב, בלינד, שטום, ער וועט זיך תמיד ווי עס איז אַן עצה געבן, ער וועט ריידן, הערן און זען.

ער איז ווי וואַקס אין די הענט פון גייסט, וועלכער מאַכט מיט אים אַלץ, וואָס ער וויל. אַ, סאַך אַ מחיה צו פילן די נאָכגי-ביקייט אין זיך, סאַר אַ תענוג צו וויסן, אַז מען קען זיין אַ פיש אין וואַסער, אַ פויגל אין דער לופטן, אַ סאַלאַמאַנדרע אין פייער, און אויף דער ערד אַ מענטש, וואָס קעמפט מיט כלערליי סתירות. וואָס וויניקער מען פאַרמאָגט, אַלץ מער עושר איז מען, מחמת דער גייסט הערשט דעמאָלט פרייער איבערן חומר און שאַפט דאָס, וואָס ער דאַרף. אַ געדיכטער בוים וואַקסט בעסער אינדערהויך, ווען מען מאַכט אים שיטערער די צווייגן...

ס'איז שטיל... עס קלינגט האַלב נאַכט:

אין יאַסלעס ליגט ער... שמייכלען שיקט ער...

איך זינג די וויינאַכטלידער, איינס, דאָס צווייטע... דערנאָך באַהערשט מיך אַ דרעמל...

וואָס וויינייקער מען האָט, אַלץ מער עושר...

* *
*

## דריי קיניגן.

איך בין גאָרניט קיין קליינער לץ. וואָס וויניקער איך האָב,

אַלץ מער עושר בין איך. איך האָב עס שוין באַמערקט אין ווייַ־נאַכט, און איצט ווייס איך אויף זיכער, אַז עס איז אַזוי. פאַרוואָס? איך בין געוואָרן אַ פּאַראַזיט, כ׳קען לעבן אויפן חשבון פון יע־נעמס גליק, איך האָב עשירות אָן שום מי. איך מאַך חוזק פון די פּאַטערס, וואָס גיבן אַלץ אַוועק די קינדער, דערנאָך זיינען זיי אין שטוב אַ שטער, מיט וועלכן מען וואַרפט זיך כסדר. די פּאַ־טערס זיינען לחלוטין אומגעלומפּערטע און באַגרענעצטע ברואים. קיינמאָל האָט מיך מיין משפחה ניט ליב געהאַט, ניט געראַנגהט וועגן מיר, ווי דווקא דעמאָלט, ווען איך בין געוואָרן אַן אָרעמאַן. אָהאָ! איר ווייסט, פאַרוואָס? דערפאַר, ווייל איך בין ניט געווען קיין טיפּש און האָב זיך ניט געלאָזט אַלץ אַרויסרייסן. איך האָב פאַרלאָרן מיין פאַרמעגן, דאָס איז אמת, ס׳איז מיר אָבער געבליבן דער אוצר פון חדווה, דער גרויסער אוצר, וואָס איך האָב אַ פּרוטה צו אַ פּרוטה געזאַמלט אין משך פון מיינע לאַנגע נסיעות, שפּאַ־צירן, דורך דער לענג און דער ברייט פון לעבן, דורך די פליינען פון מילדקייט, שמחה און רשעות, דורך די תהומות פון טיפער חכמה פון אַ משוגענעם און משוגעתן פון אַ חכם, וואָס האָט ליב דאָס גאַנצע זיין.

איך האָב צונויפגעזאַמלט אומגעהייערע רעזערוון, וואָס עס איז אוממעגלעך אויסצושעפּן. זאָלן אַלע שעפּן וויפיל זיי ווילן, וועט עס קלעקן אויף גאַנצע יאָרן. איך נעם דאָס און יענץ פון מיינע קינדער, און גיב זיי מיט פולע גאָרשטשן מיינע אוצרות און... אַלץ איז אין אָרדענונג.

ווער עס וויל זען אַ מלך אָן אַ מלוכה, „יאָהאַנען אָן אַ לאַנד", דעם גליקלעכן מענטש, זאָל איצט אויף מיר אַ קוק טאָן, בשעת איך זיץ אויף דעם כסא־המלוכה און פיר אָן מיט דער סעודה. היינט האָבן מיר דריי קיניגן. מיטאָגצייט איז געקומען אויף אונ־זער גאַס די חברה פון די דריי מכשפים. זיי זיינען געפאָרן אין אַ פּרעכטיקן רייטוואָגן, וואָס עס האָבן געשלעפּט זעקס פּאַסטעכ־לעך מיט זעקס ווייס אָנגעטוענע פּאַסטושקעס. אַלע האָבן געזונ־גען און די הינט האָבן אַקאָמפּאַנירט, שפּילנדיק אויף זייערע נאַ־טירלעכע כלים.

איצט איז אָוונט-צייט, איך זיץ ביים טיש, און אַרום מיר אַלע מיינע קינדער מיט די אייניקלעך: צוזאַמען מיט מיר... דריי-סיק שטיק, און אַלע שרייען אין איין קול: דער קיניג ווייזט זיך!

דער קיניג, דאָס בין איך. איך טראָג אויפן קאָפּ אַ קרוין, אַ בלעכענע פאָרם אויף פּאַשטעטן. מיין מלכה איז מארטינעטע. ווי אין דער הייליקער ביבל שטייט געשריבן, האָב איך אויך חתונה געהאַט מיט מיין אייגענער טאָכטער. ביי יעדער מזל נעמען אַ ביסל משקה, פּאַטשן אַלע אין די הענט, און איך ווידער לאַך און שלינג... איך האַלט אפשר אַביסל קרום דאָס גלאָז, אָבער דאָס איז שטותים... איך האָב נאָך לעת-עתה קיין איין טראָפּן ניט פאַרלאָרן.

די מלכה טרינקט אויך, און גיט אגב צו טרינקען איר קליין עופעלע, וואָס כאַפּט גיריק די רויטע מאַנדלען פון איר ברוסט, לאָזט זיי אָפּ, מאַכט קולות, זינגט ווידער, רעדט עפּעס און דרייט מיטן זאַדיקל. דער הונט אונטערן טיש בילט און וואָרטשעט, און די קאַץ אַנטלויפט אַן אָנגעשפּיצטע מיט אַן אויסגעבויגענעם רוקן, טראָגנדיק אַוועק אין די ציין אַ געשמאַקן ביין.

איך טראַכט אויפן קול (כ'האָב פיינט צו טראַכטן אין דער שטיל): דאָס לעבן איז אַ גוטע זאַך... אָ, יאָ! טייערער פריינט, דער גאַנצער חסרון איז דאָס, וואָס עס דויערט צו קורץ, אַ מענטש באַקומט ניט זיינס. ווער אפשר עמעץ זאָגן:

— באַקלאָג זיך ניט! זיי צופרידן פון דער פּאָרציע, וואָס מען האָט דיר אָוועקגעשטעלט!

— מסכים! איך לייקן ניט... איך בעט אָבער נאָך אַ פּאָרציע... וואָס אַ גרעסערע!

און ווער ווייס? אויב איך וועל ניט שרייען צו הויך און זיך האַלטן לייטיש, אפשר וועל איך באַקומען... כאָטש אַ קליי-נעם דעסערט...

האָ... האָ... ווי טרויעריק עס איז אָבער! וואו זיינען אהינ-געקומען די אַלע טיכטיקע לייט... אונזער היינריכל דער טייערער, וואו איז אונזער לואי:...

קוים בין איך שוין אַרויף אויפן שטעגל פון זכרונות, רייד איך, רייד, רייד, און בייג זיך אַלע ווייל אין נאָך עפּעס אַ בלאַט,

וואָס איז אַראָפּגעפּאַלן פון לעבּנסבּוים. איך דערצייל מעשיות אָן אַ סוף, און זיי הערן זיך אַזוי בּתמימותדיק איין. צייטנווייז אפילו, ווען עס פעלט מיר אַ וואָרט, אָדער איך בּין זיך טועה... שושקען זיי זיך: דעמאָלט כאַפּ איך זיך אויף, ווי פון שלאָף, און איך כאַפּ אונטער די בּייזע שמייכלען.

— אַזוי, אַזוי, טאַטעשי! — זאָגט דער, אָדער יענער, — גוט געווען, ווען מען איז אַלט געווען אַ יאָר צוואַנציק. די ווייבּלעך זיינען שענער געווען און געהאַט גרעסערע... בּוזעמס, די מאַנסלייט ווידער האָבּן געהאַט הערצער אין די בּרוסטן און דאָס איבּעריקע... וואו מען דאַרף. כ'וואָלט אייך מכבּד געווען אַ זוך צו טאָן אויף אונזער ליבּן הייגריכלען און דעם טייערן לואיכל...

— סטאָפּ! — גיבּ איך אַ געשריי. — איר מאַכט אייך, זע איך, חוזק פון אייער קיניג, מיינע טייערע קנעכט! איך זאָג גאָר־ניט, אַז די וועלט האָט ניט געהאַט איר „אָבּער", דעמאָלט. ווען איך בּין אַלט געווען אַ יאָר צוואַנציק. איך זאָג אויך ניט, אַז היינט איז ניטאָ ווער עס זאָל זייען, פלאַנצן, אַרומגראָבּן און קלייבּן! איך ווייס, אַז מענטשן קומען צו, אַז דער בּוים, פון וועלכן מען פאַבּריצירט היינט בּורגונדער, איז האַרט, פראָסט און געזונט. איך זאָג בּלויז, אַז עס זענען אָנגעקומען אַנדערע צייטן מיט אַנדערע מענטשן. איך זאָג דרייסט, אַז עס זיינען ניט פאַראַן שוין קיין הייגריכס מיט קיין לואיס, און דאָס איז אַן אמת! קאָליאַ, ווער אָבּער ניט אַזוי סענטימענטאַל. זע, זאָלסט ניט לאַנגווייל דעם עולם. מען טאָר ניט אייביק איבּערקייען איין און דאָסזעלבּע היי, אָקס אַלטער. היינט איז אַנדער ווין, זאָגסטו! דאָס איז אמת, דער ווין איז אָבּער גוט! לאָמיר־זשע דעריבּער טרינקען: לחיים, פאַרן קיניג דעם שיכור, לחיים, פאַר דיר, מיין שיכור פאָלק!

איך וועל אייך נאָך איין וואָרט זאָגן. אַ גוטע זאַך אַ מלך, ניטאָ אָבּער קיין בּעסערער מלך פאַר מיר. לאָמייר זיין פריי! לאָ־מיר ערלעך האַלטן אונזערע געזעצן, די מלכים אָבּער לאָמיר שיקן אויף פּאַשע! ס'וועט פאַר אונז קלעקן אָנשטאָט די אַלע גרויסע לייט, די ערד בּלויז, אונזער מעכטיקסטע האַרינטע. וואָס דאַרפן מיר טרוי־מען? יעדער איינער דאַרף האָבּן אַן אָרט אונטער דער זון, יעדער

איינער האָט רעכט אויף זיין אייגענעם שאָטן. א שטיקעלע ערד צו דער אַרבעט און א גלעזעלע וויין זיך צו טרייסטן, און פּטור.
ווען דער קיניג זאָל קומען צו מיר מיט א באַזוך, וואָלט איך אים א זאָג געטאָן כּהאי לישנא:
— זעץ זיך! איך באַגריס דיך און טרינק פאַר דיין געזונט, טייערער קוזין מיינער. א קיניג צו א קיניג איז דאָך גלייך, בפרט נאָך אין יום־טוב פון די דריי קיניגן... אחוצדעם, זיי ווייסן, אַז יעדער פראַנצויז אויף זיין אייגן מיסט איז א קיניג...

